געווידמעט לזיכרון די אַלע טיפֿן,
פֿאַרשווינען, וועלכע לעבן שוין ניט.
דער גרעסטער טייל אומגעקומען
על קידוש השם.

# אַ וואָרט פון מחבר

שרייבן זכרונות איז געוויס ניט דאָס זעלבע ווי שרייבן אַ ראָמאַן, אַ נאָ־וועלע. עס פּליסט ניט אַזוי ווי אַ שטילער שטראָם וואַסער. קוקנדיק רעטראָספּעקטיוו מישן זיך די געדאַנקען, עס לויפן פּאַסירונגען און דער חשובער לייענער וועט געוויס זיך אַנשטויסן אויף איבערחזרונגען. דאָס איז אָבער אַמאָל אומפאַרמיידלעך.

ווי מיר ווייסן איז די יידישע שפּראַך אין אָנהייב 20־טן יאָרהונדערט געווען אַ פּשוטע, אַ זשאַרגאָניש־דייטשמערישע, דער אויסלייג פון זאַץ איז ניט לויטן אויסלייג פון ייוו״אָ, ווי מיר קענען עס היינט. איך האָב דעריבער באַשלאָסן צו האַלטן זיך אין געוויסע ערטער לויט דער שפּראַך פון אַמאָל, לויטן בוי פון זאַץ פון אַמאָל, ווי מען האָט עס גערעדט אין אונדזער שטעטל און אין די אַרומיקע שטעטלעך וווּ מיר איז אויסגעקומען צו לעבן. דער מיין איז געווען צו ריידן אין דער שפּראַך פון די פּשוטע, ערלעכע און גוט־האַרציקע יידן פון יענער צייט אין מזרח־אייראָפּע.

אויב מיינע חשובע לייענער וועלן געפינען זאַצן, ווערטער ניט לויט דער מאָדערנער אָרטאָגראַפיע און אויסלייג פון היינט, בעט איך מיר מוחל זיין. און זאָלן די דעראינערונגען זיין אַ מצבה לזיכרון די יידן־קדושים, וואָס זיינען אומגעקומען על קידוש־השם מיט דעם פּשוטן יידיש אויף זייערע ליפּן, וואָס זיי האָבן דעמאָלט באַנוצט.

די הכנסה פון בוך ווערט געשענקט לטובת קולטור־געזעלשאַפטלעכע אינסטיטוציעס אין יאָהאַנעסבורג און אין אנדערע גרעסערע יידישע צענ־טערס.

# א ר ײ נ פ י ר

אין פֿאַבריקן יאָרהונדערט איז געווען אָנגענומען אז באַלמעלאָכעס, ספּעציעל שמידן, שניידערס און שוסטערס, זיינען שטענדיק געווען פֿאַררעכנט פֿאַר עמי־הארצים און גראָבע יונגען. נאַטירלעך זיינען אויך געווען אויסנאַמען, אָבער מיט זיי האָט זיך קיינער ניט גערעכנט. ווילט זיך מיר פֿאַרצייכענען איניקע פֿאַקטן פֿון מיין משפחה, פֿון מיין מאַמעס צד:

מיין מאַמעס זיידע, ר׳ שכנא זאַריטעווער, איז געווען אַ שמיד און האָט זיך אויך פֿאַרנומען מיט לאַנדווירטשאַפֿט אין דאָרף זאַריטעווע, וואָס איז געלעגן ניט ווייט פֿון די שטעטלעך קלעצק און לעכעוויטש. דעריבער האָט מען אים טאַקע גערופֿן ר׳ שכנא זאַריטעווער.

ר׳ שכנא איז געווען דער עלטסטער פֿון דער משפחה. אחוץ שמידעריי האָט ער אויך פֿאַרמאָגט אַ קליינע נחלה אין דאָרף, וואָס איז באַשטאַנען פֿון צען מאָרגן לאַנד, אַ שטוב, אַ שטאַל און אַ שייער. אין זיין פֿרייער צייט פֿלעגט ער תמיד זיצן על התורה ועל העבודה — איבער דער בלאַט גמרא.

ער איז געווען באַוווּסט אין דער גאַנצער געגנט — סיי צווישן יידן און סיי צווישן קריסטן — ווי אַ גרויסער למדן און אַ גרויסער צדיק. ביי די גוים איז געווען אַ זכיה, אז ר׳ שכנא האָט זיך געפֿריינדלט מיט זיי. זיי זיינען געווען איבערצייגט אין זיין הייליקייט און פֿלעגן איינער דעם צווייטן איבערגעבן, „אז אויפֿן באָדן ווו ר׳ שכנא טרעט, דאָרט וואַקסט גוט און ס׳איז אַ געבענטשטער“.

זיין זון לייזער, מיין מאַמעס פֿאָטער, איז אויך געווען אַ שמיד. „יעדער מענטש“, האָט ער געזאָגט, „מוז קענען אַ פֿאַך. אַ מלאכה“, — פֿלעגט ער זאָגן — „איז אַ מלוכה און מיט קיין ארבעט איז ניטאָ וואָס זיך צו שעמען“. די שמידעריי איז אויך איבערגעגאַנגען צו זיין אייניקל, ר׳ לייזערס זון יואל־חנן, מיין מאַמעס ברודער, וואָס האָט ביזן טיפֿן עלטער זיך פֿאַרנומען מיט

שמידעריי. נאָך דער ארבעט פלעגט ער ביז שפּעט אין דער נאַכט, ביי אַ נאַפט־לעמפּעלע, זיצן און לערנען.

די לעצטע יאָרן פון זיין לעבן האָט זיך ר׳ יואל־חנן איבערגעקליבן קיין קלעצק. דאָרט האָט ער זיך אין גאַנצן איבערגעגעבן דאָס לערנען. טעג און נעכט איז ער געזעסן איבער דער גמרא, געלערנט פאר זיך און אויך גע־זאָגט בלאַט פאר יידן אין בתי־תפילות. אין קלעצק איז ער געווען פאַר־רעכנט פאַר אַ גרויסן למדן און אַ צדיק. זיין חשיבות איז אזוי געוואַקסן פאר דער קורצער צייט וואָס ער האָט געלעבט אין קלעצק, אז די קהילה האָט פאַר אים באַשטימט אַן „אוהל" אויפן בית־הקברות.

מען דערציילט, אז ווען אין קלעצק איז נפטר געוואָרן אַ רב (קלעצק האָט געהאַט אייניקע רבנים), איז געווען אַ מיינונג מען זאָל דעם רב באַ־ערדיקן אין „אוהל", וואָס איז באַשטימט געווען פאַר ר׳ יואל־חננען, האָט אָבער די מערהייט פון שטאָט דערצו ניט דערלאָזן, און דער „אוהל" איז געבליבן פאַרן צדיק ר׳ יואל־חננען, אחרי מאה ועשרים.

ר׳ יואל־חנן האָט באַוויזן, אז מען קאָן זיין אַ „סנדלר" און גלייכצייטיק אַ „ר׳ יוחנן". מען קען זיין אַ שמיד און גלייכצייטיק אַ ר׳ יואל־חנן. דעריי־בער איז ער געווען דערפאַר, אז זיינע שוועסטערס זאָלן זיך משדך זיין מיט באלמעלאָכעס, אָבער פון יראי־שמים משפחות. דאָס האָט טאַקע גורם גע־ווען, אז זיין שוועסטער, מיין מאַמע באַשע, זאָל חתונה האָבן מיט אַ שוסטער, אַ פרומער און א ירא־שמים.

דאָס זיינען קורצע פאַרצייכענונגען וועגן מיין מאַמעס משפחה. וועגן מיין טאַטנס משפחה וועל איך שרייבן באריכות, ווייל איך האָב געלעבט צווישן זיי.

## פאַרוואָס, אָ גאָט?!

װען איך מיש אויף מיינע גאָר ערשטע בלעטער פון מיין זיכרון, דער־מאָנט זיך מיר אונדזער קליין שטיבעלע מיטן אָפּגעצוימטן אַלקער, ווו מיין טאַטע־מאַמע זיינען געשלאָפן צוזאַמען מיט אונדזער קליין שוועסטערל, רייזעלען.

עס איז דאַן געווען אַ שרעקלעך קאַלטער ווינטער. די פרעסט, שנייען און זאַווערוכעס האָבן פאַר אַ לאַנגער צייט ניט אָפּגעלאָזן. און ווי קליין אונדזער שטיבעלע איז געווען, און ווי גרויס דער ליימענער אייוון איז געווען, האָט עס דאָך ניט געקענט דערוואַרעמען אונדזער קליינע דירה.

עס האָבן ניט געהאָלפן די טאָפּל־פענצטער מיט די ארומגעקלעפּטע פּאַפּירן. עס האָבן אויך ניט געהאָלפן די ארומגעלייגטע שמאַטעס ארום דער איינציקער טיר, וואָס ס'האָט געפירט צו נאָכע דעם באַלעגאָלעס פאָדער־שטוב. ביים עפענען די טיר פלעגט אַ קאַלטע כוואַליע לופט זיך אריינקייקלען

אויף דער ערדענער, מיט געלן זאַמד־באַשאָטענער פּאַדלאָגע, זיך דער־קייקלען ביזן איוון און זיך לאַנגזאַם אויפהייבן צום סופיט, זיך אויסמישנדיק מיט דער וואַרעמער לופט. דאָס איינציקע פענצטער איז געווען פאַרקאָוועט און באַדעקט מיט פראָסטיקע אוזאָרן און בלומען, ווי א גרויסער קינסטלער וואָלט אויף זיי אויסגעמאָלט פאַרשיידענע קווייטן.

איך בין אין יענע טעג אין חדר ניט געגאַנגען. מיין מאַמע האָט ניט געקאָנט פועלן ביי זיך ארויסצולאָזן מיך אין אזוינע פרעסט מיט צעריסענע שטיוועלעך פון וועלכע עס האָבן ארויסגעשטאַרצט, מיט שמאַטעס פאַר־וויקלטע שפּיצן פינגער. פאַר מיין שטרענגן טאַטן וואָלט עס אפשר קיין תירוץ ניט געווען, אָבער אין יענע טעג האָט ער אראָפּגענומען די השגחה איבער מיר, ווייל ער איז געווען צופיל פאַרנומען מיטן זאָגן תהילים און בעטן גאָט, אז אונדזער קלענסטע שוועסטערל רייזעלע זאָל געזונט ווערן פון איר שרעקלעכער פאַרקילונג, פון וועלכער דער הוסט האָט איר, נעבעך, ניט אָפּגעלאָזט.

צו רופן דעם איינציקן ד״ר מושקאָט, וועלכער איז געווען א גרויסער, בייזער פריץ, איז קיין געלט ניט געווען. מיין טאַטע, געדענק איך, האָט קוים צונויפגעשאַרט עטלעכע זילבער־מטבעות אויף צו ברענגען ישראל דעם רופא, וואָס האָט זיך געהאַלטן פאַר אַ גרויסן דאָקטאָר. און סיי ווי וואָלט ער ניט דערלאָזן, אז נאָך אים זאָל מען רופן דעם ד״ר מושקאָט. דאָס וואָלט פאַר אים געווען די גרעסטע באַליידיקונג, אזוי אז עס איז שוין גאָר קיין פראַגע ניט געווען צו רופן ד״ר מושקאָט.

דאָס קינד איז פון טאָג צו טאָג אַלץ ערגער געוואָרן און ביים הוסטן האָבן זיך גענומען באַווייזן רויטע פלעקן אין דעם לייבעך. מיין מאַמע און מיין עלטערע שוועסטער עטל זיינען באַשטאַנען, אז מען מוז וואָס שנעלער רופן דעם דאָקטאָר. מ׳וועט זיך פאַרשולדיקן, אָבער מען מוז ראַטעווען די שיינע רייזעלע, וואָס איז געלעגן ווי אַ בליענדיקע רויז מיט פאַררויטלטע בעקעלעך פון דער הויכער טעמפּעראַטור, ניט אויסריידנדיק קיין וואָרט, נאָר די גאַנצע צייט אויסגעהוסט איר נשמהלע. מיין פרומער טאַטע אָבער האָט זיך איינגעשפּאַרט, אז ער וועט ניט לאָזן רופן ניט דעם דאָקטאָר מושקאָט און ניט ישראל דעם רופא.

„מיר האָבן אַ גאָט אין הימל, ער איז דער בעסטער רופא־חולים, ער וועט זיך דערבאַרעמען איבער אונדז און דאָס קינד וועט געזונט ווערן״.

מיט גרויס ביטחון פלעגט ער אוועקשפּאַנען אין בית־מדרש, זיך פאַרקלייבן אין אַ ווינקל און אויסוויינען זיינע תפילות צום רבונו־של־עולם, ער זאָל אים העלפן און צושיקן אַ רפואה שלמה פאַר רייזעלען. ער איז געווען זי־כער, אַז גאָט וועט צוהערן זיין געבעט און רייזעלע וועט געזונט ווערן.

פון בית־מדרש פלעגט ער קומען אַן אויסגעווייקטער אין טרערן. אָבער, ווי אַן אַקטיאָר אויף דער בינע, פלעגט ער כלומרשט אַרויפּציען אויף זיך אַ פריילעכע מינע, פונקט ווי ער וואָלט געבראַכט אַ פאַרזיכערונג פון גאָט אַליין, אַז רייזעלע וועט געזונט ווערן.

איין פרימאָרגן, ווען דער טאַטע איז געקומען פון דאַוונען און פון אריינ־כאַפּן עטלעכע קאַפּיטלעך תהילים, און האָט אַריינגעקוקט אין רייזעלעס אָפענע בלויע אייגעלעך, האָט ער מיט פרייד און התלהבות אויסגערופן צו דער מאַמען:

„באַשע, מיינע תפילות זיינען אָנגענומען געוואָרן! קוק זיך נאָר איין אויף רייזעלען! זי האָט געעפנט אירע אייגעלעך און מיר דוכט זיך, אַז איר בליק איז גאָר פרייער געוואָרן. דאָס הוסטן איז אויך זעלטענער געוואָרן. עס האָט איר אַ ביסל אָפּגעלאָזט די וואַרעמקייט און איך בין זיכער, אַז דער קריזיס איז שוין פאַרביי און דאָס קינד וועט, אם ירצה השם, געזונט ווערן. גאָט האָט רחמנות געהאַט אויף אונדז און האָט שוין ניט געקענט צוזען מיינע טרערן. גאָט, באַשע, איז אַן אל רחום וחנון!"

אַ פריידיקע וואַרעמקייט האָט זיך דורכגעריסן אויף אונדז אַלעמען אין שטוב אין רעכטן מיטן פון ברענענדיקן פראָסט. דאָס ערשטע מאָל אין מיין יונגן לעבן האָבן מיך טרערן פון פרייד גענומען שטיקן. איך וועל צוריק האָבן מיין ליבע שוועסטערל אַ געזונטע, אַ לעבעדיקע מיט איר הילכיקן קינדערשן געלעכטער — האָב איך געטראַכט.

און באמת, רייזעלע האָט געעפנט אירע אויגן־אַפּלען און אויף יעדן פון אונדז געקוקט אַזוי ליבלעך, אָבער מיט אומעטיקע אייגעלעך. די רויטע פלעקן אויף אירע בעקעלעך זיינען בלייכער געוואָרן, דער הוסט האָט אַ ביסל אָפּגעלאָזט און פון אונדזער מאַמעס פּנים האָט זיך אָפּגעטאָן דער אומעט, זינט רייזעלע איז קראַנק געוואָרן, און עס האָט זיך אפילו באַוויזן אויף איר פּנים אַ לייכטער שמייכל. רייזעלע האָט שוין גענומען טועם זיין אַ ביסעלע זיסע טיי און אויף אירע פאַרטריקנטע און פאַרשמאַכטע ליפּעלעך האָט זיך באַוויזן אַ קינדיש־ראָזער קאָליר.

* * *

אזוי האָט עס אָנגעהאַלטן ביז שפּעט נאָך האַלבן טאָג. ווען דאָס ליכט פון קורצן ווינטער־טאָג האָט גענומען אָפּטרעטן דאָס אָרט פאַרן בין־השמשות, האָט זיך אונדזער רייזעלע גענומען פילן ערגער. זי האָט מיט אַמאָל באַקומען גרויסע היץ און איר הוסטן, קרעכצן און וויינען האָט געמאַכט אַן איבערקערעניש אין שטוב. די מאַמע האָט גענומען ברעכן אירע הענט און וויינען אין דער שטיל. מיר, קינדער, זיינען געבליבן יעדער מיט זיינע אומעטיקע מחשבות.

„וואָס טוט מען, וואָס טוט מען?" האָט זיך ביי דער מאַמען ארויסגעריסן אַ געוויין. צו רופן ישראל דעם רופא איז שוין געווען שפּעט. וועגן דאָקטאָר מושקאַט איז גאָר קיין רייד ניט געווען אין אַזאַ שפּעטער שעה. און ווען מען רופט אים איצט וואָלט ער סיי ווי ביינאַכט ניט געקומען, נאָר צוגעזאָגט אז ער וועט קומען מאָרגן פרי. דער טאַטע האָט זיך ווי אַן עפּעס דערמאָנט און איז אַוועק אין בית־מדרש צו מנחה־מעריב. געקומען צוריק איז ער שפּעט אין אָונט. וועגן עסן וועטשערע, ווי אַלע נאַכט, ווען דער טאַטע פלעגט קומען פון מעריב, איז קיין רייד ניט געווען. מיטן תהילים אין האַנט האָט ער זיך פאַרקליבן אין אַלקער ווו רייזעלע איז געלעגן, און האָט גענומען זאָגן תהילים קאַפּיטל נאָך קאַפּיטל.

דער אומעטיקער ניגון פון תהילים־זאָגן האָט זיך פארשפּרייט אין אַלע ווינקלען פון שטיבל און האָט אָנגעוואָרפן אַן אומעט אויף אונדז, קינדער. די מאַמע איז געזעסן לעבן רייזעלען, ניט אראָפּגענומען אירע אויגן פון איר און האָט דורכגעלעבט יעדע באַוועגונג פון איר פּנימל. שפּעט אין אָונט איז רייזעלע איינגעשלאָפן — מסתמא מיד געוואָרן פונעם הוסטן און וויינען דעם גאַנצן אָונט. די מאַמע האָט דעם טאַטן אויף שטום־לשון געבעטן ער זאָל אויפהערן מיט זיין תהילים־זאָגן, כדי ניט אויפצוועקן רייזעלען. אונדז, קינדער, האָט זי אויף שטום־לשון געהייסן זיך לייגן שלאָפן. שטילער־הייט האָט זי אונדז צוגעטראָגן יעדערן זיין חלק וועטשערע און בחיפזון האָבן מיר אויפגעגעסן דאָס אָרעמע געקעכטס, וואָס זי האָט יעדן צוגעטיילט.

איך, מיט מיין יונגינקן מוחל, האָב בשום אופן ניט געקאָנט באַנעמען וואָס דאָ קומט פאָר. פאַר מיין קורצער צייט זייענדיק אין חדר האָט שוין מיין רבי, אַחוץ קנעלן מיט מיר דעם אלף־בית, אויך באַוויזן אריינצוהאַמערן אין מיין יונגן קעפּל די הויפּט־געבאָטן וועגן גאָט:

„גאָט איז אַן אל רחום וחנון, ער איז אָבער אויך אַן אל נוקם ונוטר און פאַר טאָן עבירות רעכנט ער זיך אָפּ. איי, רעכנט ער זיך אָפּ״, פלעגט מיין רבי, מיכעלע דער דרדקי־מלמד, מיט פאַרגלאָצטע אויגן צום הימל אונדז מתרה זיין מיטן ווייז־פינגער. „ווייל קיינע פאַרבאָרגענישן זיינען פאַרן רבונו־של־עולם ניט פאַראַן. ער זעט אַלץ, הערט אַלץ און פאַרשרייבט אַלץ אין זיין ספר הזכרון. דעריבער, קינדער, דאַרפט איר זיך היטן פון טאָן עבירות און זען צו טאָן נאָר מצוות!״

איך ליג אויף מיין געלעגער און איך קאָן ניט איינשלאָפן פון פאַרדרוס, הלמאי איך בין נאָך אזוי קליין און קאָן ניט טאָן קיין מצוות. דאַווענען קאָן איך נאָך ניט. דאָס איינציקע וואָס איך קאָן יאָ טאָן טו איך עס, דוכט מיר, מיט כוונה. ווען מיין טאַטע נעמט מיך מיט שבת צום דאַווענען אין שטיבל, ענטפער איך דעם „אָמן״ מיט מיין גאַנצן האַרצן. איך היט שוין אָפּ די „אָמנס״ יעדן מאָל ביים קדיש זאָגן איך זאָל, חס וחלילה, ניט פאַרפעלן קיין איינעם פון זיי גליך מיטן טאַטן. לעצטנס ווייס איך שוין אפילו אליין, אויס־ווייניק, ווען מען דאַרף ענטפערן „אָמן״ און מיין טאַטע קוועלט אָן פון מיר ווי גיך איך האָב געכאַפּט דעם קלאַנג פון די ווערטער נאָך וועלכע מ׳דאַרף ענטפערן „אָמן״. איך טו זיך אַ נדר, אז אויב רייזעלע וועט געזונט ווערן און גאָט וועט איר פון אונדז ניט צונעמען, ווי דער טאַטע האָט זיך פאַר דער מאַמען אויסגעדריקט, וועל איך, ווען איך וועל גרויס ווערן, אָפּהיטן דעם דאַווענען און טאָן אַלע מצוות וואָס אַ ייד איז מחויב צו טאָן. מיט אזוינע מחשבות ווער איך אַנטשלאָפן און עס חלומט זיך מיר אז איך פלי, אזוי ווי אַ מלאך וואָלט מיך אויף זיינע פליגלען טראָגן. איך פלי, איך פלי הויך, העכער, נאָך העכער... אָט דערגרייך איך שוין די וואָלקנס, דעם הימל און — מיט אַ מאָל הייב איך אָן פאַלן, ביז... מיט אַ געוויין האָב איך זיך אויפגעכאַפּט.

* * *

מיין געוויין האָט זיך אריינגעפּאַסט אינעם כאָר פון די יללות פון מיין מאַמען, מיין שוועסטער, ווי אויך פון מיינע צוויי ברידער. עס האָט שוין גענומען גראָען אויף טאָג. דער פראָסט אין דרויסן איז קאָנטיק געווען מוראדיק שטאַרק. דער איוון איז נאָך ניט געווען איינגעהייצט. דער טאַטע איז נאָך געווען אין בית־מדרש ביים דאַווענען און האָט נאָך ניט געוווּסט פון דעם גרויסן טרויער וואָס האָט באַזעצט אונדזער שטיבל מיטן טויט פון אונדזער

שיינינקער רייזעלען. אָבער אַט איז שוין ליכטיקער געוואָרן, שוין גרויסער טאָג געוואָרן און צווישן די געווײנען האָבן זיך דערהערט סקריפּנדיקע טריט וואָס האָבן אָפּגעהילכט פון דעם פאַרפרוירענעם שניי. מיר האָבן דערקענט דעם טאַטנס טריט און דאָס געוויין איז אויסגעבראָכן נאָך שטאַרקער, מיט אַ נייעם טעמפּאָ.

מיין מאַמע האָט באַגעגנט דעם טאַטן אָן ווערטער, נאָר מיט אַ כליפּענדיק געוויין, וואָס האָט הערצער געקאָנט צעברעכן.

מיין טאַטע שטייט ביים בעטל, ווו רייזעלע ליגט אומבאַוועגלעך, מיט אַ געלער בלאַסקייט פאַרצויגן איר שיינעם פּנימל. אַ שטראָם פון טרערן האָט זיך ארויסגעריסן פון טאַטן — טרערן וואָס האָבן געראָנען פון די אויגן אויף זיינע באַקן און פאַרשוואונדן אין די טיפענישן פון זיין באָרד. נאָך אַ קורצער ווילע שטיין ביים בעטל איז ער צוגעגאַנגען צום פאַרקאָוועטן פענצטער, זיך אוועקגעשטעלט מיטן פּנים צום דרויסן, געקוקט צום הימל ארויף, פּונקט ווי ער וואָלט אויף שטום־לשון געהאַט אַ יישוב הדעת מיטן רבונו־של־עולם. ער האָט זיך אויסגעגלייכט, אויפגעהערט וויינען און כמעט באַפעלעריש אַ זאָג געטאָן צו דער מאַמען:

„באַשע, גענוג צו וויינען! מיר האָבן קיין רעכט ניט צו יאָמערן. ס׳איז זיינע״, האָט ער אָנגעוויזן צום הימל אין דרויסן. „ער האָט אונדז רייזעלען אָנטליען אויף צוויי יאָר און איצט האָט זיך דער זמן געענדיקט און ער האָט זייניקע צוגענומען. ׳ד׳ נתן וד׳ לקח, יהי שם ד׳ מבורך מעתה ועד עולם, ברוך דיין אמת!׳ איך גיי גלייך רופן אברהמל דעם קברות־מאַן, ער זאָל טאָן איר רעכט. און איר, קינדער, העלפט דער מאַמען איינהייצן דעם אויוון עס זאָל וואַרעמער ווערן אין שטיבל, און מ׳דאַרף עפּעס אָפּקאָכן.

„איך האָב אַלץ געטאָן אַז רייזעלע זאָל לעבן בלייבן. איך האָב ניט גע־שלאָפן קיין נעכט, כ׳בין געלאָפן אין בית־מדרש, געזאָגט תהילים. איך האָב ניט געהאַלטן פון ישראל דעם רופא און אפילו ניט פון ד״ר מושקאַט. גאָט ברוך הוא איז דער גרעסטער רופא־חולים און איך האָב געבעטן און אויס־געוויינט מיין האַרץ בלויז צו אים. און אויב מיינע תפילות זיינען ניט אָנגע־נומען געוואָרן, קאָן איך אים קיין דעה ניט זאָגן. ער האָט געשיקט זיין מלאך און אָפּגענומען זיין חוב וואָס מיר האָבן אים געקומט. היינט איז דאָנערשטיק, מאָרגן, אם ירצה השם, איז פרייטיק, ערב שבת און דעם הייליקן שבת טאָר מען ניט פאַרשטערן״. און ווען ער האָט ארויסגעזאָגט די לעצטע ווערטער

האָט ער זיך קוים איינגעהאַלטן ניט אויסצוברעכן אין אַ געוויין. און ווען די מאַמע האָט מער אירע טרערן ניט געקאָנט איינהאַלטן אין זיך, האָט זי זיך מיט אַ נייער פרישקייט צעוויינט און מיר, קינדער, קוקנדיק אויף איר האָבן זיך ווידער באַגאָסן מיט טרערן.

* * *

רייזעלע איז ניטאָ. איר בעטעלע האָט מען ארויסגענומען פון אַלקער און ס'איז געבליבן אַ ליידיק ווינקעלע. קיין זאַך האָט ניט געטאָרט דער־מאָנען רייזעלעס אָפּוועזנהייט. אָבער פון מיין געדאַנק איז מיין קליין, ליב שוועסטערל די ערשטע צייט ניט ארויס. איך האָב מיט מיין קינדישן פאַרשטאַנד בשום אופן ניט געקאָנט תופס זיין פאַר וואָס האָט עס גאָט צו־גענומען פון אונדז אונדזער שוועסטערל? מיט וואָס האָט עס די קליינע, לויטערע נשמהלע זיך פאַרזינדיקט קעגן גאָט? זי איז דאָך שטענדיק געווען אַזאַ ליבינקע, אַזאַ גוטינקע, אַזאַ געהאָרכזאַמע און מיר האָבן זי אַלע אזוי ליב געהאַט. טיף אין מיין געדעכעניש האָט געגומען טליען אַ שנאה צום רבונו־של־עולם. עס האָבן ניט געהאָלפן מיין טאַטנס באַרואיקונג־ווערטער צו דער מאַמען און זיינע פאַרזיכערונגען, אַז אזוי האָט עס מן הסתם גע־דאַרפט זיין. איך האָב אינערלעך רעוואָלטירט קעגן גאָט און וויפל מאָל, מיט אַ צייט שפּעטער, ווען דער טאַטע פלעגט ריידן וועגן 'אייבערשטן', אַז ער איז אַ רחום וחנון, אָדער ווען דער רבי פלעגט זיך צעדרשהנען וועגן גאָטס גוטסקייט, איבערהויפּט לגבי אונדז יידן, ווי ער האָט אונדז אויסדער־ווײלט פון אַלע פעלקער און האָט אונדז געמאַכט פאַר זיינע קינדער, פלעגט זיך מיר וויפל מאָל ווערן אויסשרייען אַז גאָט איז אַ שלעכטער, אַז איך האָב אים פיינט. אָבער ווי קליין איך בין געווען האָב איך דאָך פאַרשטאַנען מיט וואָס עס וואָלט זיך געענדיקט פאַר אַזעלכע ווערטער, פריער ביים רבין און דערנאָך ביים טאַטן אין הויז. מיינע געדאַנקען, וועלכע פלעגן גאַנץ אָפּט שוין ליגן אויפן שפּיץ צונג, פלעג איך פאַרשטיקן צווישן מיינע ציינער און עס איינגעהאַלטן אין זיך.

מיינע „אָמנס" ביים קדיש פלעגן שוין אזוי ניט קלינגען ווי אמאָל. וויפל מאָל פלעג איך ווי אויף צו להכעיס דורכלאָזן אַן „אָמן", ווען דער טאַטע איז אליין געווען פאַרנומען דריי מאָל אַ טאָג מיטן זאָגן קדיש נאָך רייזעלען. פון מיין האַרצן פלעגט זיך אָפּט ארויסרייסן אַ פּראָטעסט מיטן אויסשרייען: פאַרוואָס, אָ גאָט, פאַרוואָס?

* * *

ס׳זיינען שוין אוועק גאַנצע 70 יאָר זינט רייזעלעס טויט. אָבער יענער עפּיזאָד איז ביי מיר פאַרבליבן קלאָר אין זיכרון. און די צוויי הויפּט־שטריכן: מיין טאַטנס טיפע און שטאַרקע אמונה, אז אַלץ ווערט געטאָן דורך גאָט. אפילו ווען עס האָט אָנגערירט זיין אייגן בלוט און פלייש, איז ער אַלץ געבליבן ניט בייגזאַם און זיך שטאַרק אָנגעהאַלטן ביים „ד׳ נתן וד׳ לקח״, און פון זיין גלויבן איז קיין האָר ניט געמינערט געוואָרן. צווייטנס, מיינע קינדערשע ספיקות אין גאָט, אין דעם „אל רחום וחנון״. אָט דיביידע קאָנפליקטן האָבן מיך באַגלייט מיין גאַנצן לעבן און האָבן באַווירקט מיין שפּעטערדיקן גאַנג אין לעבן. מיין צוגאַנג צו רעליגיע און צום מענטש־לעכן גלויבן האָט אין די שפּעטערדיקע יאָרן זיך אויסקריסטאַליזירט אַ דאַנק מיינע איבערלעבענישן מיט 70 יאָר צוריק.

זאָל דער דאָזיקער געדענק־קאַפּיטל זיין אַ מצבה פאַר מיין צוויי יאָרי־קער פאַרשטאָרבענער שוועסטערל.

# מיינע ספיקות פאַרשטאַרקן זיך

מען האָט מיין טאַטן געהאַלטן פאַר ניט קיין נאַרישן יידן. אויף וויפל איך געדענק, פלעגן באַלעבאַטישע יידן אין בית־מדרש זייער אָפט פירן מיט אים וויכוחים וועגן פאַרשיידענע ענינים. ער פלעגט אין בית־מדרש נאָכן דאַוונען ארויסזאָגן מיינונגען וועגן דער סטראַטעגיע פון דער דעמאָלטדיקער רוסיש־יאַפּאַנישער מלחמה. יידן פלעגן צושאָקלען מיט די קעפּ און זייער אָפט איינשטימען מיט אים.

מיין טאַטע איז געווען אַ געלער און גערופן האָט מען אים טאַקע אברהם־משה דער געלער, און געלע זיינען, מערסטנטייל, ניט קיין נאַראָנים.

איך געדענק אָבער, ווען עס פלעגט קומען וועגן דער פראַגע פון רעליגיע, פרומקייט אָדער וועגן אָפּהיטן די תרי״ג מצוות, איז זיין מורא פאַר גאָט געווען אזוי שטאַרק איינגעדרונגען טיף אין זיין נשמה, אז זיינע ארגומענטן פלעגן דערגרייכן כמעט ביז לעכערלעכקייט.

אזוי, למשל, האָט מיין טאַטע בשעת אַן ארגומענט מיט יונגע בחורים וועגן רויכערן אום שבת זיך געקאָכט, אז ער איז זיכער — און ער האָט דאָס געגלויבט באמונה שלימה — אז ווען איינער זאָל פאַררויכערן אַ פּאַפּיראָס אום שבת, וועט אַראָפּקומען אַ דונער פון הימל און אים דערהרגענען אויף אַן אָרט.

„גאָט וועט ניט דערלאָזן — פלעגט ער זאָגן — אז מ׳זאָל מחלל זיין זיין נאָמען בפרהסיה, און די שטראָף פאַר אַזאַ זינד וועט גלייך מקוים ווערן!"

די בחורים, געדענק איך, האָבן זיך איבערגעקוקט און זיי האָבן אים ניט ווידערשפּראָכן. איך בין געווען זיכער, אז אויב מיין טאַטע זאָגט, מסתמא איז עס אזוי. איך האָב אין מיין קינדישער נשמה שטאַרק באַדויערט יענע יונגעלייט וואָס קאָנען אַמאָל, חס־וחלילה, געשטרויכלט ווערן מיט דער שרעקלעכער עבירה פון רויכערן אום שבת.

קאָנטיק, אז וועגן פּעדאַגאָגיק האָט מיין טאַטע ניט געלערנט און ער האָט ניט געוווּסט, אז פאַר אַ קינד דאַרף מען ניט ריידן וועגן זאַכן וואָס קאָנען ניט פּאַסירן. און אפשר האָט ער טאַקע געגלויבט אין דעם — לויט די השקפות פון יענער צייט.

* * *

צווישן חברה האָט זיך פאַרשפּרייט אַ קלאַנג, אז יענקעלע יענטע־באַשעס האָט זיך באַרימט פאַר יינגלעך, אז דעם קומענדיקן שבת נאָכן דאַוונען און נאָכן עסן וועט ער אין דעם פּאָליש פון בית־מדרש פאַררויכערן אַ פּאַפּיראָס און אויסרויכערן אים פון אָנהויב ביזן סוף. ער האָט געבעטן אַלע יינגלעך, אז ווער עס וויל זאָל קומען זען אז ער נאַרט קיינעם ניט אָפּ. און דאָס וואָס די פרומע יידן, די מכלומרשטע צדיקים, ווילן איינשמועסן און אָפּשרעקן זייערע קינדער מיט געהרגעט ווערן אויף אַן אָרט, איז אַן אויסגעטראַכטע מעשה. און דאָס וואָס מען שרעקט זיי מיט „כרת" איז אוודאי ניט ווערט מער ווי דער רויך פון אַ פּאַפּיראָס.

אויף אונדז, יינגלעך, האָט די ידיעה געמאַכט אַ גוואַלדיקן איינדרוק. ווי קאָן עס אָט דער יענקעלע יענטע־באַשעס זיך דערלויבן צו טאָן אַזאַ זאַך? פון וואַנען נעמט זיך דאָס ביי אַ יינגל אַזאַ קוראַזש זיך אָנצוהייבן מיט גאָט אליין? אַלע האָבן געקענט יענקעלען. ער איז געווען אַ דרייסטער יינגל פון אַ יאָר 14. ער איז געווען דער בעסטער שווימער און גליטשער אין שטעטל. פאַר זיין מאַמע, יענטע־באַשע די קרעמערקע, האָט ער טאַקע

קיין מורא ניט געהאַט, ווייל זינט זיין טאַטע איז געשטאָרבן און יענקעלע איז געבליבן אַ יתום, טוט ער וואָס ער וויל און קיינער קאָן אים קיין דעה ניט זאָגן. אַלע ווייסן אויך אַז זיין מאַמע, יענטע־באַשע, האַלט מיט אים אין איין אײַנטענהן למאי ער טוט איר אָן אַזוי פיל חרפּות און בזיונות, און דעריבער קלייבט זי זיך אַוועקשיקן אים קיין אמעריקע. אָבער יענקעלע טוט זיך זיינס: לערנען לערנט ער ניט, פאַר קיין באַלמעלאָכע וויל זיין מאַמע אים ניט אָפּגעבן. לויפט ער ארום גאַנצע טעג איבער די גאַסן, ווו צוויי איז ער אַ דריטער: ווינטער איז ער אויפן גליטש, ווייזט אויף זיינע אייזערנע גליטשערס אלערליי קונצן; זומער אויפן טייך, ווו ער ווייזט אַלעמען ווי אזוי אַ שווימער דאַרף לייגן „קלאַפּטער", ווי מען שווימט אויף דער פּלייצע, ווי מען ליגט אויסגעצויגן ווי אַ ברעט אויפן וואַסער און ווי מען מאַכט פאַרשיידענע קאָזשעלקעס אין די טיפענישן פון טייך.

דאָס אַלץ ווייסן טאַקע אַלע אין שטעטל. אָבער אויף אזא זאַך האָט זיך קיינער ניט געריכט: — אָנזאָגן אַלעמען, אז ער גייט אום שבת אין פּאָליש פון בית־מדרש אויסרויכערן אַ גאַנצן פּאַפּיראָס פאַר אלעמען אין די אויגן! אזא זאַך איז נאָך ניט געהערט געוואָרן!

פאַרשטייט זיך, אז די יינגלעך האָבן קוים דערוואַרט דער שבת זאָל קומען. און ווי נאָר מען האָט זיך אָפּגעפּטרט מיטן שבתדיקן מאָלצייט, מיטן טשאָלנט און קוגל, גלייך נאָך די זמירות איז מען געלאָפן אין פּאָליש פון בית־מדרש. אַ גאַנצער געזעמל פון יינגלעך האָט שוין דאָרט געוואַרט אויפן העלד פון טאָג, אויף יענקעלע יענטע־באַשעס. דערווייל האָט זיך צווישן די יינגלעך גערודערט:

„ווו איז ער שוין, יענקעלע? איך וואָלט שוין וועלן זען דעם העלד, ווי ער רויכערט דעם פּאַפּיראָס אום שבת און קיין זאַך שאַדט אים ניט", רופט זיך אָפּ איין יינגל און אַלע הערן זיך צו נייגעריק.

אַ צווייטער יינגל, א ביסל אַ סקעפּטיקער, מאַכט אוועק דעם גאַנצן ענין מיט דער האַנט:

„ווייסיך וואָס? דאָס האָט ער זיך ניט מער ווי באַרימט. אַניט וואָלט ער שוין לאַנג געווען דאָ!"

„מסתמא האָט ער זיך טאַקע דערשראָקן פאַר גאָט", רופט זיך אָפּ אַ פרומער יינגל, וואָס פאַרפעלט קיין מאָל ניט דאַווענען און רעדט מיטן לשון פון חומש. „איר מיינט אז ס'איז אַ קלייניקייט אָנצוצינדן אַ פּאַפּיראָס און

רויכערן אום שבת בפרהסיה? עס שטייט דאָך בפירוש געשריבן 'לא תבערו אש בכל מושבותיכם'; און כדי אָפּצוטאָן אזא זאַך מוז מען דאָך זיין אַן אַפּי־קורס גמור!"

יינגלעך האָבן זיך געהיצט און מען האָט דעם ענין פונאַנדערגעקליבן אויף פאַרשיידענע אופנים. אייניקע האָבן זיך ארויסגעזאָגט, אז די גאַנצע מעשה איז ניט געשטויגן און ניט געפלויגן. אַנדערע ווידער האָבן גע־טענהט, אז יענקעלע וועט יאָ קומען און וועט יאָ פאַררויכערן אַ פּאַפּיראָס און אויסרויכערן אים ביזן סוף.

„איר קענט ניט יענקעלען", האָט זיך איין יינגל געקאָכט. „אז ער זאָגט אז ער וועט רויכערן — וועט ער רויכערן זאָג איך אייך, און קיין זאַך וועט אים ניט אָפּהאַלטן. והראיה, זעט איר דאָך, ער האָט זיך איינגעשפּאַרט און געזאָגט זיין מאַמען אז ער וועט מער ניט לערנען, לערנט ער טאַקע ניט און קיין זאַך העלפט ניט! ניט זיין מאַמעס תחנונים, ניט זיין פעטערס סטראַשען צו געבן אים קלעפּ. ער הערט זיי אלעמען ווי דעם קאָטער. שפּילט זיך מיט יענקעלע יענטע־באַשעס".

„שאַ, אָט גייט ער", דערהערט זיך אַ שטים פון אַ יינגל.

„ווי איך בין אַ ייד, ער קומט, ער קומט", שרייט אַ צווייטער.

„טאָ זייט שוין שטיל", שרייט אַ דריטער.

און ווי דער טומל איז פריער געווען גרויס, איז מיט אַ מאָל געוואָרן אַ טויטע שטילקייט, ווי אין אַ בית־מדרש ראש השנה פאַר תקיעות.

יענקעלע איז אָנגעקומען מיט אַ גרויסקייט, ווי ער וואָלט שוין געווען דער זיגער פון אַ שלאַכט נאָך אײדער די מלחמה האָט זיך אָנגעהויבן.

„איר זייט דאָ?" האָט ער פריילעך אויסגעשריען צו אַלעמען. „איר האָט געמיינט, אז איך האָב אייך אָפּגענאַרט און געפירט אייך אלעמען אין באָד אריין? יענקעלע יענטע־באַשעס האָט נאָך קיינעם ניט פאַרפירט און קיין מאָל קיין ליגן ניט געזאָגט. אז איך זאָג עפּעס בין איך עס מקיים. נו, און איצט ווילט איר דאָך אַלע מסתמא זען ווי אזוי אַ יידישער יאָט רויכערט אום שבת, האַ? איר זייט נייגעריק און עס גלויבט זיך אייך ניט? אַנדערע פון אייך, פאַרשטיי איך, האָבן מורא עס זאָל מיט מיר עפּעס ניט געשען. שטעלט זיך אויס אַלע ארום די ווענט און איך וועל בלייבן אין מיטן, כדי איר זאָלט אַלע קענען זען, אז דאָס וואָס אייערע טאַטעס און רביים קלאַפּן אייך אין קאָפּ אריין, אז פאַרן רויכערן שבת בפרהסיה קען אים קומען די

שטראָף גלייך אויפן אָרט, מען דערציילט איך באָבע־מעשיות און מען שרעקט איך מיט גיהנום און מיט 'כרת', איז ביי מיר ניט ווערט קיין פּיפּקע. און אויב איר מיינט, אז איך טו דאָס ס'ערשטע מאָל האָט איר אַ טעות! אז איך רויכער פּאַפּיראָסן ווייסט איר דאָך אַלע, אָבער אז איך רויכער אויך אום שבת ווייסט איר קיינער ניט. עס גלייבט זיך אייך ניט? טאָ זעט!"

און תוך כדי דיבור נעמט יענקעלע ארויס אַ שיינעם פּעקל "יאַוואַ"־פּאַפּיראָסן, נעמט איינעם פון דעם שאַכטעלע, שטעקט עס אריין אין מויל. נעמט ארויס אַ פּעקל שוועבעלעך און ווי נאָר ער האָט גענומען אָנצינדן דאָס שוועבעלע האָבן זיך איניקע יינגלעך גענומען אָפּרוקן פון אים פאַר שרעק. די איבעריקע זיינען שטיין־געבליבן פאַרגאַפּט, ניט גלויבנדיק זייערע אויגן, וועלכע זיינען געווען אָנגעשפּיצט אויף יענקעלען.

ווי אַ געניטער רויכערער האָט יענקעלע אַ צינד־געטאָן דאָס שוועבעלע און גלייך איז דאָס שירקע שנעבעלע פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ פייער־פלעמל. ער האָט עס צוגעטראָגן צו דעם פּאַפּיראָס, אַ שטאַרקן ציי־געטאָן און אַ רויך האָט זיך גענומען קייקלען פון יענקעלעס מויל און זיך געצויגן גלייך צום סופיט.

איך בין געשטאַנען לעבן מיין קוזין, בערעלע יעקבס און זיך אָנגע־האַלטן אָן אים. ס'האָט מיך געוואָרפן פון שרעק און איך האָב קיין וואָרט ניט געקאָנט ארויסריידן. מיין קוזין האָט דערפילט מיין ציטער און האָט מיט וווּנדער און געלעכטער גענומען חוזק פון מיר:

"וואָס איז מיט דיר? וואָס טריילסטו זיך אזוי און פאַר וועמען צי־טערסטו, דו נאַרישער קאָפּ?!"

איך ענטפער ניט. מיין גאַנצער וועזן איז פאַרנומען מיט יענקעלע יענטע־באַשעס. איך באַטראַכט יעדן קער און ריר זיינעם. אין דער זעל־בער צייט האַלט איך אין איין ארויפקוקן אויפן סופיט און טראַכט בשעת מעשה פון מיין שטרענגן טאַטן, וועלכער האָט מיט אזא זיכערקייט איינגע־טענהט מיט די בחורים, אז אויב עמעצער זאָל רויכערן אום שבת אַ פּאַפּי־ראָס, און נאָך בפרהסיה, קאָן אַ דונער אראָפּקומען פון הימל און אים דער־הרגענען אויפן אָרט.

איך קוק אויף יענקעלען און קוק אויפן סופיט און איך זע ווי עס קנוילן זיך קליינע וואָלקנדלעך רויך פון יענקעלעס פּאַפּיראָס. יענקעלע שטייט זיך בשעת מעשה ווי אַ קונצנמאַכער אין אַ צירק, ציט אריין דעם רויך אין זיך

און לאָזט ארויס פון זיין מויל רינגען רויך, וואָס פאַרגייען אין דער לופט. דאָ פאַרמאַכט ער דאָס מויל און דינע שנורן רויך בלאָזט ער ארויס דורך זיינע צוויי נאָזלעכער און דערביי גיט ער צו:

„איר זעט, אָט אזוי דאַרף מען רויכערן אויב מען וויל הנאה האָבן פון אַ פּאַפּיראָס, און דערצו נאָך אום שבת".

יענקעלע האָט אויסגערויכערט דעם גאַנצן פּאַפּיראָס ביזן סוף, האָט אַראָפּגעוואָרפן דעם קאָרעק און פאַרטראָטן מיטן פוס.

„איצט קאָנט איר גיין אהיים און דערציילן אייערע טאַטעס און רביים וואָס איר האָט דאָ אַלע אליין געזען. איך האָב פאַר קיינעם קיין מורא ניט. איך פאַר סיי־ווי־סיי אין גיכן אוועק קיין אַמעריקע. און אין אמעריקע, האָט מען מיר דערציילט, רויכערן אַלע יידן אום שבת און מען טוט אַלץ אום שבת, אַבי מען זאָל פאַרדינען אויף חיונה!"

מיר יינגלעך זיינען אַלע געבליבן געפּלעפטע. ניט אויסריידנדיק קיין וואָרט, מיט אַראָפּגעלאָזטע קעפּ, פאַרשעמטע און אומעטיקע און אפשר אויך אָפּגענאַרטע, זיינען מיר זיך איינציקווייז פונאַנדערגעגאַנגען.

* * *

דעם גאַנצן שבתדיקן נאָכמיטאָג בין איך געווען צעטומלט. איך האָב אין דעם עפּיזאָד יענקעלע יענטע־באַשעס, וואָס האָט בפרהסיה גערויכערט אום שבת, געזען אַ קאָנפליקט פון יענקעלען מיט מיין טאַטן. מיין יונגער מוחל האָט זיך ניט געקאָנט פונאַנדערקלייבן וואָס דאָ איז געשען? ווער איז דאָ באמת דער גערעכטער?

אז יענקעלע איז ארויס דער זיגער און מיין טאַטע דער באַזיגטער — דאָס איז פאַר אַלעמען געווען קלאָר. טאָ וואָס איז דאָ געשען מיט מיין טאַטן? זאָל עס זיין אז מיין טאַטע איז אַ ליגנער? דאָס האָב איך ביי זיך ניט געקאָנט פועלן. שמועסנדיק וועגן דעם ענין מיט מיין שוועסטער־קינד בערעלען, אַ קלוגער און דורכגעמאַכטער יינגל, זיינען מיר געקומען צום באַשלוס, אז דער טיפער איינגעוואָרצלטער גלויבן פון מיין טאַטן אין גאָט און אין די מצוות וואָס אַ ייד מוז אָפּהיטן האָט אים געבראַכט דערצו, אז ער זאָל מיט אזא זיכערקייט ארויסזאָגן זיין פסק־דין פאַר אַ מענטשן, וואָס מיט זיין פרייען ווילן און צו להכעיס זאָל קענען אָפּטאָן אזא זאַך, אזא עבירה.

מיין טאַטע האָט זיך ניט געקאָנט פאָרשטעלן, אז דער גאָט וואָס צאָלט מיט גוטס פאַר מעשים טובים און פאַרקערט, דער זעלביקער גאָט וואָס

רעכנט זיך אָפּ מיט די זינדיקע ווי זיי פאַרדינען פאַר די עבירות וואָס זיי טוען, זאָל פאַר אזא זאַך ווי רויכערן אום שבת בפרהסיה אים ניט ברענגען זיין שטראָף אויף אַן אָרט.

„איז אויב אזוי" — זעצן מיר ווייטער פאָר, איך מיט קיין קוזין בערעלע, די דיסקוסיע — „טאָ פאַרוואָס האָט אים טאַקע גאָט געשאָנקען און אים מיט קיין זאַך ניט באַשטראָפט אין פּאָליש פון בית־מדרש?" אויף דעם האָבן מיר קיין תירוץ ניט געקענט געפינען.

„תיקו, בלייבט אַ קשיה", האָט בערעלע געפּסקנט. איך לערן שוין גמרא, ווייס איך אז ווען די גמרא קאָן ניט פאַרענטפערן אַן ענין זאָגט די גמרא תיקו — בלייבט אַ קשיה!

* * *

עס איז שבת נאָך הבדלה. דער טאַטע האָט שוין אויסגעברומט זיין „המבדיל". איך דריי זיך ארום אין שטוב און קען בײַ זיך ניט באַשליסן צי זאָל איך דערציילן דעם טאַטן וואָס ס'האָט היינט געטראָפן אין פּאָליש פון בית־מדרש, אָדער ניט? צום סוף באַשליס איך: דערציילן! אַלנפאַלס, קיין אויסגעטראַכטע מעשה וועל איך דאָך ניט דערציילן. עס איז דאָך אַ מעשה שהיה וואָס ניט נאָר איך אליין האָב עס געזען, נאָר אַ גאַנצע שטאָט יינגלעך זיינען געווען עדות.

איך נעם זיך אָן מיט קוראַזש, גיי צו צום טאַטן, גיב שעלמיש אַ קוק אין זיינע אויגן און טו אַ זאָג:

„טאַטע, ווייסט וואָס איך האָב היינט נאָכן עסן געזען אין פּאָליש פון בית־מדרש?"

„וואָס האָסטו געזען", קוקט דער טאַטע מיך אָן פאַרשנדיק, מיט חשד.

„איך האָב אליין געזען ווי יענקעלע יענטע־באַשעס האָט פאַר אַלע יינגלעך אין די אויגן פאַררויכערט אַ פּאַפּיראָס, און האָט אים אויסגעררויכערט פון אָנהייב ביזן סוף".

„וואָס האָסטו געזאָגט?" פרעגט איבער מיין טאַטע, און זיינע אויגן זיינען געוואָרן גרעסער און ברייטער. „זאָג עס נאָך אַמאָל!"

איך חזר איבער דאָס זעלבע ווי פריער, נאָר מיט מער פרישקייט און מער איינצלהייטן.

„ליגנער!" שרייט דער טאַטע מיט כעס אויף מיר.

„טאַטע, זאָל איך אזוי לעבן, ווי איך האָב עס אליין געזען!"

איין פּאַטש און א צווייטער זיינען אַראָפּגעפאַלן איבער מיינע באַקן.

„מילא, אז דו האָסט געזאָגט אַ ליגן איז א גרויסע עבירה. אָבער דו האָסט אויך געשווירן פאַלש, און ווייסטו וואָס פאַר פאַלש שווערן קומט לויט דער תורה? דו אָשוסט איינער, — כרת! איצט ווייסטו שוין וויסן ווי פאַלש צו שווערן!"

איך האָב זיך באַגאָסן מיט טרערן ניט מחמת די ווייטיקן פון די פּעטש וואָס איך האָב געקראָגן, נאָר פון דער באליידיקונג וואָס מען מאַכט מיר אומזיסט פאַר אַ ליגנער. און אַ ליגנער און אַ גנב — זאָגט דער טאַטע — זיינען אַלץ איינס. און טאַקע דערפאַר וואָס גאָט האָט ניט געקאָנט באַ־שטראָפן יענקעלע יענטע־באַשעס פאַרן רויכערן אום שבת, האָבן זיך מיינע ספיקות אין גאָט נאָך מער פאַרשטאַרקט.

# אַ פאַרשטערטער פסח

אין מיין זיכרון איז פאַרבליבן איין ערב פסח, וואָס איז פאַר מיין טאַטן פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ „יום־כיפור־טאָג״. מיין קינדיש מוחל האָט בשום אופן ניט געקאָנט באַגרייפן דעם טאַטנס „טראַגעדיע״.

מיין עלטערער ברודער, אַ ישיבה־בחור אין דער פינסקער ישיבה, פון וועלכער דער ראש־הישיבה פלעגט שרייבן בריוו צו מיין טאַטן וועגן זיין זון וואָס וואַקסט אַ גאון בישראל, האָט מיט אַמאָל גענומען פאַרפעלן קומען אהיים אויף פסח און ראש השנה. עס זיינען אָנגעקומען בריוו פון אים, אז ער וויל ניט מבטל זיין צייט פון דער תורה.

מיין טאַטע פלעגט זיך ארומטראָגן מיטן בריוו פון ראש הישיבה, ווי אויך מיט די בריוו פון זיין זון און ער פלעגט אפילו אוועקגיין צו אונדזער רב זיך גרויסן מיט זיין נחת. נאָך אַן אָפּוועזנהייט פון צוויי יאָר איז איין ערב פסח אַראָפּגעקומען מיין ברודער מיט אַ היטל, וואָס האָט געהאַט אַ גריי־

נעם באַנד ארום מיט אַ קאָקאַרדע און אַ רעקל מיט מעשענע קנעפּ — אַ צאַרסקע אוניפאָרם אין יענע צייטן — אַלס צייכן פון אַ גראַדואירטן אין אַן אוניווערסיטעט.

ווען ער האָט איבערגעטראָטן די שוועל פון אונדזער שטיבל זיינען סיי דער טאַטע, סיי מיר קינדער, געבליבן צעטומלטע. דער טאַטע, וועלכער האָט דערוואַרט זיין זון אַ ישיבה־בחור, אַן עילוי מיט פּיאות און וואַרשיינלעך מיט אַ בערדל, האָט אים לכתחילה ניט דערקענט. מיר קינדער — אוודאי ניט. די איינציקע וואָס האָט אים יאָ דערקענט איז געווען די מאַמע. זי איז ארויפגעפאַלן אויף זיין האַלדז מיט אַ פריידיקן געוויין: „מיין זון, מיין בערעלע !..."

אז מיין טאַטע האָט סוף־כל־סוף דערקענט זיין זון, אַ גלוח, אין דער אוניפאָרם פון אַ געענדיקטן רוסישן גימנאַזיע־לערער, האָט ער זיך ביטער צעוויינט און האָט אים אפילו קיין שלום ניט געוואָלט געבן.

מיר, קליינוואַרג, האָבן געקוקט מיט גרויס דרך־ארץ אויף אונדזער עלטערן ברודער און עס האָט זיך אונדז ממש ניט געגלויבט... מיין מאַמע האָט זיך אויך טיף אין האַרצן געפרייט מיט איר זון, אָבער אָפן ארויסווייזן איר פרייד האָט זי ניט געקאָנט, צוליב מיין טאַטן.

יענער גאַנצער ערב פּסח איז אַוועק אין שאַרפע דיסקוסיעס צווישן טאַטן און זון. מיין ברודער האָט זיך באַמיט אים צו באַווייזן, אז מען קאָן אויך זיין אַ גוטער ייד, כאָטש מען איז אַ גלוח און מען היט ניט אָפּ אַלע תרי"ג מצוות. דאַקעגן מיין טאַטע וואָלט שוין אפשר מסכים געווען מיט דער אָפּגעגאָלטער באָרד, אָבער ער האָט בשום אופן ניט געקענט שלום מאַכן מיטן געדאַנק, אז מען קאָן זיין אַ ייד און ניט דאַווענען.

און אזוי, קאָן מען זאָגן, איז דער גאַנצער פריילעכער פּסח פאַרשטערט געוואָרן צוליבן פרייען געדאַנק, וואָס האָט זיך צום ערשטן מאָל אריינגע־כאַפּט אין אונדזער פרומער הויז.

מיין מאַמע, אַ שטילע צדיקת, האָט גראָדע אָנגעקוואָלן פון איר גע־לערנטן זון און האָט זיך באַצויגן צו אים מיט גרויס רעספּעקט.

* * *

זינט יענעם פּסח האָט אונדזער שטיבל באַקומען גאָר אַן אַנדער פּנים. אין דעם קליינעם באַלמעלאַכישן שטיבל האָט זיך גענומען באַווייזן די

שטעטלדיקע אינטעליגענץ. די פּראָגרעסיווע עלעמענטן פון יענער צייט האָבן זיך געגומען קאָנצענטרירן ארום דער פריינדלעכער אַטמאָספער, וואָס האָט געהערשט ביי אונדז אין דעם קליינעם שטיבל: משה גאַלוש, די ברי־דער קראָניטש — מאָדערנע לערער — די גאַרפינקעלס, ישראל נחמן (איצט אַ פּאַרוואַלטער אין אַ ברוקלינער העברעאישער שול) און אנדערע זיינען ביי אונדז געוואָרן בני־בית. און ניט געקוקט אויף אַלע ארגומענטן און אַפּי־קורסישע געדאַנקען וועלכע זיי פלעגן פריי ארויסזאָגן, און גאַנץ אָפט באַזיגן מיין טאַטן, איז ער דאָך געבליבן עקשנותדיק ביי זייניקע און פלעגט תמיד פאַרענדיקן: „אָבער דאַוונען מוז מען דאָך!"

די קערנדלעך פון דער קלעצקער פּועלי־ציון אָרגאַניזאַציע זיינען פאַר־זייט געוואָרן ביי אונדז אין שטיבל. די גרינדער, אויף וויפל איך געדענק זיי, זיינען געווען: יצחק גאַרפינקעל, מיין ברודער בערל, ישראל נחמן, הלל, אַ בחור מיט אַ פּעלערינע, און אנדערע וועמענס נעמען איך געדענק שוין ניט. אַלע אָרגאַניזיר־זיצונגען זיינען פאָרגעקומען ביי אונדז.

ווער און ווי אזוי עס האָט שפּעטער צו אונדז אין הויז אריינגעבראַכט דעם בונדיסטישן גייסט, קאָן איך זיך ניט דערמאָנען. איך געדענק נאָר, אז די פּועלי־ציון באַוועגונג האָט ביי אונדז אין שטיבל, גלייך נאָכן פאַר־לאָזן פון מיין ברודער בערל דאָס שטעטל קלעצק, אָפּגעטראָטן איר אָרט דעם שפּעטערדיקן „בונד", וווּ מיין שוועסטער עטל (געשטאָרבן אין ניו־יאָרק אין 1971), איז געוואָרן אַ וויכטיקע טוערין. אַלע אומלעגאַלע רעדנערס פלעגן זיך מערסטנס אויפהאַלטן ביי אונדז אין שטוב. ערב אַ דעמאָנסטראַ־ציע האָט אונדזער שטוב געקאָכט ווי אַ קעסל: מען האָט גענייט פאָנעס, געשריבן לאָזונגען. דאָס זעלבע איז געווען ערב וואַלן. משה גאַלוש פלעגט פון אונדזער שטוב ארויסגעבן אויפרופן, באַפעלן אא"וו.

די דעמאָלטדיקע פּאָליטישע אַטמאָספער האָט באַווירקט אַלע מיטגלידער פון אונדזער משפּחה, איינגעשלאָסן מיין מאַמען, וועלכע פלעגט פון צייט צו צייט אויך נעמען „אַ שטילן וואָרט" אין אַ דיסקוסיע. דער איינציקער וואָס איז געבליבן פעלדזן־פעסט, ניט אָפּגעוויגנדיק אויף אַ האָר פון די תרי"ג מצוות, איז געווען אונדזער טאַטע. „מורד זיין במלכות", פלעגט ער טענהן, „איז אויך אַן עבירה, אָבער מורד זיין אין גאָט, דאָס שמעקט שוין מיט כרת".

דער טאַטע האָט זיך געטאָן ס'זייניקע: אויפגעשטאַנען פאַרטאָג, סיי זומער סיי ווינטער, אוועק אין „שטיבל" און געלערנט עין יעקב, משניות,

געזאָגט תהילים, געפאַסט תעניתים און מיט גרויס ביטול זיך באַצויגן צו זיינע יונגע רעוואָלוציאָנערן.

* * *

אונדזער שטיבל איז שטענדיק געווען אַ מין הכנסת־אורחים. חוץ די שטעטלדיקע אינטעליגענטן וועלכע זיינען געווען טעגלעכע איינגייער צוליב מיין עלטערן ברודער בערל, פלעגט מיין טאַטע שטענדיק ברענגען זיינע בית־מדרש אורחים. אין מיין זיכרון זיינען פאַרבליבן ר׳ אברהם בער, אַ ייד אַ זקן, אַ למדן, וואָס פלעגט פון צייט־צו־צייט קומען צו אונדז אָפּעסן און שטאַרק לויבן מיין מאַמעס אָרעמע מיטאָגן; אביגדור דער שוסטער, א ייד אַ לא־יוצלח, וואָס פלעגט זיך שטענדיק רייסן צום עמוד. אויך דאָס רוב משוגעים וועלכע, צוליבן זכות פון מיין ברודער לייזער (ער איז געווען זייער אַלעמענס אויטאָריטעט), פלעגן זיין אָפטע באַזוכער און „געסט״ ביי אונדז.

אויף „יאַשקע שפיי״, קאָנטעראַוויטש און הלל, וועלכע זיינען באַרימט געווען מיט זייערע אויסטערלישע מעשיות, האָט מיין ברודער לייזער געהאַט אַ גאָר גרויסע השפעה. זיין וואָרט ביי די משוגעים איז געווען הייליק, און ווען אין בית־מדרש פלעגט אויסברעכן אַ געשלעג צווישן די משוגעים — און דאָס פלעגט גאַנץ אָפט טרעפן — פלעגט מען שוין מוזן אַראָפּברענגען מיין ברודער לייזער, ער זאָל זיי איינשטילן.

נאָך אַלס קינד האָב איך פאַרלאָזן קלעצק. יאָרן שפּעטער האָט מיין משפחה אויסגעוואָנדערט קיין לעכעוויטש, אַ שטעטל צווישן קלעצק און באַ־ראַנאָוויטש.

ערשט נאָך לאַנגע יאָרן זיין אין אפריקע האָב איך געהאַט די זכיה זיך צו דערוויסן ווער מיין טאַטע־מאַמע זיינען געווען. דער „תרבות״־לערער פרידשטיין ע״ה, וועלכער איז איינגעשטאַנען ביי מיינע עלטערן אין הויז, פלעגט מיר ביי אונדזער יעדע באַגעגעניש, מיט טרערן אין די אויגן, דער־ציילן עפּיזאָדן פון זייער לעבן.

ער קאָן ניט פאַרגעסן דעם „שבת בראשית״, ווען דער קלעצקער רב, ר׳ חיים שמעון, האָט זיין גאַנצע דרשה געווידמעט צוויי אָרעמע יידן, וועלכע זיינען געקומען צו אים מיט אַן אויסטערלישער „דין תורה״: זיי האָבן גע־פונען א בייטל מיט געלט נאָך אַ יריד־טאָג. איינער האָט עס דערזען און דער צווייטער האָט עס אויפגעהויבן. צעטיילן זיך האָבן זיי ניט געוואָלט,

ווייל יעדער האָט געטענהט, אז דאָס געלט געהערט ניט צו אים און דאָס האָט זיי געבראַכט צום רב. איינער פון זיי איז געווען מיין טאַטע.

אַלט, שוואַך, צעבראָכן און אָן אַ פּוס די לעצטע יאָרן, איז ער אומגע־קומען צוגלייך מיט אַלע קלעצקער און לעכעוויטשער קדושים דורך מער־דערישע הענט. ת.נ.צ.ב.ה.

# צעבראָכן דעם טאָוול



לום דער מלמד האָט אין דער קלעצקער תלמוד־תורה איינגעפירט אַ נייעם „פּעדאַגאָגישן מעטאָד״: אַ גרויסער טאָוול (אַ טאַבליצע) איינגע־פּאַסט אין אַ גלאָז מיט אַ שוואַרצער ראַם האָט פאַרכאַפּט דאָס אויג שוין גלייך ביים אריינגאַנג אין דער תלמוד־תורה, וווּ ער האָט געלערנט מיט דער קליינער כיתה. דער נייער מעטאָד, דער טאָוול, איז איינגעריכט געוואָרן ספּעציעל פאַר די „שלעכטע״ קינדער, למען ידעו ויראו!...

אויף אַ ווייסן בויגן פּאַפּיר, וואָס איז געווען ארויפגעקלעפּט אויף אַ קאַרטאָן, זיינען געווען אויסגעשריבן אַלע נעמען פון די תלמידים לויטן אלף־בית. מיט פּעך־שוואַרצע טינט זיינען מיט גלייכע ליניעס געווען אָפּ־געטיילטע רובריקעס פאַר שקידה, הנהגה און ידיעה. ווייטער זיינען געווען אויבן אָנגעצייכנט די פּרשיות פון חומש פאַרן גאַנצן זמן. יעדן פרייטיק נאָכן פאַרהערן די קינדער, פלעגט ר׳ שלום פאַרזיכטיק ארויסנעמען פון זיין זשילעט־קעשענע דאָס שליסעלע און מיט גרויס יראת־הכבוד אָפּשליסן די

גלעזערנע ראַם, ארויסנעמען דעם טאָוול און עס פאַרזיכטיק ארויפלייגן אויפן טיש, וואָס איז געשטאַנען אין מיטן פון חדר.

קינדערשע הערצער האָבן שטאַרק געקלאַפּט. ביי א טויטער שטילקייט האָט ר׳ חיים דער גבאי זיך שטיל געשושקעט מיטן רבין, אריינגעקוקט אויפן טאָוול, אויפן יינגל וואָס האָט פאַרגעשטעלט דעם נאָמען און מיט גרויס פאַרזיכטיקייט אריינגעשריבן דעם ציפער פון 0 ביז 5.

ווי איז געווען צו דעם יינגל וועלכער האָט געוואָגט ביי דער פּראָצע־דור הויך צו אָטעמען. שלום האָט מיט זיינע שפּאָקולן ארומגעשפּאַצירט און דורכגענומען יעדן יינגל, זיך אָנמערקנדיק אין זיכרון אויף ווענען זיינע דאַרע ביינערדיקע פינגער וועלן פאַלן טאַקע גלייך זונטיק פרי. כמעט יע־דער יינגל האָט שוין פאַרזוכט דעם טעם פון אזא זונטיקדיקער „אויפנאַמע״, און מען האָט זיך מיט אַלע כוחות באַהערשט און מיט צוואַנגען איינגעהאַלטן די קינדערשע ענערגיע.

נאָכן אריינשרייבן יעדערנס „פּסק דין״ פלעגט דער רבי אויפהייבן דעם טאָוול מיט ביידע הענט אין דער הויך און פונקט ווי מען וואָלט אים מכבד געווען אין בית־מדרש מיט „הגבה״, זיך אויסדרייען און מיט דער געהעריי־קער פאַרזיכטיקייט אריינהענגען דעם טאָוול צוריק אין ראַם, פאַרזיכטיק פאַרשליסן עס און געבן אַ צייכן די קינדער, אז זיי זיינען פריי.

מיט אויפברויז פלעגן מיר, קינדער, זיך אַ לאָז טאָן צום טאָוול אויסצו־געפינען אונדזער „פּסק־דין״ פאַר דער וואָך. ניט ווייניק יינגלעך פלעגן זיך באַגיסן מיט טרערן דערזעענדיק: שקידה — 2, הנהגה — 1 און ידיעה — 0. ביי זייער ווייניק, אפשר ביי געציילטע דריי אָדער פיר קינדער פלעגט ארויס־שיינען פון יעדער רובריק אַ 5 און די יעניקע פלעגן דערצו נאָך באַקומען פון חיים דעם גבאי אַ מתנה, א ביכעלע מיט גרינע טאָוועלעך פון דער „כל הנערים ביבליאָטעק״.

איינער פון די אויסדערוויילטע בין איך געווען. אַלע פרייטיק פלעג איך ברענגען אַזאַ ביכעלע אהיים (אַ נאַגראַדע). מיין טאַטע האָט זייער שטאָלצירט דערמיט, כאָטש אין מיין קעגנוואַרט האָט ער עס קיינמאָל ניט ארויסגעוויזן.

* * *

מיין בעסטער חבר יאָסעלע, וועלכער איז געזעסן אין חדר האַרט ביי מיין זייט און מיט וועמען איך האָב שטענדיק נאָכן חדר און אין צווישנצייט

פאַרבראַכט — צוזאַמען פרייטיק נאָכן לערנען געשווומען אין דעם ראַמיס־צער טייך, צוזאַמען אויפן „וואל״ פסח אין ניס געשפילט — האָט אָבער קיין מזל ניט געהאַט צו דעם פאַרשאָלטענעם טאָוול. אפשר דערפאַר ווייל ער האָט צו שטאַרק קיין חשק ניט געהאַט צום לערנען, אָדער אפשר דערפאַר ווייל ער האָט געהאַט אַ שווערע תפיסה. ווי די זאַך זאָל ניט זיין — פרייטיק איז פאַר אים שטענדיק געווען אַ פאַרשטערטער טאָג. דוכט זיך פון דער נאַטור איז ער געווען אַ דרייסטער, אַ פאַרהאַרטעוועטער, אָבער עד היום קאָן איך ניט פאַרשטיין פאַרוואָס ער האָט רואיק ניט געקאָנט אויפנעמען די שלעכטע מיינונגען פאַר אים אויפן טאָוול.

איך זע נאָך עד היום זיינע טרערן, וואָס פלעגן זיך אַראָפּקייקלען פון זיינע באַקן, נאָך דעם ווי איך האָב זיך אָנגעזעטיקט מיטן אָנקוקן מיינע פינפן און ער אויף זיינע איינסן און נולן. מיין האַרץ האָט מיר ווי געטאָן פאַר אים און במילא איז שוין מיין שמחה אויך געווען אַ פאַרשטערטע. ביז, אין איינעם אַ פרייטיק, אַזוי גייענדיק פון חדר אהיים מיט יאָסעלען, איז מיר איינגעפאַלן אַ געדאַנק:

„ווייסטו גאָר וואָס, יאָסעלע״, האָב איך פלוצלונג אים ארומגענומען און אריינגעשושקעט אין אויער, — „לאָמיר גאָר צעברעכן דעם טאָוול!״

יאָסעלע האָט אויפגעשטעלט אויף מיר אַ פּאָר אויגן מיט צופרידנקייט און פאַרוואונדערונג.

„דאָס וואָלט געווען אַ גוטער פּלאַן, אָבער ווי אַזוי מאַכט מען עס?״ — האָט ער נייגעריק געפרעגט.

„דער פּלאַן איז אַ פשוטער״, — האָב איך אים אויפגעקלערט. — „מיר וועלן אויפשטיין פאַרטאָג, אריבערקריכן דעם הינטערשטן פאַרקאַן פון דער תלמוד־תורה, זיך אריינכאַפּן אין חדר, צעברעכן און פאַרברענען דעם טאָוול און קיין האָן וועט אפילו ניט אַ קריי טאָן. דעם טאַטן וועט מען זאָגן, אז מיר גייען צו אַ ׳משמר׳, אויב מען וועט דערהערן... גוט? — גוט!״

* * *

עס האָט אונדז אָפּגעגליקט. מיר האָבן זיך ארויסגעגנבעט פון שטוב בשלום. מיר שלייכן זיך דורך הינטער־געסלעך צו דער תלמוד־תורה. מיט האַרץ־קלאַפּעניש שוין אריבער דעם פאַרקאַן און אָט שטייען מיר ביידע פנים אל פנים מיט דעם גלעזערנעם טאָוול.... די דלאָניע פארשטעקט אין אַרבל — בראַזג... און שטיקער גלאָז צעשיטן זיך מיט געזאַנג איבערן דיל.

אַ ריס, אַ פּליק דעם טאַוול... אונטערגעצונדן... עס ברענט... ציפּערן מיט נעמען פאַרשווינדן מיטן רויך... אַ קליין ביסעלע אַש צעפאַלט זיך. אויפ־געגטע פון שרעק גנבענען מיר זיך צוריק אריין אויף אונדזערע געלע־גערס, ווי קיין זאַך וואָלט ניט פּאַסירט.

אָפּגערעדט האָבן מיר צו קומען דאָס מאָל אין חדר ניט פון די ערשטע, כדי קיין חשד זאָל אויף אונדז ניט פאַלן. צו פאַרשטאַרקן די זיכערקייט פון אונדזער „סוד" האָבן מיר זיך געגעבן אַ שבועה, איבערגעהאַקט די הענט מיט אַ ציצה, —און אזוי זיינען מיר כמעט גלייך מיטן רבין אָנגעקומען זונ־טיק פרי אין חדר אריין.

אין חדר רוישט ווי אין אַ בינשטאָק. יינגלעך זיינען אויפגערעגט פון שמחה. די ערשטע באַגעגעניש: צעבראָכן דעם טאָוול! ווער, וואָס, ווען? — קיינער ווייס ניט. אזוי, געפונען צעבראָכן, פאַרברענט — און אַ סוף!

שאַ, דער רבי גייט, ר׳ שלום גייט! אַלע ווערן שטיל, דער טומל איז ווי מיט אַ מאָל אָפּגעשניטן געוואָרן.

דער רבי איז פאַרוווּנדערט פון דער שטילקייט... וואָס איז געשען? מיט אַמאָל: „וויי איז מיר" — האָט זיך ביים רבין ארויסגעריסן צוזאַמען מיט אַ זיפץ.

„ווער האָט עס צעבראָכן דעם טאָוול? ווי אזוי איז עס געשען?" ר׳ שלום איז רויט געוואָרן, פאַרבראָכן די הענט, ווי איינער וואָס האָט אים אַ גרויסער אומגליק געטראָפן. ער איז געבליבן שטיין פאַרלאָרן, ניט וויסנ־דיק אויפן מאָמענט וואָס צו טאָן. באַלד האָט ער זיך אָבער באַהערשט און האָט באַפעלעריש פאַראָרדנט די קינדער זאָלן פאַרנעמען זייערע פּלעצער.

מיט געמאַכטער רואיקייט האָט ער פּרובירט פאָרשן יעדן יינגל, אפשר ווייסט ער ווער עס האָט דאָס געטאָן. אָנגעהייבן האָט ער מיט גוטן, מיט געמאַכטער איינגעהאַלטנקייט, אָבער אז עס האָט ניט געהאָלפן איז ער אריי־בער מיט זיין געוויינלעכן כעס. ער האָט געסטראַשעט די קינדער, געקלאַפּט מיט די פויסטן אין טיש. יינגלעך זיינען געזעסן און געציטערט ווי בלעטער אין הארבסט, אָבער קיינער האָט קיין קלאַנג ניט ארויסגעבראַכט. ביז — ענדלעך האָט ר׳ שלום געשיקט רופן ר׳ חיים דעם גבאי.

מינוטן האָבן זיך געצויגן ווי קריכנדיקע שלאַנגען. אָט קומט שוין ר׳ חיים דער גבאי. אַ הויכער, פעסטגעבויטעטער ייד, מיט אַ קיילעכיק געשוירן בערדל, האָט ער מיושבדיק באַטראַכט די פיצלעך גלאָז, וואָס האָט זיך נאָך

געוואַלגערט אויפֿן דיל. ער האָט באַטראַכט די צעבראָכענע ראָם, די צע־שראָקענע ייִנגלעך און אין דער שטיל זיך אָנגעקוועטשט שמועסן מיטן רבין.

באַלד האָט ער זיך אויפֿגעשטעלט, אויפֿגעהאָנגען דעם מאַנטל, דעם שטעקן אין אַ ווינקל פֿאַרזיכערט. ער האָט פֿאַרנומען דעם רבינס בענקל און כמעט מיט אַ געבראָכענער שטים זיך געווענדט צו אונדז, קינדער:

„איך בעט אײַך, זאָגט אויס ווער עס האָט צעבראָכן דעם טאָוול?"

אַ טויטע שטילקייט.

ר' חיים דער גבאי האָט גענומען באַטראַכטן יעדן ייִנגל. געקוקט מיט זײַנע טיפֿע אויגן יעדן ייִנגל אין פּנים אַרײַן, אָבער אָן רעזולטאַטן.

„איך פֿאַרזיכער אײַך, קינדער, אַז מ'וועט קיינעם ניט באַשטראָפֿן, גאָר־ניט טאָן", האָט דער גבאי זיך געווענדט מיט אַ שמייכל אויפֿן פּנים. „איר דאַרפֿט קיין מורא ניט האָבן. איך גיב אײַך מײַן ערן־וואָרט".

קיינער ווייס ניט.

ר' חיים האָט גענומען אַפּעלירן צום געוויסן פֿון די קינדער. ער האָט זיי פֿאַרזיכערט, אַז דער וואָס ווייס און דערציילט ניט אָדער איז זיך ניט מודה, וועט אָן ספֿק פֿאַרלירן זײַן חלק „עולם הבא". דער גיהנום וועט ווערן זײַן אייביקייט. און ווען דאָס האָט אויך ניט געהאָלפֿן, האָט ר' חיים דער גבאי זיך אויפֿגעשטעלט און פֿייערלעך דערקלערט, אַז אויסער זײַן צוזאָג ניט צו באַשטראָפֿן דעם שולדיקן וועט נאָך דער יעניקער, וואָס וועט אויסזאָגן אָדער זיך מודה זײַן, באַקומען אַ האַלבן רובל אַ מתנה.

יאָסעלע איז געוואָרן שטאַרק אויפֿגערעגט. צי דאָס איז געווען די מורא פֿאַרן פֿאַרלירן דעם חלק „עולם הבא", אָדער דאָס אָפּפֿינצטערן די גאַנצע יענע־וועלט אין גיהנום, אָדער די 50 קאָפּיקעס וואָס האָט אים אָנגעלאָקט — און פֿאַר זײַנע אייגענע אויגן האָבן שוין גענומען שוועבן אַלע גוטע זאַכן וואָס ער וועט קענען זיך אײַנקויפֿן פֿאַר אַזאַ מטמון...

„רבי... רבי..." — האָט ער גענומען שטאַמלען, אַראָפּלאָזנדיק זײַנע אויי־געלעך צו דער ערד — „איך בין ניט שולדיק... דאָס האָט מענדעלע פֿאַר־טראַכט, דאָס האָט ער צעבראָכן... איך... איך האָב בלויז אים מיטגעהאָלפֿן"...

אַ טויטע שטילקייט האָט אָנגעפֿילט דעם חדר. מײַן קאָפּ האָט מיר גע־נומען שווינדלען, טרערן האָבן זיך געשטעלט אין מײַנע אויגן און איך האָב קיין וואָרט ניט געקענט אַרויסברענגען.

סיי דער גבאי, סיי דער רבי זיינען דערשטוינט געוואָרן דערהערנדיק, אז דאָס האָט אָפּגעטאָן זייער בעסטער תלמיד. ר׳ חיים דער גבאי האָט אָבער זיין צוזאָג געהאַלטן. אין חדר האָט מען מיך ניט באַשטראָפט. דער רבי האָט מיר גענומען פאַר אַ הענטל און מיך געבראַכט אַהיים צו מיין טאַטן.

אַ ליכטיקן גן־עדן זאָל ער האָבן, דער טאַטע מיינער, — די שמיץ געדענק איך נאָך עד היום.

# פאַרדינטע און אומזיסטע קלעפּ

עס איז געווען ווינטער. די אָסיענדיקע רעגנס האָבן שוין לאַנג אויפֿ־געהערט און טרוקענע פֿרעסט האָבן פֿאַרנומען זייער אָרט. דער ערשטער שניי איז ארויס און האָט צוגעדעקט די גאַסן. דעכער און ביימער זיינען באַ־דעקט געוואָרן מיט אַ ווייסן פּוך. מיר, יינגלעך, האָבן גלייך דערפֿילט דעם גליטשיקן טראָט אונטער די פֿיס אויף דעם איינגעטראָטענעם שניי, אויף די סטעזשקעס ביי די הייזער. עלטערע מענטשן האָבן גענומען שטעלן פֿאָרזיכ־טיקע טריט, זיי זאָלן זיך חלילה ניט אויסגליטשן און פֿאַלן. פֿאַר אונדז, יינגלעך, האָט זיך שוין געעפֿנט דער „גליטש־סעזאָן".

יינגלעך האָבן זיך גענומען גרייטן מיט זייערע גליטשערס. די רייכערע האָבן זיך באַצייטנס פֿאַרזאָרגט מיט פֿאַרטיקע אייזערנע גליטשערס. אָבער פֿאַר אָרעמע יינגלעך — און איך בין געווען צווישן זיי — זיינען אַזעלכע גליטשערס געווען אַ צו גרויסער לוקסוס, האָבן מיר קיין ברירה ניט גע־

האָט און מיר פלעגן זיך אליין מאַכן הילצערנע גליטשערס. עס איז זייער לייכט ארויסצורייזן — הילצערנע גליטשערס. זיי זיינען ניט אראָפּגעפאַלן פון הימל ווי דער מן אין מידבר, — בויג זיך איין און הייב עס אויף. ביז איינער, אזא ווי איך, האָב שוין דערלעבט אויפצוקלייבן אַ קאָפּיקע צו אַ קאָפּיקע, דערנאָך דעם „קאַפּיטאַל" אוועקגעטראָגן צו הירשל דעם סטעלמאַ־כער, ער זאָל פּונקט צו דער מאָס אויסקיילעכיקן אַ פּאָר הילצערנע גליט־שערס, וואָס זאָלן אַקוראַט פּאַסן צו דער פוס אזוי, אז די שטיוועלעך זאָלן זיך פעסט אַוועקשטעלן אויפן גליטשער, קאָנט איר מיינען אז אויך דאָס איז זייער לייכט אָנגעקומען? איז האָט איר אַ טעות!

יעדן טאָג פלעג איך זיך אראָפּכאַפּן, אויף טשעקאַוועס, צו הירשל דעם סטעלמאַכער געוויר ווערן ווי עס האַלט שוין מיט מיינע גליטשערס. און ווען עס איז ניט געווען פאַרטיק פלעגט ר׳ הירש, וועלכער איז אגב געווען אַ גרויסער לץ, פאַרשלאָגן אונדזערע קינדערשע רעיונות מיט אַ פּאָר וויצן, מיט אַ חכמה און הייסן אונדז ווידער קומען מאָרגן אָדער איבערמאָרגן... און אזוי פלעגן אוועקגיין אַ שיינע פּאָר וואָכן.

אז מיר, יינגלעך, פלעגן אָנהייבן אַפּעלירן צו ר׳ הירש׳ס יושר: „סטייטש, ר׳ הירש, עס וועט דאָך באַלד אריבער דער ווינטער און ווער דאַרף עס גליטשערס אויף זומער?" פלעגט ר׳ הירש אַ גלעט טאָן זיין לאַנגע באָרד וואָס איז געווען באַדעקט פול מיט סטרוזשקעס און פלעגט אָנהייבן לאַנגזאַם ציען איין העלצל נאָכן צווייטן, אזוי ווי ניט אים מיינט מען עס, און פלעגט ענטפערן:

„כ׳מייך, ביי גאָט זיינען פאַראַן אַ סך ווינטערס. די גליטשערס וועלן ניט קאַליע ווערן, וועט איר זיי האָבן אויף איבער אַ יאָר!"

און אז גאָט האָט שוין געהאָלפן און מען איז ארויס פון דעם סטעלמאַ־כער מיט די גליטשערס, האָט מען זיך ערשט דאַן אוועקגעלאָזט צו יאָשע דעם שמיד, ער זאָל פון אונטן איינפעסטיקן אזוינע גראָבע, שאַרפע שטיקער אייזנס אָדער שטאָל, וועלכע ער פלעגט עס פריער ברענען אין פייער און דערנאָך אויסמייסטרעווען אויף דער קאָוואַדלע, ווען דער אייזן איז נאָך גע־ווען אָנגעגליט פון פייער. דערנאָך פלעגט ער עס איינפעסטיקן אין דעם האָלץ אונטן פון די גליטשערס. מיט אַ ברענענדיקן דראָט פלעגט ער אויס־בויערן לעכער פון פאָרנט און פון הינטן, כדי מען זאָל קענען אַהין ארייינציען די שטריק, און ערשט דאַן זיינען די גליטשערס מיט מזל געווען פאַרטיק.

איך זאָל בעמען אויסדערציילן אין פּרטים וויפל צרות, האַרצווייטיק און פּורעניות איך האָב דורכגעלעבט ביז גאָט האָט געהאָלפן און איך האָב שוין דערזען מיינע גליטשערס פּאַרטיקע, ווען עס פאַרנעמען צופּיל צייט. אָבער אז איך האָב זיי דאָס ערשטע מאָל אָנגעטאָן און זיך אוועקגעלאָזט גליטשן — און גליטשן זיך האָב איך שוין געקענט פון פריער, ווייל חברים פלעגן מיר שטענדיק אויסלייען זייערע גליטשערס — האָב איך דאַן פאַרגעסן אָן אַלע צרות און איך פלעג שוין אויסקוקן אויף דער מינוט ווען פריי־טיק נאָכן לערנען פלעגן מיר, יינגלעך, דורך הינטערוועגן זיך אוועקלאָזן אויפן טייך און הנאה האָבן פון די קונצן וואָס מיר פלעגן באַווייזן אויף די גליטשערס.

* * *

איין פרייטיק פאַרנאַכט האָט געשאָטן אַ נאַסער שניי. ביינאַכט האָט געכאַפּט אַ גאַנץ וואָזשנער פראָסט און פאַרפרוירן דעם וואַסערדיקן שניי. אויפן שול־הויף איז געוואָרן אזא גליטש, וואָס די גרעסטע מייסטערס וואָלטן עס ניט געקאָנט אויסמייסטרעווען. יידן און ווייבער האָבן יענעם שבת פרי, גייענדיק אין בית־מדרש צום דאַווענען און צוריק, זיך געמוזט האַלטן פאַר די הענט. געגאַנגען איז מען אזוי ווי פון אַ משופּעדיקן באַרג אַראָפּ, מיט גאָר קליינע טריטעלעך.

פאַר אונדז, יינגלעך, האָט מען אָבער ניט געדאַרפט זאָרגן. מיר זיינען געווען די גליקלעכסטע וואָס צום דאַוונען און צוריק האָבן מיר, כאָטש אום שבת בפרהסיה, זיך געקאָנט גליטשן און ניט כאַפּן דערפאַר קיין פעטש פון אונדזערע טאַטעס. היינט ווער רעדט נאָך אז אַ יינגל האָט פאַרמאָגט אונ־טער זיינע שטיוול פּאַדקאָוועס. און איך וואָלט געגאַנגען מיט אייך אין אַ געוועט, אז ווען אונדזערע טאַטעס שעמען זיך ניט, וואָלטן זיי זיך אויך אַראָפּגעלאָזן באַרג אַראָפּ פון שול־הויף אויף זייערע שטיוול מיט די אייזער־נע פּאַדקעוועס.

איז מיר איינגעפאַלן אַ געדאַנק: אַלע שבת נאָכן עסן שלאָפט מיין טאַ־טע גאַנץ געשמאַק זיין נאָכן־טשאָלנט־שלאָף. און אזוי שלאָפן דאָך אַלע פרומע יידן ביז זיי קלייבן זיך גיין צו מנחה. וואָלט ניט געווען אַ גוטער פּלאַן אַראָפּצונעמען שטילערהייט די גליטשערס פון בוידעם און כאַפּן אַ גוטן גליטש טאַקע אויפן שול־הויף, וואָס דער בעסטער „קאַטאָק" קאָן זיך היינט ניט פאַרגלייכן מיטן שול־הויף גליטש?

געטראַכט און — געטאָן!... מיין פאַרגעניגן פון אָט דעם אַ שבתדיקן גליטשן זיך אויפן שול־הויף פאַרגין איך איך ניט פשוט צו דערציילן. אָבער קיין צופיל פאַרגעניגן האָט גאָט דעם מענטשן מיט איינמאָל ניט צוגע־פסקנט... ווער האָט זיך געזאָלט ריכטן, אז גראָדע דעם שבת וועט מיין טאַטע פאַרבייגן אויף זיין שטענדיקן שלאָף און אויפשטיין סך־הכל נאָך אַ קורצן דרימל און גיין אין „שטיבל" לערנען עטלעכע פרקים משניות? וואָלט איך אים כאָטש פון דערווייטנס דערזען, וואָלט איך שוין געמאַכט אַ „ויברח" ווו די אויגן וואָלטן מיך געטראָגן. אָבער איך בין געווען אזוי אָנגעזעטיקט מיט הנאה פון די קונצן וואָס איך האָב געמאַכט, אז איך האָב לחלוטין ניט באַמערקט ווי מיין טאַטע איז אָנגעקומען און איך בין שיעור ניט ארויפ־געפאָרן אויף אים מיט די גליטשערס...

מיר איז מיט איין מאָל פינצטער געוואָרן פאַר די אויגן. איך האָב קוים געהערט זיין בייזן געשריי: „טו אויס שוין די קאָנקעס (גליטשערס) און קום מיט מיר אַהיים!"

אָן אַ וואָרט אויסצוריידן האָב איך אויסגעפאָלגט זיין באַפעל. איך גיי פאָרויס, ער הינטער מיר. וואָס עס האָט זיך אָפּגעטאָן אין שטוב פאַרשפּאָר איך אייך צו דערציילן. אָבער, לויט מיין מיינונג, האָט ער פון צופיל צע־קאָכעניש אויך מחלל שבת געווען. אזוי אין כעס זיין האָב איך נאָך אים ניט געזען... ער האָט אַ כאַפּ געטאָן אַ ברעט, וואָס איז אים אונטערגעקומען אונ־טער דער האַנט — און די סיבה פאַרוואָס דאָס ברעט איז גאַנץ געבליבן, איז דערפאַר ווייל עס איז געווען פון דעמבאָוון האָלץ. די גליטשערס, וואָס זיי־נען מיר מיט אזוי פיל צרות אָנגעקומען, האָט ער צוגענומען און איך האָב זיי שוין מער ניט געזען — אַפּנים אַוועק מיטן רויך...

מיין שטראָף איז געווען מיט דער פולער מאָס: אזוי פיל קלעפּ באַקומען, די גליטשערס פון מיר צוגענומען — איז עס דאַכט זיך אַ גענוגנדע שטראָף? ניין, ניט פאַר מיין טאַטן. ערשט איצט האָט ער מיר באַפוילן גיין מיט אים אין „שטיבל", ווו ער וועט לערנען משניות און איך, כדי גאָט זאָל מיר מכפר זיין פאַר אזא גרויסער עבירה ווי זיך גליטשן אום שבת און נאָך אויפן שול־הויף, זאָל זאָגן תהילים מיט כוונה, וועט גאָט מיר אפשר מוחל זיין...

אַ ברירה האָב איך געהאַט? מיין טאַטע האָט מיך באַזעצט אין אַ ווינקל פון „שטיבל", ווו ער און נאָך עטלעכע יידן האָבן זיך צוזאַמענגע־קליבן לערנען משניות. ער האָט מיר צוגעטראָגן אַן אלטן, צעפליקטן תהי־

לים און האָט מיך באַפוילן צו זאָגן תהילים, אָבער מיט כוונה, וועגן קיין זאַך ניט טראַכטן און נאָר האָבן גאָט אין זינען.

„נו, זאָג, וואָס וואַרטסטו ?"

איך האָב אָנגעהייבן זאָגן דעם תהילים שטילערהייט, שעפּטשענדיק.

„אָט דאָס הייסט ביי דיר געזאָגט תהילים בכוונה ? ערשטנס ביסטו ניט חולה צו זאָגן העכער, צווייטנס דאַרף מען זאָגן תהילים מיט אַ ניגון און דריטנס, דאַרף מען וויינען אויב דו ווילסט אז גאָט זאָל דיר מוחל זיין פאַר אזא עבירה. וויין, זאָג איך דיר !"

היינט ווי זאָל איך נעמען אזוי פיל טרערן ווען איך האָב שוין פאַרגאָסן א סך ביים קריגן געשלאָגן מיט דער ברעט, און איבערהויפּט נאָך אזוי פיל פאַרגיסן טרערן אויף מיינע טייערע גליטשערס, וואָס נאָך אזוי פיל מאַטער־ניש און פורעניות האָב איך זיי דערלעבט צו קריגן, און וועל זיי שוין מער קיין מאָל ניט זען.

מיין טאַטע האָט דערזען אז איך בין ווייט פון וויינען, האָט ער אַפּנים געוואָלט ווייזן זיינע „שטיבל"־מענטשן וואָס ער קען און ער האָט אויף דאָסניי מיר גענומען שלאָגן איך זאָל וויינען און — ער האָט טאַקע אויס־געפירט. איך האָב זיך צעוויינט אויף דאָסניי, ניט מחמת ס'האָט מיר ווי געטאָן פון די פּעטש וואָס ער האָט מיר מכבד געווען, נאָר פאַר חרפה און בושה פאַר די פרעמדע יידן. און ווען ניט איינער א ייד מיט א חשובער לאַנגער, שוואַרצער באָרד, דורכגעוועבט מיט זילבערנע פאָסן אין דער מיט, וואָלט זיך ניט אריינגעמישט און מיין טאַטן ניט אָפּגעהאַלטן, ווער ווייסט ווי לאַנג ער וואָלט מיך געשלאָגן און מיט וואָס דאָס וואָלט זיך געענדיקט.

מילא, ווען מען וואָלט געמאַכט אַ משפט זיך פונאַנדערצוקלייבן צי מיין טאַטע איז געווען גערעכט מיטן שלאָגן מיך אזוי פיל און נאָך מבייש זיין מיר פאַר מענטשן, אָדער צי איך בין געווען באַרעכטיקט זיך צו גליטשן אום שבת, דערצו נאָך אויפן שול־הויף, וואָלטן מסתמא די פרומע יידן ווי מיין טאַטע איז געווען געוויס געגעבן גערעכט מיין טאַטן. אָבער ווען מען פרעגט מיך, וואָלט איך געזאָגט אז מיין טאַטע איז געווען לחלוטין אומגערעכט פאַרן שלאָגן מיך אזוי פיל און דערצו נאָך צונעמען פון מיר מיינע גליטשערס לעולם ועד. איך זע ניט מיט וואָס איך האָב זיך אזוי פאַרזינדיקט פאַר גאָט דערמיט וואָס איך האָב געפּראַוועט מיט זיך אַן אמתן עונג שבת. איר קענט אייך זאָגן וואָס איר ווילט, אָבער איך פאַרזיכער אייך אויף מיינע נאמנות —

איך געדענק ניט ווען איך האָב געהאַט אזא הנאה ווי איך האָב עס געהאַט דע־מאָלט ווען איך האָב זיך געגליטשט אויפֿן שול־הויף אויף מיינע גליטשערס. אויב יידן האַלטן פֿון עונג שבת, האָב איך דעמאָלט פֿאַרדינט אַן אמתע מצווה. אָבער איך לאָז עס איבער צו אייך, מיינע לייענערס, איר זאָלט אַרויסטראָגן דעם פּסק־דין און איך וועל אָננעמען אייער אורטייל. — „אחרי רבים להטות״.

וואָס איך בין איצט אויסן איז גאָר עפּעס אַנדערש. איך וויל אייך דער־ציילן נאָך איין עפּיזאָד פֿון מיר מיט מיין טאַטן און אַדרבא, זאָגט איר אויף אייער אייגענעם סאָוועסט, ווער איז דאָ גערעכט געווען?

# צוליב דעם ערשטן אויטאָ אין שטעטל קריג איך קלעפּ

דאָס איז געווען אַ פֿרייטיק. ס׳איז זומער לעב! די זון שיינט און וואַ־רעמט, קוים זיך דערוואַרט דער זייגער זאָל זיין 12. מיר יאָגן זיך אַלע אַרויס פֿון תלמוד־תורה מיט אַ געלאָף, אַ געפּילדער צום ראַמיסצער טייך זיך באָדן. מיר קומען שוין באַלד נאָענט צום טייך, ניט ווייט ווו דער וועג פֿאַרקערע־וועט זיך צו דער קליבאַניע, ווו דער פּוילישער קסיאָנדז לעבט און ווו ניט ווייט שטייט טאַקע דער פּוילישער קאָשציאָל. ערשט אַ גאַנצע חברה ייִנג־לעך האָבן אונדז באַגעגנט מיט אַ מאָדנער אויסטערלישער מעשה: זיי האָבן געזען ווי אין דער קליבאַניע איז איינגעפֿאָרן אַ וואָגן אויף פֿיר רעדער, נאָר אָן אַ פֿערד. איין מענטש איז געזעסן אין פֿאָרנט פֿון וואָגן און צוויי מענטשן זיינען געזעסן פֿון הינטן, אָבער קיין פֿערד איז ניט געווען. זיי האָבן עס אליין געזען, „בעינינו ראינו״, און אז מיר האָבן זיך צעלאַכט און ניט געוואָלט גלויבן, האָבן זיי אַלע געשוווירן: זיי זאָלן אזוי דערלעבן אַלדאָס גוטס און זאָלן זיי אזוי געזונט זיין ווי ס׳איז אמת אַלץ וואָס זיי דערציילן. זיי זיינען אפֿילו אַלע מוכן ומזומן גיין אין בית־מדרש אריין, ווי עס איז היינט ערב שבת אויף דער וועלט, און שווערן ביים אָרון קודש.

איז דאָך ניט שייך צו זאָגן — מען האָט זיי, די ייִנגלעך, וואָס זיינען גרייט צו שווערן ביי אַ ספר תורה, געמוזט גלויבן!... היינט ווי זשע לאָזט

מען איבער אזא געשעעניש און מען לויפט זיך באָדן? איז נאָך אַ קורצן יישוב הדעת באַשלאָסן געוואָרן, אז מען בלייבט דאָ אויפן אָרט וואַרטן אויפן וואָגן וואָס לויפט אָן פערד. ווייל דער שכל איז מחייב: — אויב דער וואָגן איז אריינגעפאָרן צום קסיאָנדז אין קליבאַניע, וועט ער דאָך מוזן ארויספאָרן צוריק. ער איז דאָך אויף איביק אַהין ניט אריינגעפאָרן! אזוי האָבן זיך יינגלעך געפילפולט. וואַרטן מיר אַלע. און אין אַ חברה איז גוט צו וואַרטן. בציבור איז לעבעדיק און פריילעך. מען שטייט ניט ווייט פון דער קליבאַניע און מען חכמעט זיך, מען שטיפט אונטער, מען פרובירט זיך אין כחות ווער עס איז שטאַרקער, ווער וועט קענען גיכער יענעם אָוועקלייגן — און ס'איז לעבעדיק. מען זעט גאָר ניט ווי די צייט גייט אוועק און ווי דער זייגער יאָגט נאָך די צייט. און אז מען וואַרט דערוואַרט מען זיך! מיט אַמאָל דער־הערט זיך אַ טרומייטערן אזוי ווי אַ תקיעה אום ראש השנה און אין אַ ווייל ארום — דער וואָגן. אַלע קענען שווערן אז דער וואָגן גייט אָן אַ פערד, פונקט ווי די יינגלעך האָבן דאָס פריער געמאָלן: איין מענטש זיצט פון פאָרנט און דרייט מיט אזא רעדל, צוויי מענטשן זיצן פון הינטן און רויכערן זיך ליולקעס און גאָר פון הינטן ביי די רעדער קייקלט זיך אַ רויך וואָס פאַרשטינקט די גאַנצע גאַס.

שטעלט איך פאָר אז מיר יינגלעך האָבן אויפגענומען דעם וואָגן־אָן־פערד מיט אַ שיינעם קבלת־פנים. הורא! האָבן מיר אַלע אין איין קול געשריען, אָט פונקט ווי מיר פלעגן אַלע אין איינעם אין בית־מדרש ביים בענטשן חנוכה־ליכט אויסשרייען דעם „אָמן". עפּעס האָבן מיר זיך דאָ געפילט פריי צו שרייען „הוראַ", אזוי ווי אין בית־מדרש ווען דער הויכער משה לייב דער שמש פלעגט אויסדריידלען זיין „להדליק נר של חנוכה", זיין „בימים ההם בזמן הזה" און זיין „והגיענו לזמן הזה", און נאָך יעדער ברכה האָבן מיר, יינגלעך, דאָס איינציקע מאָל אין יאָר געהאַט דאָס רעכט אויסצושרייען בקול רם דעם „אָמן". איז וואָס־זשע פרעגט איר? דער וואָגן גייט און מיר, די גאַנצע כאָפּטע יינגלעך, לויפן נאָך אים אין גאַס מיט אַ טומל, אַ געשריי און אויפן וועג קומען צו נאָך יינגלעך. הכלל, ס'איז אַ לעבעדיקע וועלט. האָט זיך ווער געקאָנט ריכטן אויף אזא באַגעגעניש? דער וואָגן איז שוין אויפן מאַרק, מיר נאָך אים; פון מאַרק אריין אין ניעסוויזשער גאַס, מיר נאָך אים, ביז ער איז פאַרשוווּנדן הינטערן שטאָט.

מיר גייען אַלע צוריק ווי מיר וואָלטן איינגענומען א גרויסע מלחמה.

איך אייל זיך זייער אהיים. ערשטנס — אָנזאָגן די גרויסע אנטדעקונג, אי־בערהויפּט מיין טאָטן, און צווייטנס איז שוין טאַקע שפּעט, מען דאַרף זיך שוין גרייטן מקבל שבת זיין. איך גיי שוין ניט, איך לויף!... געקומען אין שטוב אָן אָטעם, אָבער לעבעדיק, פריילעך אָנצוזאָגן די גרויסע נייעס...

„וווּ איז מען דאָס געוועזן אזוי שפּעט, תכשיט מיינער? ווייסטו ניט אז ס׳איז שוין צייט צו גיין אין בית־מדרש צו קבלת־שבת?״

„טאַטע, איך האָב געזען פאַרנדיק אַ וואָגן אָן אַ פערד!״

„וואָס האָסטו געזען?״ גראָבט איין אין מיר דער טאַטע אַ פּאָר אויגן פול מיט ווונדער.

„איך האָב געזען אַ וואָגן אליין, אין גאַנצן אָן פערד, מער ניט וואָס אויפן וואָגן איז פון פאָרנט געזעסן אַ מענטש און הינטן צוויי מענטשן, און דער וואָגן איז געלאָפן נאָך גיכער ווי מיט אַ פערד!״

„איר פאַרשטייט, — ווענדט זיך מיין טאַטע צו די שטוביקע, — איר פאַרשטייט עפּעס וואָס ער האָט דאָ אָנגעקאָלאָטשעט, דער אָשוסט? נו, דער־צייל עס אָקאָרשט נאָך אַמאָל, אָבער מיט אַ טאָלק און זאָלן עס אַלע הערן!״

„טאַטע, מיר זיינען געווען אַ גאַנצע כאַפּטע יינגלעך נעבן דער קליבאַ־ניע, דאָרט האָבן מיר געטראָפן נאָך יינגלעך, וועלכע האָבן אונדז דערציילט די מעשה מיטן וואָגן אָן פערד וואָס זיי אליין האָבן געזען. נו, האָבן מיר אַלע געוואַרט אויפן וואָגן ביז ער וועט ארויס פון דער קליבאַניע. ער איז ארויס און — געפאָרן. זיינען מיר יינגלעך געלאָפן נאָכן וואָגן אָן פערד. אויפן וואָגן זיינען געזעסן דריי מענטשן, איינער פון פאָרנט וועלכער האָט עפּעס געדרייט מיט אַ ראָד און די אנדערע צוויי זיינען געזעסן פון הינטן ווי די פּריצים און נאָך געגרויכערט ליולקעס. דער וואָגן איז געלאָפן אָן פערד און האָט פון הינטן ארויסגעלאָזן אַ רויך, ביז ער איז אריין אין ראַמיס־צער גאַס, דערנאָך אין דער יידישער גאַס, דערנאָך אויפן מאַרק און אין ניעסוויזשער גאַס, ביז ער איז אין גאַנצן נעלם געוואָרן. טאַטע, איך זאָג ניט קיין ליגן, זאָל איך אזוי לעבן. לאָמיר אזוי אַלע לעבן ווי איך זאָג דעם אמת!״

איין פּאַטש און נאָך אַ פּאַטש האָבן מיר געגומען פייערן איבערן פּנים און פאַרקלונגען מיינע אויערן.

„מילא, אז דו האָסט דאָ אָנגעבאָלבעט אַ פּעקל ליגנס, געוואָלט מיך פאַרדרייען די ציין דערפאַר וואָס דו ביסט געקומען אזוי שפּעט, דערפאַר וואָס דו האָסט געבאָדיונגעוועט אַ גאַנצן פרייטיק, ניט געזאָגט אפילו קיין

אין קאַפּיטל ׳שיר השירים׳ אָדער מעביר זיין די סדרה, פאַר דעם אליין האָסטו באַדאַרפט קריגן דעם אמתן חלק. אָבער נאָך פאַרן שווערן פאַלש, דו באַדיונג איינער! האָסט שוין פאַרגעסן די קלעפּ וואָס דו האָסט געקראָגן ווען דו האָסט געשווירן פאַלש וועגן יענקעלע יענטע־באַשעס, וואָס האָט געריכערט אום שבת? וואַרט! איך האָב נאָך מיט דיר ניט פאַרענדיקט! ס׳איז דיין גליק וואָס ס׳איז שוין שפּעט און מ׳וועט נאָך פאַרשפּעטיקן דעם ׳לכו נרננה׳, אָבער איך וועל נאָך מיט דיר זיך אָפּרעכענען, דו ליגנער איי־נער. אַ וואָגן אָן פערד האָסטו געזען, האַ? — און ווידער אַ פּראַסק... — איבערן מאַרק געלאָפן, איבער אַלע גאַסן, דו אַשוסט איינער!... זיין גליק, איך וואָלט אים קאַפּאַבל צעריסן ווי אַ הערינג, אזא ליגנער״. און צולייגנדיק מיר נאָך אַ שטורך איז ער מיט כעס אוועק אין בית־מדרש.

יענער פרייטיק־צו־נאַכט איז שוין געווען אַ פאַרשטערטער, און אפילו צו מיין שוועסטער־קינד בערעלען ניט געגאַנגען...

# מיינע פעטערס

מיין טאַטע האָט געהאַט צוויי ברידער, ביידע יינגערע פון אים. מיר האָבן אָבער נאָר געוווּסט פון איין ברודער זיינעם. דאָס איז געווען דער פעטער יעקב. און מאָדנע: כאָטש אין אויסזען זיינען זיי געווען ענלעך, זיינען זיי אָבער אין זייערע נאַטורן אין גאַנצן געווען אַנדערש — כרחוק מזרח ממערב. אויסער דעם איז מיין טאַטע געווען אַ געלער, ווי מ׳האָט אים טאַקע גערופן: „אברהם־משה דער געלער״, און דער פעטער יעקב איז געווען אַ שוואַרצער. און דאָ האָט ווייטער די נאַטור אָפּגעטאָן אַ שפּיצל מיט די צוויי ברידער. ביי מיין טאַטן, דעם „געלן״, זיינען אַלע קינדער געווען שוואַרצע און ביים פעטער יעקב, דעם „שוואַרצן״, זיינען צוויי מיידלעך געווען געלע — און גייט פרעגט קשיות ביים רבונו של עולם !...

פון זיין יינגסטן ברודער בעניע, האָבן מיר, מיינע ברידער און שוועסטער, לחלוטין ניט געוווּסט. אויך אונדזערע שוועסטער־קינדער, דעם פע־

טער יעקבס דריי מיידלעך מיט איין יינגל — זיין נאָמען איז געווען בערל — האָבן ניט געוווסט, אז מיר האָבן ערגעץ אַ פעטער בעניע.

בערל, אַ שוואַרץ־שיין יינגל אין מיין עלטער, איז געווען מיין נאָענט־סטער און בעסטער חבר. דער גרעסטער יום־טוב ביי אונדזביידן איז גע־ווען, ווען אונדזערע מאַמעס פלעגן אונדז דערלויבן שלאָפן צוזאַמען — ביי אים, אין איין בעטל און ביי מיר אויף איין טאַפּטשאַן. און ווען אונדזע־רע מאַמעס האָבן דערזען אונדזערע גליקלעכע פּנימלעך נאָך אזא נאַכט שלאָפן צוזאַמען, האָבן זיי געמאַכט שלום מיטן געדאַנק אז קיין שלעכטס, חלילה, וועט דערפון ניט ארויסקומען און מ׳האָט אונדז דערלויבט שלאָפן צוזאַמען אַלע שבתים, ימים־טובים און אין די טעג ווען מען האָט אין חדר ניט געדאַרפט גיין.

איז טאַקע קיין וווּנדער ניט, אז מיט אומגעדולד פלעגן מיר שוין וואַרטן אויף דעם פרייטיק, ווען מיר פלעגן גלייך פון חדר לויפן אָדער איך צו בער־לען אָדער ער צו אונדז, כדי צו פאַרברענגען צוזאַמען, גיין אין שול צוזאַמען, עסן די פרייטיק־צונאַכטיקע וועטשערע צוזאַמען און איבערשלאָפן צוזאַמען.

פאַרשטייט זיך אז מיר האָט זיך שטענדיק בעסער געוואָלט קומען צום פעטער יעקב, צוליב דער רייכערער וועטשערע און צוליב דער זעמעלע מיט די ציקאָריע שבת פרי נאָך פאַרן דאַווענען, וואָס ביי מיין טאַטע־מאַמע האָבן מיר דאָס געקענט זען נאָר אין חלום.

זאָגן אז די באַציאונגען צווישן מיין טאַטן און דעם פעטער יעקב זיינען געווען ווי עס האָט באַדאַרפט צו זיין, אמת ברידערלעכע, קען מען ניט. זיי זיינען, חס ושלום, קיינמאָל ניט געווען ברוגז, אָבער אָן דער ברודער־לעכער האַרציקייט. נאַטירלעך איז געווען א סיבה פאַרוואָס מיין טאַטע האָט געטראָגן אין זיך כמעט זיין גאַנצן לעבן א פאַריבל אויף זיין ברודער. ניט חלילה צוליב פרנסה איז דער פאַריבל געווען. כאָטש זיי האָבן זיך ביידע פאַרנומען מיט דער זעלבער מלאכה — שוסטעריי — איז קיין קאָנקורענץ צווישן זיי קיין מאָל ניט געווען. מיין פעטער יעקב האָט שטענדיק געפירט אַ גרויסן וואַרשטאַט מיט איניקע אַרבעטער, און מיין טאַטע איז געזעסן אליין מיט איין לערן־יינגל, און האָט קוים מיט צרות צונויפגעשטוקעוועט אויף שבת.

דער פעטער יעקב איז געווען מער אונטערנעמער פאַר מיין טאַטן און במילא אויך רייכער. אַ ייד אַ באַלעבאָס מיט אַן אייגענער שטוב אויפן

„וואאל", ווי מיר יינגלעך פלעגן פּסח־צייט שפּילן אין ניס. זיין אונטערנע־מונגס־גייסט האָט אים ניט געלאָזט איינזיצן אויף איין אָרט, האָט ער טאַקע איין מאָל זיך אויפגעהויבן און האָט זיך אוועקגעלאָזט אַזש קיין אפריקע. אָפּגעווען דאָרט אַ שיינע פּאָר יאָר און געקומען צוריק אהיים, ברוך השם, מיט אַ פיינער אַפּטיקא (פאַר יעדן פונט האָט מען דאַן אין רוסלאַנד גע־קראָגן גאַנצע 10 רובל). ער האָט פאַרלייגט אין מיטן מאַרק אַ קראָם פון לעדער און מער צום וואַרשטאַט זיך ניט צוריקגעקערט. מיין טאַטע איז אים, חלילה, ניט מקנא געווען זיין עשירות, פאַרקערט, ער האָט זיך געפרייט וואָס זיין יינגערער ברודער איז אריין אין דער חברותא פון באַלעבאַטים.

ס'איז אָבער געקומען אַ צייט ווען מיין טאַטן איז דערעסן געוואָרן דאָס וואַלגערן זיך מיט ווייב און קינדער אין דעם קליינעם שטיבל מיטן ערדע־נעם דיל, האָט ער באשלאָסן: איינמאָל פאַר אַלעמאָל — ער וועט זיך אָנ־שטרענגען, ער וועט לייען, באָרגן און אויפבויען אַ שטוב פאַר זיך מיט זיין משפחה.

פאַרשטייט זיך, אז די גרעסטע האָפענונג האָט ער געלייגט אויף זיין ברודער יעקב, דעם גביר, ווי ער איז ביים טאַטן געווען פאַררעכנט. ער האָט ניט געוואָלט זיין ברודער זאָל אים געבן, חלילה, נאָר אויסלייען טאַקע אַ היפּשע סומע, ער זאָל זיין ביכולת דורכצופירן זיין פלאַן און האָבן אַן אייגן הויז.

די אידעע האָט שוין מיין טאַטן רוען ניט געלאָזט. גאַנצע טעג פלעגט ער ארומלויפן און ארבעטן מער אין דער נאַכט. צי ער האָט וועגן דעם גע־רעדט מיט זיין ברודער צי ניט האָט קיינער ניט געוווסט. אָבער ער איז גע־ווען זיכער, אז זיין רייכער ברודער וועט אים העלפן אין אויסבויען פאַר זיך „אַ דאַך איבערן קאָפּ". דערווייל האָט ער געקויפט אַ פלאַץ אויפן שול־הויף, האָט גענומען באַשטעלן געהילץ, אָפּגעמאַכט מיט אַ טשעסלער און דער ענין האָט זיך גענומען רירן.

גויים האָבן שוין גענומען פירן די קלעצער פאַרן בנין און ר' אייזיק דער טשעסלער איז שוין אַראָפּגעקומען מעסטן, זעגן און טשעסן די קלעצער־שטאַמען. אָבער מיין טאַטע, אַנשטאָט זיך פרייען איז דאָס פּנים אים גאָר פאַרצויגן געוואָרן מיט אַ כמאַרע. די סיבה? — דער פעטער יעקב האָט אים טאַקע צוגעזאָגט העלפן, ווי דען? אָבער ווען עס איז געקומען אריינצו־שטעקן די האַנט אין קעשענע האָט, ווי עס טרעפט אין אַזעלכע פאַלן, דאָס

האַרץ אים ניט דערלאָזן און מיין טאַטע איז געבליבן ווי אַ טרינקענדיקער וואָס זוכט אַ שטרוי זיך צו ראַטעווען.

פון דאַן אָן האָט זיך געשאַפן דער ריס צווישן די צווי ברידער. כאָטש זיי האָבן געהאַט איינער צום צווייטן, אָבער די פאַרדרוס וואָס מיין טאַטע האָט געהאַט צוליב זיין ברודער, האָט ער ניט געקאָנט פאַרגעסן.

ווי אַזוי דאָס הויז איז אויפגעבויט געוואָרן איז טאַקע געווען אַ רעטעניש. עס זיינען אין אַלע צייטן געווען יידן „בני רחמנים״, פריינד, גוטע באַקאַנטע און סתם גוטע יידן. מ׳האָט אים געליען, געטרויט צוליב זיין אָרנטלעכקייט און גוטן נאָמען, און די שטוב איז פאַרטיק געוואָרן.

די שטוב איז געווען מיט איבערגעצוימטע קאַמערן, מיט אַ קאַכלאָווען אייוון, מיט אַ שיינער פאַדלאָגע פון ניי־געהובלטע ברעטער, און דאָס ערשטע מאָל אין אונדזער לעבן האָבן מיר זיך אַריינגעצויגן אין אַן אייגענער, נייער הויז.

דער פעטער יעקב האָט געפילט, אַז ער האָט ניט געהאַנדלט ברודערלעך לגבי זיין אָרעמען ברודער, אָבער פאַרריכטן די אָפּגעטאָנענע עוולה איז שוין געווען שווער. קאָנטיק אַז דער אינצידענט האָט זיך געלייגט ווי אַ שטיין אויף דעם פעטער יעקבס געוויסן און אין איניקע יאָר אַרום, ווען זיין זון בערל איז אונטערגעוואַקסן, האָט ער אים אַריינגענומען אין זיין לעדערקראָם. ווען ער האָט דערפילט, אַז ער קאָן זיך שוין אויף אים פאַרלאָזן, האָט ער זיך צוריקגעצויגן פון מסחר און זיך איבערגעגעבן צו טאָן מצוות. גאַנצע טעג פלעגט ער זיצן ווי אַ פּרוש אין בית־מדרש איבער אַ משניות, אַן עין־יעקב, אָדער זאָגן תהילים. אין קראָם פלעגט זיין פוס ניט איבערטרעטן.

## מיין קוזין בערל

בערל איז אויסגעוואַקסן אַ שיינער און געראָטענער בחור, און איז געווען זייער פעאיק צו פירן דאָס לעדער־געשעפט. זיינע פעאיקייטן האָבן זיך אַנטוויקלט ניט נאָר אין געשעפט, נאָר אויך אויף אַנדערע געביטן. ער איז געווען אַ גוטער זינגער און אין קלעצקער דראַמאַטישן ליבהאָבער־קרייז איז ער געווען איינער פון די הויפּט־זיילן. צוליב זיין שיינעם אויסזען איז ער געווען צוגעפּאַסט צו שפּילן ליבהאָבער־ראָלן און דעריבער איז אים שטענדיק אויסגעקומען צו שפּילן צוזאַמען מיט דער שיינער דוניע קוליעש, איינע פון די העכסט־אינטעליגענטע מיידלעך פון שטעטל.

דוניע איז געווען די טאָכטער פון אַדוואָקאַט קוליעש און אליין האָט זי פּראַקטיצירט אַלס צאָן־דאָקטאָר. אזוי שפּילנדיק ווי צוויי פּאַרטנערן, האָט זיך ביי זיי אַנטוויקלט אַ ליבע ניט נאָר אויף דער בינע, נאָר אויך אין לעבן. אין שטעטל האָט עס ארויסגערופן אַ גרויסע סענסאַציע: דוניע קוליעש, דעם אַדוואָקאַטס טאָכטער, די דענטיסטקע און בערל טאַבאַטשניק, אַ שוס־טערס אַ זון, און אויך ניט קיין געלערנטער — „טאָג און נאַכט צוזאַמען״.

ווען איך האָב אַמאָל, קומענדיק צו גאַסט, אַ פרעג געטאָן בערלען: „סטייטש, ווי פּאַסט דיר גאָר איין צו פאַרליבן זיך אין דוניע קוליעש? ווי קומסטו צו איר? וווהין קריכסטו? ווערסט זיך נאָך אויסגליטשן און אַראָפּ־פאַלן!״ האָט ער זיך שטאַרק פונאַנדערגעלאַכט מיט זיין מויל ווייסע ציין און מיר געענטפערט:

„נאַרישקייטן! איך קריך אפשר טאַקע צו הויך, אָבער אַראָפּפאַלן וועל איך ניט. אין דעם קען איך דיר פאַרזיכערן. דו דאַרפסט נאָר פעסט באַ־שליסן ביי זיך אז זי, דוניע, וועט זיין דיינע און זי וועט אָן צווייפל זיין. עס ווענדט זיך נאָר אָן דיין שטאַרקן כאַראַקטער און ווילן, דאַן קענסטו מיט אַ פרוי אויספירן אַלץ וואָס דו ווילסט. איך בין זיכער אז דוניע וועט זיין מיין ווייב, אַט פונקט ווי איך בין זיכער אז מיין נאָמען איז בערל!״

דאָס גלייכן ווען מ׳האָט דוניען געשטעלט די זעלבע פראַגע: „סטייטש, ווי קומסטו צו בערלען?״ פלעגט די זייער סימפּאַטישע דוניע אָנשטעלן אירע ביידע באַקן מיט די חן־גריבעלעך און ענטפערן:

„איך קום צו בערלען אויף דעם זעלבן אופן ווי בערל קומט צו מיר — דורך ליב האָבן איינער דעם אַנדערן. און וויסן זאָלט איר, אז אין לעבן איז ניט גענוג צו זיין שיין, קלוג, געבילדעט און אינטעליגענט. מען מוז אויך זיין פּראַקטיש און קוקן אויפן לעבן מיט אָפענע אויגן. און דאָס איז די הויפּט זאַך. בערל איז יונג, יינגער פון מיר, ער איז שיין, קלוג און פעאיק און פאַרמאָגט אויך איינגעבוירענע אינטעליגענץ. ער האָט מיך ליב און איך אים. טאָ וואָס זשע איז מיר געבליבן צו טאָן? דורכלאָזן אזא געלעגנהייט צוליב דעם וואָס זיין טאַטע איז אַמאָל געווען אַ באַלמעלאָכע? אַן אָרנטלע־כער מאַן איז זיין טאַטע, און קיין זאַך ביי קיינעם ניט פאַרנומען. איך קום טאַקע ארויס פון דער אריסטאָקראַטיע, מיין טאַטע איז קוליעש דער אַדוואָ־קאַט — נו, איז וואָס? מיינט איר אז מיין טאַטנס פּרנסה איז מער אָרנטלעך ווי יעקב דעם שוסטערס? האָט איר אַ טעות! איך בין זיכער אז ניט. און

אויב מיר זאָלן נעמען וועגן און מעסטן ווער עס טוט אַ בעסערן שידוך — איך, דוניע קוליעש, דעם אַדוואָקאַטס טאָכטער, אַן אויסגעשטודירטע צאָן־דאָקטאָר, צי בערל טאַבאַטשניק — דער איינפאַכער, אָבער טייערער און האַרציקער גראָטענער בחור, וואָס פאַרמאָגט אַזוי פיל חן, אינטעליגענץ און מענטשלעכקייט, קאָן איך איך פאַרזיכערן, אַז איך טו דעם בעסערן שידוך. און אַזוינע שידוכים אויף אַלע מיינע אינטעליגענטע חברטעס גע־זאָגט געוואָרן! איך ווינטש זיי ניט קיין שלעכטס!"

און דוניע איז געווען גערעכט. בערל מיט דוניען האָבן חתונה געהאַט און געלעבט זייער גליקלעך מיט זייערע דריי שיינע טעכטערלעך, ביז די דייטשע בעסטיע האָט זיי אַלעמען אומגעבראַכט.

בערל טאַבאַטשניק איז געוואָרן איינער פון די חשובסטע פירער פון שטעטל, און טאָקע דערפאַר איז ער געווען פון די ערשטע דערשאָסן צו ווערן.

* * *

דער פעטער בענע איז געווען אין אונדזער משפחה און פעטער יעקבס משפחה אַ מיסטעריע. אַ חוץ אונדזערע טאַטע־מאַמעס האָבן מיר, קינדער, קיין אַנונג ניט געהאַט, אַז מיר האָבן נאָך ערגעץ־ווו אַ פעטער בענע. אָבער דורך אַ צופאַל — טאָקע ווען ס'האָט זיך געטראָפן די ניט־אָנגענעמע פּאַסי־רונג מיט מיין טאַטן און מיטן פעטער יעקב, ווען דער פעטער יעקב האָט צוגעזאָגט מיין טאַטן צו געבן אים די הלוואה אויף צו בויען דאָס הויז, און שפּעטער האָט ער צוריקגעצויגן זיין הבטחה — בין איך געווען אַן עדות ביי אַן איבעררייד צווישן מיין טאַטן מיט דער מאַמען וועגן דעם. און צוליב אַן אומפאָרזיכטיקער באַמערקונג פון מיין מאַמען האָב איך זיך דערוווסט, אַז מיר האָבן ערגעץ אַ פעטער בענע — אַ פעטער, וואָס סיי מיין טאַטע־מאַמע, סיי דער פעטער יעקב און די מומע פעשע האָבן אים באַטראַכט ווי אַ שוואַרצן פלעק אין זייער משפחה. דערפאַר האָבן זיי ווי ווייט מעגלעך זיך באַמיט ניט צו דערמאָנען זיין נאָמען, איבערהויפּט אין דער אָנוועזנהייט פון אונדז, קינדער.

דאָס איז געווען אין מיטן בויען פון אונדזער הויז. מיין טאַטע איז גע־קומען אַהיים אַ פאַרצווייפלטער און מיט טרערן אין די אויגן דערציילט דער מאַמען די טרויעריקע בייס, אַז דער פעטער יעקב האָט חרטה גע־קראָגן אויף זיין צוזאָג אויסצולייען אים דאָס געלט פאַרן הויז.

מיין טאַטע איז געווען אַזוי פאַרצווייפלט, אַז ער האָט זיך פונאַנדער־געוויינט ווי אַ קליין קינד, ביי וועמען מ׳האָט צוגענומען דאָס שענסטע און בעסטע. זיין געוויין האָט אויך אָנגעשטעקט מיין מאַמען און אין פאַרצווייפ־לונג האָט זי זיך ארויסגערעדט: „דיין ברודער יעקב איז ניט בעסער פון דיין ברודער בענען. איך בין זיכער, אַז אפילו בענע, וואָס האָט אַזוי פיל פאַרשוואַרצט דאָס פּנים פון אונדזער משפחה, וואָלט ניט געהאַט אַ האַרץ אָפּצוטאָן אַזוינס — פאַרגיסן דאָס בלוט פון אָן אייגענעם אָרעמען ברודער״.

צי מיין מאַמע האָט ניט באַמערקט אַז איך בין געווען אין שטוב, ווען זי האָט עס מיט אַזאַ ביטערן פאָרוואורף ארויסגעזאָגט די ווערטער, אָדער זי האָט עס, ווי אַ סך דערוואַקסענע, געמיינט — אַ קינד, וואָס ווייס עס און וואָס פאַרשטייט עס? — אָבער דערהערנדיק זיין ברודער בענעס נאָמען איז מיין טאַטע געוואָרן אויפגערעגט, וואָס אַזוי האָב איך אים נאָך קיינמאָל ניט גע־זען. זיין פּנים איז געוואָרן רויט ווי צונטער, און מיט ווייטיק האָט ער זיך גענומען קלאַפּן אין האַרצן, שרייענדיק צו דער מאַמען:

„באַשע, זאָלסט מיר בענעס נאָמען ניט דערמאָנען! בענע איז פאַר אונדז טויט און זיין נאָמען איז אויסגעמעקט פון אונדזער משפחה. איך מיט יעקבן זיינען נאָך אים שבעה געזעסן ווי נאָך אַ נפטר. ברענג ניט ארויף קיין אַלטע פאַרגעסענע וואונדן, ווייל איך וועל עס ניט איבערטראָגן, ס׳איז שוין ניט פאַר מיינע כוחות!״

אונדזער שטיבל איז אָנגעפילט געוואָרן מיט אַ מאָדנער אומאָנגענע־מער טויטער שטילקייט. מער ווי דער טיק־טאַק פון וואַנט־זייגער האָט מען ניט געהערט.

איך בין געזעסן אין אַ ווינקל אויף דער ערדענער פּאָדלאָגע, געווען פאַרטאָן מיט עפּעס אַ שניצערייַ. איך בין געבליבן אין מיטן דאָס שניצן צוהערנדיק זיך צו דעם שאַרפן ווערטער־אויסטויש פון מיין טאַטע־מאַמען, וואָס איך האָב געהערט ס׳ערשטע מאָל אין מיין לעבן. פאַר מיר איז עס פּשוט געווען אַ וואונדער: מיין טאַטע־מאַמע, וואָס האָבן שטענדיק זיך גע־קוקט איינער דעם אַנדערן אין די אויגן אריין און קיינמאָל קיין שלעכט וואָרט איינער אויפן צווייטן ניט געלאָזט פאַלן, האָבן מיט אַ מאָל אויסגע־קוקט אין מיינע אויגן ווי זיי וואָלטן געווען שונאים. צווייטנס — האָב איך ריכטיק געהערט? מיין טאַטע האָט נאָך אַ ברודער, בענע. דאָס הייסט איך האָב נאָך אַ פעטער, וואָס לעבט ערגעץ־ווו און זיינע ברידער זיינען נאָך ביי

זיין לעבן געזעסן נאָך אים שבעה. איצט טאָר מען זיין נאָמען אין הויז ניט דערמאָנען...

איך האָב זיך קוים דערוואַרט אויף דער געלעגנהייט צו דערציילן מיינע ברידער און שוועסטער, וואָס עס האָט פּאַסירט צווישן טאַטן און דער מאַמען און דאָס וואָס איך האָב געהערט. זיי האָבן מיך אָנגעקוקט מיט חשד, מיך איבערגעפרעגט איין מאָל און נאָך אַמאָל. אָבער ווען איך האָב פאַר זיי געשווירן און אַ קוש געגעבן די ציצית פון מיין אַרבע־כנפות, האָבן זיי מיר דעמאָלט געגלויבט. מיין עלטערע שוועסטער, עטל, האָט אונדז אַלעמען אָנגעזאָגט, למען השם, מיר זאָלן עס פאַר קיינעם ניט דערציילן און, חס ושלום, פאַר קיינעם ניט ארויסברענגען עס פון מויל. קאָנטיק אז זי האָט יאָ געוווּסט פון דעם.

ווען איך האָב זיך געטראָפן דעם קומענדיקן פרייטיק צו נאַכט מיט מיין קוזין בערלען, האָב איך זיך ניט געקאָנט איינהאַלטן און אים דערציילט דעם סוד, מיט וועלכן איך האָב זיך ארומגעטראָגן עטלעכע טעג.

מיר האָבן זיך פאַרקליבן אין אַ ווינקל פון שטוב און איך האָב פאַר אים איבערדערציילט אַלץ וואָס איך האָב געהערט וועגן דעם איבעררייד צווישן טאַטע־מאַמען און די אַנטפּלעקונג פון אונדזער נייעם פעטער בענען. בערל האָט מיר געגלויבט, ווייל ער האָט זיך געגומען דערמאָנען ווי זיינע עלטערן האָבן אַמאָל צווישן זיך שטילערהייט גערעדט, כמעט געשושקעט זיך, כדי ער זאָל ניט הערן. אָבער ער האָט יאָ געהערט ווי זיי האָבן דערמאָנט איינמאָל דעם נאָמען בענע. דאַן האָט ער קיין זאַך ניט פאַרשטאַנען, אָבער איצט פאַרשטייט ער שוין. ער זאָגט צו מיר, אז איך בין גערעכט. מיר מוזן טאַקע האָבן ערגעץ־ווו אַ פעטער בענע, וואָס האָט אַפּנים זיך שטאַרק פאַרזינדיקט קעגן אונדזער משפּחה. מיט וואָס ער האָט זיך פאַרזינדיקט ווייס קיינער ניט. אָבער ער האָט געמוזט עפּעס שרעקלעכעס אָפּטאָן, אז זיינע ברידער זאָלן זיצן שבעה נאָך אים און אים לחלוטין אויסמעקן פון דער משפּחה. זיין זינד האָט מסתמא געמוזט זיין זייער גרויס, און פאַר אונדז, קינדער, וועט עס מסתמא בלייבן אַ סוד!...

# אַ צופאַל טרעפט מיר צוזאַמען מיטן פעטער בענע

דאָס איז געווען אין מיטן דער ערשטער וועלט־מלחמה. ס׳איז געווען אַ שטאַרקער דוחק אין עסנוואַרג, און איבערהויפּט אין גוטן טאַבאַק און פּאַפּיראָסן. איך האָב שוין לאַנג געהאַט פאַרלאָזט מיין געבוירן־שטעטל קלעצק, ארומגעוואַנדערט איבער פאַרשיידענע שכנישע שטעטלעך, ווי ניעסוויזש, טימקאָוויטש, קאָפּוליע, סלוצק און כ׳בין געבליבן אין דער שטעטל מיר (דער־מיר) צוליב פאַרשידענע טעמים. ערשטנס, דאָס שטעטל איז מיר געפעלן געוואָרן צוליב אירע ווילע מענטשן. צווייטנס, — און דאָס איז געווען דער עיקר פון מיין פאַרבלייבן אין דעם שטעטל, — איך האָב זיך דאָרט פאַרליבט אין אַ מיידל, וועלכע איז איצט מיין לעבנס־באַלגייטערין — און מיר לעבן שוין אין פריידן איבער 50 יאָר.

מלחמה־צייט בין איך געווען, ווי אַ סך שטעטלדיקע יונגעלייט — אַ לייידיקגייער. נאָך גרויסער קעגנערשאַפט און שוועריקייטן מצד מיין מיידלס

משפחה — גינזבורג — האָב איך סוף כל סוף נושא חן געווען ביי זיי און זיי האָבן מיך צוגעטוליעט ווי אַן אייגענעם. איך האָב געהאַט אַ מעגלעכקייט צו זיין מיט זיי און ארויסהעלפן זיי אין די שווערע מלחמה־יאָרן מיט וואָס נאָר איך האָב געקאָנט.

די משפחה איז געווען אַן אַרבעטסזאַמע און אין דער מלחמה־צייט האָט מען געמסחרט מיט וואָס עס האָט זיך נאָר געמאַכט. איין צייט איז גע־ווען אַ שטאַרקער דוחק אין „סטאַמבאָלס" טאַבאַק און פּאַפּיראָסן. אין יע־נער צייט אין רוסלאַנד איז „סטאַמבאָלס" טאַבאַק געווען פאַררעכנט פאַרן בעסטן מין. און מיט איין מאָל איז עס ווי אויסגערונען געוואָרן, לא בנמצא — פאַר קיין געלט ניט צו קריגן.

מיר האָבן זיך דערוווסט, אז אין באַברויסק קאָן מען אָן קיינע שוועריי־קייטן קריגן „סטאַמבאָלס"־טאַבאַק לרוב. מ׳דאַרף נאָר צאָלן דעם געהעריקן פּרייז. געלט איז ביי דער משפחה גינזבורג אין יענער צייט ניט געווען קיין מניעה. אָבער מען האָט געמוזט גלייך פאָרן קיין באַברויסק, ניט צו פאַר־שפּעטיקן, אז אנדערע סוחרים זאָלן עס ניט אויסקויפן. איז געבליבן מען זאָל מיך שיקן קיין באַברויסק. פאַרשטייט זיך, אז מען האָט מיט מיר גענומען איינקנעלן הלכות־מסחר, ווי מיט אַ חדר־ייִנגל. איך האָב זיי פאַרזיכערט אז איך וועל מיין מיסיע דורכפירן מיט דערפאָלג. א צופרידענער, מעשה סוחר, האָב איך זיך אויסגעפּוצט און אוועקגעפאָרן, מיט די ברכות פון דער משפחה, קיין באַברויסק.

קיין פאַרשלאָפענער בין איך קיין מאָל ניט געווען, בפרט נאָך ווען מען האָט מיך אָנפאַרטרויט מיט אזא געשעפטס־רייזע און מיט אַ היפּשער סומע געלט צו מיין דיספּאָזיציע. איך האָב זיך דערפילט גאָר דערהויבן, כמעט אין זיבעטן הימל. קיין באַברויסק בין איך אָנגעקומען מיט דער באַן גאַנץ פרי, און איך האָב מיט מיין שיינעם, כמעט־ליידיקן טשעמאָדאַן, זיך גע־לאָזט צום ארויסגאַנג פון וואָקזאַל.

ארויסגייענדיק אויף דער פּלאַטפאָרמע האָט זיך אַ לאָז געטאָן צו מיר אַ כאָפּטע איזוואָשטשיקעס און יעדער פון זיי האָט געוואָלט ביי מיר נעמען דעם טשעמאָדאַן און מיך פירן אין שטאָט אריין. באַטראַכטנדיק אזוי יעדן איינעם וואָס רייסן זיך צו מיר מיט אויסגעשטרעקטע הענט, האָט פאַר מיינע אויגן מיט אמאָל אַ בליץ־געטאָן מיין טאַטנס פּנים. פּונקט ווי מיין טאַטע, ווי צוויי טראָפּנס וואַסער, נאָר דאָס בערדל א ביסל קירצער און יינגער מיט

אַ פּאָר יאָר. אפילו זיינע האָר אונטערן היטל מיטן בלישטשענדיקן דאַשעק אויך געלבלעך, אפשר ניט אזוי געל ווי ביי מיין טאַטן. יעדער איינער וואָס האָט געקענט מיין טאַטן, ווען ער וואָלט אַ קוק געטאָן אויף דעם איזוואָש־טשיק אויפן באַברויסקער וואָקזאַל, וואָלט אָן ספק געזאָגט אז דאָס זיינען לייבלעכע ברידער.

עס האָט מיר אַ קלאַפּ געטאָן אין קאָפּ — מיין פעטער בענע! איך בין זיכער געווען אז דאָס איז ער, מיין פאַרלאָרענער פעטער בענע. איך האָב לאַנג ניט געטראַכט, אַ ווונק געטאָן צו אים ער זאָל נעמען מיין טשעמאָדאַן. מיט אַ שמייכל ענלעך צו מיין טאַטנס איז ער צוגעלאָפן צו מיר, געכאַפּט דאָס טירל פון דראָזשקע, מיך געהאָלפן זיך ארייננזעצן און הכנעהדיק מיך געפרעגט וווהין ער זאָל מיך פירן.

„צו אַ לייטישן האָטעל", האָב איך אים געזאָגט.

„גוט". ער האָט זיך אַ צופרידענער ארויפגעזעצט אויף זיין זיץ־אָרט, געטראַכט אַ ווײַלע און געלאָזט זיין פערדל לויפן. איך האָב געזוכט צו פאַרפירן אַ שמועס מיט אים, ווייל אויך זיין שטים און זיין אַרט ריידן האָט, ווי אַן עכאָ, אָפּגעקלונגען אין מיינע אויערן מיין טאַטנס שטים און אַרט ריידן.

ווען דאָס פערדל האָט זיך שוין געשמאַק איינגעלאָפן האָב איך אים געפרעגט: „ווייסט איר עפּעס פון אַ גוטן האָטעל?"

„געוויס", — האָט ער געענטפערט, — „זייער אָפט פיר איך חשובע פּאַסאַזשירן צו פאַרשיידענע האָטעלן, אָבער איבערהויפּט ווענדט זיך עס אָן אייך. איך קען די שטאָט באַברויסק ווי מיינע צען פינגער און איך ווייס אַלע האָטעלן. ווי איך פאַרשטיי ווילט איר אריינפאָרן אין אַ שיינעם האָטעל, פיר איך אייך טאַקע אין איינעם פאָר וועלכן איר וועט מיר דאַנקען. ריין, ציכטיק און זייער אָנשטענדיקע מענטשן קאָנט איר דאָרט טרעפן".

„גוט. איך פאַרלאָז זיך אויף אייך!"

די גאַנצע צייט האָב איך זיך באַמיט ריידן מיט אים, געוואָלט זיך דער־וויסן וואָס מער וועגן אים און טאַקע זיך צוהערן צו זיין שטים און אַרט ריידן. וואָס מער איך האָב מיט אים גערעדט, אַלץ שטאַרקער איז געוואָרן מיין איבערצייגונג, אז דאָס איז ער טאַקע. יאָ, דאָס איז מיין פעטער בענע, וואָס פאַר אונדז, קינדער, איז ער שטענדיק געווען אַ רעטעניש און אין קעגנוואָרט פון אונדזערע עלטערן האָט מען זיך באַמען ניט געטאָרט דערמאָנען.

ווען די דראָזשקע האָט זיך אָפּגעשטעלט אין אַ גרויסן הויף ביי אַ גאַנץ פיינעם האָטעל, איז מיין פעטער בענע גלייך אַראָפּגעשפּרונגען פון זיין זיץ־אָרט, אַן עפּן־געטאָן פאַר מיר דאָס טירל פון דער דראָזשקע, מיך גע־האָלפן אַראָפּגיין פון די טרעפּלעך און גערופן אַ האָטעל־פּאָרטער זאָל נעמען מיין טשעמאָדאַן. אליין איז ער שטיין געבליבן, ווי איינער זאָגט: „יונגער־מאַן, וואָס איז עפּעס מכוח?...״ איך האָב זיך אָבער ניט געאיילט און זיך גע־ווענדט צו אים מיט אַ בקשה:

„זייט מוחל״, — האָב איך צו אים געזאָגט, — „ביי זיך האָב איך קיין געלט ניט. איך בעט אייך, שטעלט אוועק אייער דראָזשקע אַן אַ זייט און קומט, זייט אזוי גוט, אריין מיט מיר אין האָטעל־צימער און דאָרט וועל איך אייך באַצאָלן וויפל עס קומט אייך. איך וועל אייך אפילו באַצאָלן פאַר דער צייט וואָס איר וועט פּטרן״.

אונדזערע אויגן האָבן זיך באַגעגנט און לויט זיין קוקן אויף מיר בין איך געוואָרן זיכער, אז זיין האַרץ האָט אים אויך עפּעס אונטערגעזאָגט. ער האָט אַ שמייכל געטאָן און מסכים געווען. אין אַ ווילע ארום זיינען מיר ביידע געזעסן אין מיין האָטעל־צימער פּנים אל פּנים און אונזער שמועס האָב איך אָנגעהויבן אויפן פאָלגנדיקן אופן:

„אייער נאָמען איז בענע טאַבאַטשניק?״ האָב איך אים אַ פרעג געטאָן, קוקנדיק אים גלייך אין די אויגן.

ער האָט זיך אַ טרייסל געטאָן און אַלע קאָלירן האָבן זיך גענומען בייטן אויף זיין פּנים.

„פון וואַנען ווייסט איר ווי מען רופט מיך?״ האָט ער געקוקט אויף מיר מיט פאַרוווּנדערונג.

„איך האָב אייך אויפן וואָקזאַל דערקענט. איר קוקט אויס פּונקט ווי מיין טאַטע, אייער ברודער אברהם משה!״

„איר זייט אברהם משה׳ס אַ זון?״ האָט ער מיך אָנגעכאַפּט פאַר מיין האַנט.

„יאָ, איך בין אייער ברודער אברהם משה׳ס זון, אייערער אַ פּלימעניק. איר זייט מיין פעטער בענע״.

אַ שטראָם טרערן האָט זיך ארויסגעריסן פון זיינע אויגן. מיט זיינע הענט האָט ער זיך גענומען ווישן די טרערן, וועלכע זיינען פאַרזונקען גע־וואָרן אין זיין באָרד. זיינע אקסלען האָבן זיך באַוועגט ארויף און אַראָפּ און

עס האָבן ניט געהאָלפן מיינע באַמיאונגען אים צו באַרואיקן. איך אליין האָב זיך אויך ניט געקענט באַהערשן און קוקנדיק אויף אים זיינען מיינע אויגן פייכט געוואָרן. איך האָב אויסגעליידיקט מיינע קעשענעס און דאָס גאַנצע קליינגעלט וואָס איך האָב געהאַט ביי זיך — זילבער ווי אויך אייניקע פּאַפּיר־אַסיגנאַציעס — האָב איך אים כמעט מיט געוואַלד ארייַנגעשטופּט אין זיין קעשענע. ער האָט זיך געווערט, בשום אופן ניט געוואָלט נעמען דאָס געלט, אָבער איך האָב סוף כל סוף געווירקט אויף אים און ער האָט עס גענומען.

ווען ער האָט זיך אַ ביסל באַרואיקט האָט ער מיך ווידער טיף אריינ־געקוקט אין די אויגן, געגלעט מיין האַנט און כסדר איבערגעחזרט: „זייט איר, הייסט עס, אברהם משה׳ס זון, מיין ברודערס זון!״ מער האָט ער ניט געקענט ריידן.

ווען איך האָב אים גענומען אויספרעגן וועגן זיין לעבן, זיין משפחה, האָט ער זיך ווידער צעוויינט אָבער אויף מיינע פראַגעס ניט געענטפערט. איך האָב אים אויך געפרעגט אפשר קען איך זיך באַקענען מיט זיין ווייב און קינדער? אָבער אַנשטאָט אַן ענטפער — פרישע טרערן.

פּלוצלונג, ווי ער וואָלט זיך אַן עפּעס דערמאָנט, האָט ער זיך אויפגע־שטעלט, מיך ארומגעכאַפּט, צוגעדריקט צו זיך און אָן ווערטער, אָבער מיט טרערן אין די אויגן האָט ער האַסטיק פאַרלאָזט דעם צימער.

איך האָב ארויסגעקוקט דורכן פענצטער, און ווען ער איז שוין געזעסן אויף זיין דראָזשקע האָט ער זיך אומגעדרייט, געווענדט זיין בליק צו מיין צימער, ביז — ער איז פאַרשוואונדן. מער האָב איך אים ניט געזען און פון אים ניט געהערט. די פיר טעג וואָס איך האָב פאַרבראַכט אין באַברויסק האָב איך אַלע דראָזשקעס נאָכגעקוקט. פאַרנדיק צוריק אַהיים האָב איך אים אויפן וואָקזאַל ארומגעזוכט, אָבער אָן דערפאָלג. אזוי ווי אַ חלום איז ער פאַרשוואונדן.

* * *

איך פלעג אָפט קומען אהיים קיין קלעצק זיך זען מיט מיין משפחה. איין מאָל, זייענדיק צו גאַסט, האָב איך דערציילט פאַר מיינע ברידער און שוועסטער, ווי אויך פאַר מיינע שוועסטער־קינדער אלע איינצלהייטן פון מיין באַגעגעניש מיט דעם מיסטעריעזן, פאַרשוואונדענעם פעטער בענען.

ביי אונדז, שוין דערוואַקסענע יוגנטלעכע, איז קיין ספק ניט געווען, אז דעם פעטער בענעס זינד לגבי דער משפחה איז ניט געווען עפּעס אנדערש, ווי פאַרליבן זיך וואַרשיינלעך אין אַ שיקסע, חתונה געהאַט מיט איר און איז אוועק אַן אַ שפּור.

און אזוי איז עס ביי אונדז אַלעמען פאַרבליבן: דער פעטער בענע האָט חתונה געהאַט מיט אַ שיקסע!

# איך לערן גמרא ביי ר׳ זוניען

די דערגרייכונג צו לערנען ביי ר׳ זוניען — דאָס איז געווען די העכסטע מדרגה אין דער תלמוד־תורה.

געהאַט האָט ר׳ זוניע צוויי כיתות — אַ ייִנגערע און אַן עלטערע. די ייִנגערע כיתה איז באַשטאַנען פון אָנפאַנגער, וואָס האָבן ערשט אָנגעהייבן לערנען גמרא. אין דער עלטערער כיתה האָט מען שוין געלערנט „אַ שיעור". איך האָב געהערט צו דער עלטערער כיתה. אָבער אײדער איך וועל ווייטער דערציילן, מוז איך ראשית כל פאָרשטעלן און אייך באַקענען מיט ר׳ זוניען.

ר׳ זוניע איז געווען אַ ייִד אַ תלמיד־חכם און אַ ירא־שמים. ער איז געווען אַ מאַסיווער, וואָגיקער מאַן מיט אַ לאַנגזאַמען, שווערן גאַנג. זיינע שפּאַקולן זיינען שטענדיק געלעגן אָדער פאַררוקט הויך אויפן שטערן, אָדער גאָר נידעריק אראָפּגעלאָזן אונטן אויפן שפּיץ פון זיין גרויסער, אויסגעבויגענער נאָז, וואָס האָט אויסגעקוקט אויסגעקרימט ווי אַ דוהע.

צוליב וואָס ר׳ זוניע האָט בכלל געטראָגן די שפּאַקולן איז ניט געווען פאַרשטענדלעך. מחמת פאַר זיינע אויגן האָט ער זיי קיין מאָל ניט צוגע־פּאַסט: ווען זיי זיינען געלעגן אויף זיין שפּיץ נאָז, פלעגט ער זיינע אויגן שטענדיק אריבערהייבן אריבער די גלעזער און קוקן מיט זיי אַראָפּ אין דער גמרא אריין. האָט ער אָבער געדאַרפט קוקן אויף אַ ייִנגל, פלעגט ער שוין דאַן ארויפהייבן די שפּאַקולן אויף זיין גרויסן שטערן און פאַר אים פלעגט ווערן פריי דער וועג צו קוקן אויף וועלכן ייִנגל ער האָט נאָר געוואָלט.

אָנגעטאָן איז ער שטענדיק געווען זייער וואָרעם. סיי זומער און סיי ווינטער האָט ער געטראָגן זיין וואַטאָווע קאַמעזעלקע מיט ווינטערדיקע קאַ־לאָשן אויף זיינע לייכטע שטיוול. דעם אונטערשייד פון זומער און ווינטער האָט מען לויט ר׳ זוניעס מלבושים געקאָנט דערקענען אָן דער קאַפּאָ־טע. זומער פלעגט ער איבער זיין וואַטאָווער קאַמעזעלקע תמיד טראָגן אַן אָפּגעפּאָרענע אַלפּאַגענע קאַפּאָטע. אָבער ווי נאָר דער ווינטער פלעגט זיך באַווייזן, תיכף נאָך סוכות, פלעגט ר׳ זוניע אומבייטן זיין אַלפּאַגענע קאַפּאָ־טע אויף אַ מכלומרשט וואַטאָווען מאַנטל און די האַלדז פלעגט ער דעם גאַנצן ווינטער ארומוויקלען מיט אַ שאַל.

זומער אין די גרויסע היצן, אין תמוז, פלעגט ר׳ זוניע ביים לערנען אראָפּנעמען זיין שווערע היטל און בלייבן אין אַ יאַרמלקע, וואָס האָט שטענ־דיק, סיי זומער סיי ווינטער, געהויזט אויף זיין קאָפּ אונטער זיין היטל. ער פלעגט אויך אויסטאָן זיין קאַפּאָטע, זיין וואַטאָווע קאַמעזעלקע און בלייבן אין גרויסן, פאַרגעלטן טלית־קטן מיט די לאַנגע ציצית. סיי ווינטער סיי זומער האָט ר׳ זוניע געטראָגן קאַלאָשן. ווינטער — ווינטערדיקע קאַלאָשן, און זומער — זומערדיקע. צי דאָס שטענדיק טראָגן קאַלאָשן איז געווען פון פאַרגעניגן־וועגן, אָדער זיינע פיס זיינען אים שטענדיק געווען קאַלט, האָט קיינער ניט געוווסט און קיינער האָט אים וועגן דעם ניט געפרעגט.

דער גרעסטער תענוג ביי ר׳ זוניען איז געווען צו האַלטן אין מויל און סמאָטשקען אַ שטיקל האַרטן צוקער. ער פלעגט מיטברענגען מיט זיך פון דער היים יעדן פרימאָרגן אַ היפּשן שטיק צוקער, פלעגט ארויסנעמען פון קעשענע אַ מעסערל מיט אַ הילצערנעם הענטל, אים פאָרזיכטיק עפענען און זיך נעמען צעהאַקן דאָס שטיק צוקער אויף גאָר קליינטשינקע שטיקעלעך. דאָס פלעגט ער טאָן זייער קונציק, האַלטנדיק אין זיין רעכטער האַנט מיט צוויי פינגער אי דאָס צוקער, אי דאָס מעסערל און מיט איין קלאַפּ איבערן

טיש פלעגט דאָס האַרטע שטיק צוקער זיך צעשפּאַלטן — פריער אויף צווייען, נאָכדעם אויף פיר חלקים און אזוי פלעגט ער צעפּיצלען דאָס שטיק צוקער אויף קליינע פּיצעלעך. דאַן פלעגט ער דאָס אריינשיטן אין זיין קאַ־מעזעלקע־קעשענע און פון דאָרט פלעגט ער יעדע ווילע ארויסנעמען אַ שטיקעלע צוקער, אריינוואַרפן דאָס אין זייט פון מויל, כדי דאָס זאָל אים ניט שטערן אין לערנען, און דאָס שטיקל צוקער זאָל אים פאַרזיסן זיין ביטערע פּרנסה — אריינצוהאַקן אין די פּויערישע קעפּ פון זיינע תלמידים די „אמר אבייה׳ס און די אמר רבא׳ס".

פאַר דער קלענערער כיתה, די אָנפאַנגער, האָט ר׳ זוניע געהאַט אַן אנדער נוסח: ער פלעגט נעמען, למשל, איין עמוד פון „שור שנגח את הפרה", פלעגט דאָס גוט צעדריבלען כדי די קינדער זאָלן עס גרינג צע־קייען און אין צווישן צייט, ווען די קינדער פלעגט ווערן צו לאַנגווייליק, פלעגט ער זיך נעמען און דערהייבן די קינדערשע שטימונג מיטן דערציילן זיי אַן „אגדתא", דאַן פלעגן די קינדער אויפלעבן. למען האמת מוז מען זאָגן, אז ר׳ זוניע איז געווען אַ פיינער דערציילער פון „אגדתות" און ער פלעגט די קינדער שטאַרק פאַראינטערעסירן.

מיט דער עלטערער כיתה האָט שוין ר׳ זוניע געלערנט גאָר אויף אַן אַנדער אופן. זונטיק פלעגט ער זאָגן דעם „שיעור"; מאָנטיק, דינסטיק און מיטוואָך פלעגט ער דעם זעלבן „שיעור" איבערלערנען כסדר מיט די יינגלעך; דאָנערשטיק פלעגט ער פאַרהערן דעם „שיעור" און פרייטיק פלעגן קומען די גבאים פאַרהערןביידע כיתות.

* * *

מען האָט אריינגעבראַכט אַ ביסל פּראָגרעס אין דער תלמוד־תורה מיט דעם באַשלוס פון די גבאים, אָנצונעמען פאַר ר׳ זוניעס עלטערער כיתה אַ מאָדערנעם לערער, ער זאָל לערנען צוויי מאָל אין וואָך די לימודים רוסיש, לייענען און שרייבן, און אַריטמעטיק. ר׳ זוניע, וועלכער איז געשטאַנען פעלדזן־פעסט פאַר דער תורה און פאַר די תרי״ג מצוות, האָט קעגן דעם גע־קעמפט ווי אַ לייב. ער האָט דערזען די טומאה ווערט אריינגעפירט אין זיינע ד׳ אמות. ער האָט מיט צאָרן געקלאַפּט אין טיש, געשריען, געמאַכט גוואַלדן, אויפגערודערט די שטאָט, אָבער עס האָט קיין זאַך ניט געהאָלפן. ער האָט אָבער געפועלט ביי די גבאים, אז מ׳זאָל דעם לימוד פון „קאָשקאַ־מישקאַ", ווי ער האָט דאָס אַ נאָמען געגעבן, ניט לערנען אין די צוויי צימערן וועלכע

האָבן געהערט נאָר צו אים. ער האָט דעם טריפהנעם קול פון אפיקורסישן לערער ניט געוואָלט הערן און אויך די קינדערשע קלאַנגען זאָלן ניט פאַר־אומרייניקן זיינע ווענט.

מען האָט עס אים נאָכגעגעבן... אָבער ווען מיר פלעגן קומען צו ר׳ זוניען נאָך אזא לעקציע צופרידענע, נאָכפלאַפּלענדיק די נייע רוסישע ווער־טער, פלעגט ר׳ זוניע ווערן רויט ווי אַ בוריק, אָנהייבן שרייען אויף אונדז און טופען מיט די פיס מיר זאָלן אויפהערן ארויסצורייזן די טריפהנע ווער־טער פון די „קאַשקאַ־מישקאַ״, און עס פלעגט נעמען אַ לאַנגע צייט ביז ער פלעגט זיך באַרואיקן.

ווי שוין דערמאָנט פריער, פלעגן די גבאים קומען אונדז פאַרהערן יעדן פרייטיק. איז דער אָנגענומענער מינהג געווען, אז פון אָנפאַנג פלעגט פאַר־הערט ווערן די עלטערע כיתה, די תלמידים וואָס האָבן שוין געלערנט דעם „שיעור״. ערשט ווען מיר פלעגן ווערן פריי און שוין קאָנען גיין — זומער זיך באָדן און ווינטער זיך גליטשן — דאַן פלעגט פאַרהערט ווערן די יינגע־רע כיתה.

האָט זיך געמאַכט איין תמוזדיקער פרייטיק, ווען ר׳ זוניעס צאָרן האָט זיך נאָך ניט איינגעשטילט לגבי דער עלטערער כיתה פאַר די זינד פון לער־נען „קאַשקאַ־מישקאַ״, האָט ער פאַרטראַכט כאָטש אַ ביסל זיך נוקם זיין אָן אונדז. די נקמה האָט זיך אויסגעדריקט אין פריער פאַרהערן די יינגערע כיתה און די עלטערע לאָזן צו לעצט. דאָס וואָלט ארייינגעטריבן אונדזער פאַרהער ביז אַזייגער 2 בייטאָג. היינט ווען איז שוין פאר אונדז געבליבן צייט צו שווימען? אונדזער מינהג איז געווען אין אַ פרייטיק פון 12 ביי־טאָג ביזן גיין אין שול אריין, צו באָדן זיך אַ קימאַ־לן 13 מאָל. פארוואָס עפּעס 13 און ניט מער אָדער ווייניקער? פרעגט מיך ניט, קיין תשובה אויף דעם וויים קיינער ניט. אָבער אז ס׳איז אַ מינהג „איז דאָך ניט שייך!״

הכלל, וואָס טוט מען דאָ מיט ר׳ זוניעס צאָרן און ווי אזוי מאַכט מען צונישט זיין צוגעטראַכטן פּלאַן? זיצן מיר אזוי די גאַנצע עלטערע כיתה אין געהאַקטע ווונדן און עס האַלט שוין, אז מיר זאָלן זיך מיאש זיין פון אונדזער באָדן זיך אין דעם קילן און שטיל־כוואַליענדיקן וואַסער. מיר פאַלט איין אַ געדאַנק און איך רוף זיך שטילערהייט אָן צו די יינגלעך בזה הלשון:

„הערט קינדער, מיר טאָרן דאָס ניט דערלאָזן! איר דאַרפט וויסן זיין, אז אויב ר׳ זוניע וועט אויספירן זיין פּלאַן דעם פרייטיק, וועט עס שוין

בלייבן אַ ׳חוק ולא יעבור׳ אויף אַלע פּרייטיקס. ווילט איר מקריב זיין אונד־זער בעסטן פאַרגעניגן און נאָכגעבן ר׳ זוניען אַלע זיינע משוגעתן?״

„איז וואָס זשע זאָלן מיר טאָן?״ — פרעגן די יינגלעך.

„שטילערהייט זיך אדורכשלייכן אונטער די פענצטער און היידאַ צום טייך! איי, זונטיק וועט ר׳ זוניע שלאָגן? פרעג איך אייך, וואָס איז מער וויכטיק: עטלעכע קלעפּ מיט אַ גמרא (ר׳ זוניע פלעגט שלאָגן מיט אַ גמרא), צי 13 מאָל שווימען און זיך באָדן?״

„ער איז גערעכט, ווי איך בין אַ ייד!״ — האָבן זיך אין דער שטיל פון אלעמען ארויסגעהערט צוגעשטימטע ווערטער. — „וועט מען זונטיק כאַפּן אַ פּאָר קלעפּ, איז מה רעש?״

„איז געגאַנגען!״ — גיב איך אַ שטילע קאָמאַנדע, און אלע האָבן בגנבה שטילערהייט זיך ארויסגעשלייכט פון תלמוד־תורה, זיך ארונטערגעבויגן אונטער די פענצטער און ווען די סכנה געכאַפּט צו ווערן איז שוין אריבער, האָבן מיר זיך אַלע אויסגעגלייכט און מיט אַ געלאַף, אָן אָטעם, זיינען מיר שוין ביים ראמיסצער טייך...

* * *

זונטיק פרי. די לופט איז אָנגעלאָדן מיט יינגלשער שרעק: וועט טאַקע ר׳ זוניע אַלעמען, דעם גאַנצן חדר, שלאָגן? מען דאַרף זיך אויף אַלץ ריכטן. אונדזערע הערצלעך קלאַפּן האַסטיקער. מיר דרייען זיך ארום און קענען זיך קיין אָרט ניט געפינען.

מיט אַמאָל: „שאַ, ר׳ זוניע גייט! ר׳ זוניע קומט!״

מיר בלייבן אלע שטיין ווי צעשראָקענע שעפעלעך פאַר אַ גרויסן שטור־רעם... ר׳ זוניע קומט אריין אין זיינע קאַלאָשן מיטן גרויסן שטעקן אין האַנט, דוכט זיך אין גאַנצן אַ רואיקער. ער שטעלט אוועק זיין שטעקן אין זיין שטענדיקן ווינקל, נעמט אַראָפּ זיין קאַפּאָטע, שפּיליעט פונאַנדער און טוט אויס זיין וואַטאָווע קאַמעזעלקע. ער טוט דאָס אזוי געלאַסן ווי ס׳וואָלט גאָר קיין זאַך ניט געטראָפן. ער קוקט אפילו ניט אין אונדזער זייט. ער גייט צו צו זיין טישל, וווּ עס ליגט אַ פאַרמאַכטע זיין גרויסע גמרא, און מיט דער שנעלקייט פון אַ בליץ טוט ער זי אַ כאַפּ מיט ביידע הענט און לאָזט אוועק די גמרא איבער יינגלשע קעפּ. קוויטשערייען, קולות — אנדערע פון וויי־טיק, אַנדערע פון שרעק — אַ גאַנצע סומאַטאָכע... איך גיב אַ קוק, איך שטיי ניט ווייט פון דעם אָפענעם פענצטער. א שפּרונג — און איך בין שוין אין

דרויסן. נאָך מיר האָט בלויז באַוויזן אַ צווייטער יינגל עס נאָכצוטאָן. די פּענצטער היגטער אונדז האָבן זיך גלייך פאַרמאַכט. מיר, זאַלבענאַנד, האָבן קיין צופיל שהיות ניט געמאַכט און זיך געלאָזט לויפן טיף אין הויף אריין, וווביים סאַמע סוף איז געשטאַנען אַ גרויסער קאַרשן־בוים אויף וועמענס שפּיץ עס האָבן זיך נאָך געררויטלט היפּשע בינטלעך קאַרשן און זיך געבעטן מען זאָל זיך דערבאַרעמען איבער זיי און זיי אַראָפּרייסן.

„אויפן שפּיץ פון בוים״! — גיב איך אַ קאָמאַנדע. אין אייניקע מינוטן זיינען מיר שוין געזעסן אויפן שפּיץ בוים, און אָנשטאָט איבער אונדזערע קעפּ זאָלן האָגלען האַרטע קלעפּ פון ר׳ זוניעס גמרא, האָבן מיר אָפּגעכאַפּט אונדזערע הערצער מיט זאַפטיקע, צייטיקע קאַרשן און זיך אויסבאַהאַלטן פון אַ שלעכט אויג...

ווי לאַנג מיר זיינען געזעסן אויסבאַהאַלטן אויפן בוים קאָן איך ניט געדענקען. ווען ר׳ זוניע האָט זיך פאַרטיק געמאַכט צו קלאַפּן מיט דער גמרא איבער אַלעמענס קעפּ האָט ער באַמערקט, אַז עס פעלן אים צוויי פון זיינע תלמידים, וועלכע האָבן די קלעפּ פון זיין גמרא ניט פאַרזוכט. ער האָט ארויסגעשיקט זיינעם אַ פאַרטרויאונגס־תלמיד אויפצוזוכן אונדז אויפן הויף און ברענגען אונדז צוריק אין חדר אריין.

אָבער אזוי לייכט איז דאָס ר׳ זוניען ניט אָנגעקומען. נאָך דעם ווי דער שליח האָט עטלעכע מאָל אויסגערופן אונדזערע נעמען האָבן מיר באַשלאָסן אים צו ענטפערן, אָבער נאָך אַלץ זיצנדיק אויפן בוים.

„דער רבי האָט מיך געשיקט אייך זאָגן איר זאָלט אריינקומען אין חדר, ווייל ער הייבט אָן דעם ׳שיעור׳״.

„יאָ״, — האָב איך געענטפערט פון שפּיץ בוים — „מיר וועלן אריינקומען נאָר בתנאי, אז דער רבי וועט צוזאָגן אז ער וועט אונדז ניט שלאָגן״.

אין אַ ווײַלע ארום איז דער שליח ווידער געקומען מיט דעם צוזאָג פון רבין, אז ער וועט אונדז דאָס מאָל פאַרגעבן. קאָנטיק אז זיין כעס איז שוין ביי אים אָפּגעגאַנגען, ער האָט זיך באַרואיקט און אפשר אפילו חרטה געהאָט פאַרן שלאָגן אַלעמען אָן קיין אויספאָרשונג. און אזוי האָבן מיר זיך ווי גנבים אריינגעשלייכט האַרט ביי דער וואַנט צוריק אין חדר און פאַרנומען אונדזערע ערטער.

ר׳ זוניע האָט אונדז באַטראַכט פון דער זייט און מיט כעס אויסגערופן:

„מיר האָבן דאָ יחסנים!״

* * *

ויהי אחר הדברים האלו, האָט זיך מיין געוויסן אַ נעם געטאָן צו מיר און האָט מיך אָנגעהייבן מוסרן: „סטייטש, דו ביסט געווען דער גאַנצער איניציאַטאָר, דער גאַנצער אויפטוער פון דער שטילער רעוואָלוציע און אליין ביסטו אָפּגעקומען מיט גאָרניט. אַנשטאָט קלעפּ מיט דער גמרא ביסטו גאָר געזעסן אויפן שפּיץ בוים און זיך מחיה געווען מיט שוואַרצע, זאַפטיקע קאַרשן. היתכן, איז דאָס יושרדיק?"

מיין געוויסן איז טאַקע געווען גערעכט. אָבער וואָס האָב איך געקאָנט טאָן, אז די גאַנצע זאַך איז שוין געווען נאָך אַלעמען. און כדי צו פאַרגיטיקן מיין געוויסן האָב איך ביי זיך באַשלאָסן צו ווערן גוט און פרום, לכל הפחות אויף וויפל ס'וועט זיך לאָזן. און ווען דער רבי האָט אָנגעהייבן זאָגן פאַר אונדז דעם נייעם „שיעור", האָב איך זיך טאַקע אויפמערקזאַם צוגעהערט און עס אריינגענומען אין קאָפּ. דאָנערשטיק, ווען ר' זוניע האָט זיך גענומען צום פאַרהערן האָב איך, דער ערשטער, זיך ארויסגערופן איבערצוזאָגן דעם גאַנצן שיעור.

עס איז געווען אַ טויטע שטילקייט ווען מיין קולכעלע האָט זיך צעקלונגען איבערן גרויסן חדר. איך האָב זיך באַמיט, און ס'איז מיר אויך געלונגען, איבערצוזאָגן ר' זוניעס זונטיקדיקן זאָגעכץ מיט אַלע זיינע וואַריאַנטן, מיט אַלע משלים און פּיטשעווקעס. אלעמענס אויגן זיינען געווען געווענדט צו מיר. איבערהויפּט האָט ר' זוניע אויסגעגלאָצט אויף מיר אַ פּאָר אויגן און מיט אַן אָפענעם מויל און אַ צופרידענע מינע, וואָס מ'זעט עס זעלטן אויף זיין פּנים, האָט ער מיר אריינגעקוקט אין די אויגן אריין. ער האָט געשלונגען מיינע ווערטער מיט גרויס הנאה. מען האָט געקאָנט זען די הנאה און צופרידנקייט אויף זיין פּנים, אויף וועלכן עס האָט זיך געשאָטנט אַ שמייכל. מען האָט געקענט זען די באַגייסטערונג אין אים, ווייל וואָס מער איך האָב זיך פאַרטיפט אין די טיפענישן פונעם „שיעור", אלץ מער איז ער, מחמת באגייסטערונג, אויפגערעגט געוואָרן און האָט שוין רואיק ניט געקענט בלייבן זיצן אויף זיין בענקל. זיינע אויגן האָבן געוואַנדערט פון מיר אויף אַלע יינגלעך און ער האָט דורך דער צייט פאַרנוצט מערער שטיקלעך האַרטן צוקער ווי געוויינלעך.

די שטילקייט האָט נאָכדעם אָנגעהאַלטן אַ לאַנגע צייט. ר' זוניע האָט קאָנטיק געהאַט מיט זיך אַ יישוב־הדעת וואָס ער זאָל טאָן. צי זאָל ער ווײ־

טער אַנגייען מיטן פאַרהערן דעם „שיעור“, אָדער ער זאָל איצט אויסנוצן די פּאַסיקע צייט פאַר מוסר זאָגן די קינדער, איבערהויפּט די שוואַכערע, וועל־כע פלעגן שטענדיק אָפּשטיין ביים פאַרהערן. זייער שטיל, מיט רייד פון תחנונים, האָט ער אָנגעהייבן זיין לאַנגע, ניט־צוגעגרייטע רעדע צו אַלע קינדער.

ר׳ זוניע האָט ניט געהאַלטן פון פּעדאַגאָגישן כלל, אז עס זיינען פאַראַן תלמידים מיט פאַרשיידענע פעאיקייטן. ער איז געווען זיכער אז עס ווענדט זיך בלויז אָן דעם תלמיד אליין. מען דאַרף נאָר וועלן קאָן מען אַלץ דער־גרייכן. „ס׳איז ניטאָ אזא זאַך מען זאָל ניט קענען. והראיה, נעמט יעדע חיה וואָס האָט גאָר קיין שכל ניט, פון דעסטוועגן... לערנט מען דען ניט אויס דעם פערד זיין וועג? די בהמה וייס און טרעפט צו איר שטאָל, און אפילו דעם בער לערנט מען אויס טאַנצן. היינט אַ פּשיטאַ אַ מענטש, און נאָך אַ אַ ייד דערצו, קאָן אַלץ דערגרייכן ווען ער וויל נאָר!“...

און ר׳ זוניע האָט זיך גענומען צוואַרעמען און אין זיין ריידן האָט ער גענומען מיך אַרויסשטעלן ווי אַ ביישפּיל: „נעמט דעם זעלבן מענדלען, דוכט זיך אַ גוטער שטיפער, אָבער אַ גוטער ייִנגל אין לערנען. און זעט נאָר, ווען ער האָט נאָר געוואָלט און צוגעלייגט זיין קאָפּ זונטיק ביים הערן מיך זאָגן דעם ׳שיעור׳, האָט ער עס היינט איבערגעזאָגט אויסווייניק, וואָרט ביי וואָרט. אפילו ניט פאַרפעלט קיין משל — אַ ׳שיעור׳ מיט אַלע פּיטשעווו־קעס, וואָס איך אליין וואָלט עס בעסער ניט איבערגעזאָגט, ווען מען הייסט מיך“.

ער האָט אַ קוק געטאָן אויף אַ ייִנגל, וואָס זיין טאַטן האָט מען גערופן מענדל און אים אַ פרעג געטאָן: משה׳ל, דיין טאַטן רופט מען דאָך אויך מענדל, טאָ פאַרוואָס קענסטו ניט לערנען אַזוי ווי דער מענדל?“ און ער איז איבערגעגאַנגען מיט „מוסר־רייד“ צו אַנדערע ייִנגלעך...

* * *

פאַרנאַכט, ווען ר׳ זוניע האָט זיך גענומען מכין זיין צו גיין אהיים, האָט ער מיך נאָך אַמאָל באַטראַכט, ווי ער וואָלט מיך דאָס ערשטע מאָל דערזען, האָט אַ ווונק געטאָן צו מיר איך זאָל מיט אים מיטגיין, ער דאַרף מיך בייטיק האָבן: „בישקשה, אז דו וועסט היינט פאַרפעלן דיין „קאַשקאַ־מישקאַ“ איז אויך אַ קנאַפּער אומגליק. מה רעש, קיין קליינע קינדער וועלן דערפון חלילה ניט שטאַרבן!“

מיר גייען ביידע — ער פאָרויס, איך הינטער אים. וואָס דאַרף ער מיך, ר׳ זוניע? פּלאָנטערט זיך מיר אין מיין מוח. און פאַרוואָס שווייגט ער? וואָס טוט זיך דאָ? טראַכט איך. איז דאָס דער שכר דערפאַר וואָס איך האָב אזוי מייסטערהאַפט איבערגעזאָגט דעם שיעור? אָבער אַנשטאָט צו גיין מיטן געסל צו זיין שטוב, זע איך ווי ר׳ זוניע פאַרקערעוועט זיך צו דעם געסעלע ווו אונדזער שטיבל שטייט. ער גייט צו אונדז אין שטוב — פאַלט מיר איין אַ געדאַנק. אָבער איך בין ניט געוועזן צעשראָקן. נאָך אזא זאָגן דעם „שיעור״ מיינט ר׳ זוניע ניט קיין שלעכטס און וועט מיך ניט פאַרמסרן פאַר מיין טאַטן. און כך הווה. ווען מיין טאַטע האָט דערזען דעם „גאַסט״ אריינקומענדיק מיט מיר איז ער אַ ביסל צעטומלט און דערשראָקן געוואָרן. ווער ווייסט וואָס דער „תכשיט״ האָט שוין עפּעס ווידער אָפּגעטאָן? אָבער דערזעענדיק ר׳ זוניעס שמייכל אויפן שטענדיק בייזן פּנים, האָט ער אים גלייך צוגעטראָגן אַ בענקל און מיט דרך־ארץ שטילערהייט גענומען ריידן: „סטייטש, ר׳ זוניע, אזא גאַסט, זיך אליין מטריח געוועזן״... מיין מאַמע האָט פאַרריכט איר קאָפּ־טיכל און ביידע זיינען גרייט געוועזן אויסצוהערן וואָס ר׳ זוניע האָט צו זאָגן וועגן זייער תכשיט.

„ר׳ אברהם משה, אזוי ווי דער זמן האַלט שוין ביים סוף און איר וועט דאָך געוויס וועלן אַ טראַכט טאָן וועגן אַ תכלית פאַר אייער מענדעלען, דעריבער בין איך געקומען צו אייך מיט אַן עצה טובה פאַר אים: שיקט אים, למען השם, אין אַ ישיבה. לאָזט זיך קאָסטן די לעצטע פּאָר גראָשנס און זעט ער זאָל זיך האַלטן ביי דער גמרא, ווייל פון אים, ר׳ אברהם משה, קאָנט איר דערוואַרטן ער זאָל אויסוואַקסן אַ גדול בישראל. אייער ייִנגל איז ניט אזוי סתם אַ ייִנגל ווי אַלע ייִנגלעך. ער האָט אַ קאָפּ פון אַן עילוי. אין דעם האָב איך זיך היינט איבערצייגט, אויסהערנדיק אים איבערזאָגן דעם ׳שיעור׳. זעט זשע, ר׳ אברהם משה, פאַרנאַכלעסיקט אים ניט, איר פאַרמאָגט אַן אוצר, און בזכות זה וועט איר געהאָלפן ווערן!״

דער טאַטע האָט געשוויגן, נאָר געשאָקלט מיטן קאָפּ און די מאַמע האָט מיטן פאַרטוך אויסגעווישט אַ טרער. און נאָך דעם ווי ר׳ זוניע איז אוועק האָט דער טאַטע געמאַכט די איין און איינציקע באַמערקונג: „היינט גיי וויס, אז פון דעם ׳מאַרעוויכער׳ קאָן נאָך ארויסקומען אַ לייט!״

# איך פאָר אין דער סלוצקער ישיבה

נאָכדעם ווי מיין עלטערער ברודער בערל האָט זיך אראָפּגעלאָזן אַהיים אין ערב פּסח אין אַ צאַרסקער אוניפאָרם — אַ היטל מיט אַ קאָקאַרדע און אַ טונקל־בלאָען רעקל מיט מעשענע קנעפּ, אַנשטאָט אַ קאַפּאָטע; אַ גלוח אַנשטאָט באָרד און פּיאות, און פאַרן טאַטן האָט ער פאַרוואַנדלט יענעם פּסח אין אַ „יום־כיפּור", האָט מיין טאַטע ביי זיך באַשלאָסן: „אויס מיט ישיבות פאַר זיינע קלענערע ייִנגלעך!" זיינע אַרגומענטן מיט דער מאַמען זיינען געווען:

„איך וויל זיי מאַכן פאַר באַלמעלאָכעס, דאַן בין איך זיכער אז זיי וועלן זיין פרומע יידן, וואָס וועלן גיין אין בית־מדרש דאַווענען, און אָפּהיטן די תרי"ג מיצוות. יידן וואָס וועלן גיין אין מיינע דרכים. ווי אָבער זיי וועלן זיך נעמען צו די טריף־פּסולע 'קענטעניישן' אזוי ווי בערל, דאַן ווערן זיי שוין אויס יידן! האָסטו געזען אז בערל זאָל, פאַר דער צייט וואָס ער איז געווען

אין דער היים, אַנמעסטן כאָטש איין מאָל די תפילין כדי צו זען צי דער קאָפּ איז ניט גרעסער געוואָרן? האָסטו אים כאָטש איין מאָל געזען ער זאָל נע־מען א ספר אין האַנט אריין, נאָך אזוי פיל יאָרן לערנען אין דער ישיבה? איך רייד שוין ניט וועגן דאַוונען אַלע אינדערפרי. זיין פּוס האָט דאָך פאַר דער צייט ניט אריבערגעטראָטן דעם שוועל פון אַ בית־מדרש. אפילו פרייטיק־צו־נאַכט האָט ער זיך אָפּגעזאָגט צו מאַכן קידוש. וויפל געזונט האָט ער דאָס ביי מיר צוגענומען?״

אזוי האָט דער טאַטע, כמעט מיט טרערן אין די אויגן, אריינגעטענהט מיט דער מאַמען, וועלכע האָט געהאַט אַ פריירערן קוק אויפן לעבן און האָט זיך מער צוגעהערט צו איר געלערנטן זונס ארגומענטן.

„דערפאַר האָב איך באַשלאָסן די קלענערע יינגלעך — מענדלען און שאַכנען — אָפּצוהיטן אויף וויפל מיינע כחות וועלן מיך לאָזן, אז זיי זאָלן בלייבן יידן און ניט קריכן אין די הימלען און פילאָסאָפירן!״

אָבער נאָכדעם ווי ר׳ זוניע אליין איז צו אים געקומען מיט אזא גרוס וועגן זיין מענדעלען און האָט אים פאַרזיכערט אז פון זיין יינגל קאָן ארויס־קומען אַ „גדול בישראל״, אויב ער וועט אים שיקן אין אַ ישיבה, האָבן זיך ביים טאַטן זיינע מחשבות און באַשלוסן אין גאַנצן צעפּלאָנטערט. און דאָ האָבן שוין מיין מאַמעס ארגומענטן גענומען קריגן מער וואָג:

„זע״, האָט די מאַמע געטענהט, „וויפל יידישע באַלעבאַטים וואָלטן זייער לעצטן גראָשן אוועקגעגעבן צו מאַכן זייערע זין פאַר לייט, ניט ווינסנדיק אפילו צי זייערע קינדער זיינען פעאיק דערצו. און דאָ, אזא גרויסער למדן ווי ר׳ זוניע אליין איז געקומען צו אונדז ריידן וועגן אַ תכלית פאַר מענדע־לען און זיין עצה איז — נאָר אין אַ ישיבה. ׳טוט זיך אָן אַ כוח, ר׳ אברהם משה, און שיקט אים אוועק אין דער מירער ישיבה! ס׳איז ניט אזוי ווייט פון דאַנען און פון דאָרטן קומען ארויס די גרעסטע למדנים און די גרעסטע רבנים!׳ — אזוי האָט ר׳ זוניע מיט דיר איינגעטענהט און דו קווענקלסט זיך נאָך? דו דאַרפסט דאָך זיין דער גליקלעכסטער טאַטע צו הערן אזעלכע רייד וועגן אונדזער יינגל פון א רבין ווי ר׳ זוניע. אדרבה, פרעג זיך נאָך צו ווע־מען נאָך איז ר׳ זוניע געגאַנגען ריידן מיט אַ טאַטן וועגן זיין יינגל? איז דאָך אַ סימן אז אונדזער מענדעלע האָט דאָס פאַרדינט. טאָ הער וואָס איך זאָג דיר — אַ יידענע קאָן אויך אַמאָל געבן אַן עצה טובה — פאָלג מיך אַמאָל, לאָמיר זיך אָנטאָן אַ כוח און אים אוועקשיקן אין אַ ישיבה אריין״

* * *

כּאָטש דער מהלך פון „דער־מיר" צו קלעצק איז ניט ווייטער ווי פון סלוצק צו קלעצק, איז נאָך אַ לאַנגן יישוב־הדעת צווישן טאַטע־מאַמען באַשלאָסן געוואָרן מיך שיקן אין דער סלוצקער ישיבה, צוליב כּמה טעמים: ערשטנס, פון קלעצק קיין סלוצק איז געפאָרן לייבע דער באַלעגאָלע צוויי מאָל אין וואָך הין און צוריק. לייבע איז געווען באַקאַנט מיטן טאַטן נאָך פון בית־מדרש. מען האָט געדאַווענט צוזאַמען, מען איז געשטאַנען צוזאַמען ביי דער הינטערשטער וואַנט אין בית־מדרש.ביידע האָבן אויסגעקוקט מיט זשעדנע אויגן אויף אַן עליה, און זיך קיינמאָל ניט דערוואַרט. מען האָט זיך אין אַ יום־טוב אָפּט געטוישט מיט מחזורים און נאָכן דאַווענען זיך איינער דעם צווייטן מכבד געווען מיט אַ „מורנו": גוט שבת ר׳ אברהם־משה, גוט שבת, גוט יאָר, ר׳ לייב! זיי האָבן זיך שטענדיק געטיילט מיט מבינות אויפן חזן אָדער אויף אַ מגיד. דעריבער וואָלט עס ניט שווער געווען צו פועלן ביי לייבע דעם באַלעגאָלע ער זאָל איין מאָל אין וואָך, יעדן מאָנטיק, מיטנעמען אין זיין בויד פאַרן יינגל וואָס לערנט אין דער ישיבה אַ פּעקל עסנוואַרג, וואָס איז מייסטנס באַשטאַנען פון אַ קיילעכדיקן לעבל ברויט וואָס די מאַמע פלעגט אליין באַקן, אַ פונט פוטער און אַ האַרטן קעזל. נו, אַז ס׳איז פאַראַן ברויט, פוטער און קעז קאָן מען שוין פון הונגער ניט שטאַרבן — אַזוי האָט געפּסקנט דער טאַטע. דאָס איבעריקע וועט מען שוין פון דער ישיבה פאַר אים מסתמא קריגן עטלעכע „טעג" און מענדעלע וועט שוין זיין „פאַרזאָרגט".

ווייטער, אַז לייבע דער באַלעגאָלע פאָרט צוויי מאָל אין וואָך, קאָן מען דאָך שיקן עפּעס דורך אים און אויך אָפּנעמען אַ גרוס, אַ בריוו. און די מאַמע פלעגט זיך אויסדריקן: „סלוצק איז דאָך אַ היימישע סביבה. קלעצק און סלוצק איז ווי אַ שטוב מיט אַ קאַמער".

צווייטנס, — און דאָס איז מסתמא געווען דער הויפּט־מאָטיוו, — האָט מיין ברודער בערל געהאַט גרויסע האָפענונגען דורך רעקאָמענדאַציעס צו קריגן אַ שטעלע אין סלוצקער גימנאַזיע און האָט זיך יעדן טאָג געריכט, אַז אָט־אָט קומט אים אָן דורכן פּריסטאַוו אַ פּאַפּיר, ער זאָל זיך מעלדן צום סלוצקער בילדונגס־דעפּאַרטאַמענט וועגן דער שטעלע. די מאַמע האָט געטענהט: „אַז בערל וועט דאָרטן שוין זיין, איז שוין דאָס יינגל פאַרזאָרגט.

עס וועט אים שוין קיין זאַך ניט פעלן, ווייל ער וועט דאָך אים אוודאי האַלטן ביי זיך !״

און דאָ האָט מיר דאָס מזל צוגעשפּילט : מיין ברודער האָט טאַקע גע־קראָגן אַ בריוו פון זיינעם אַ חבר אין סלוצק, אז ס׳איז דאָ פאַר אים גוטע אויסזיכטן צו קריגן אַ סך פּריוואַטע „אוראָקן״ (לעקציעס), וואָס עס באַ־צאָלט זיך זייער גוט.

מיין ברודער האָט זיך לאַנג ניט געלאָזט בעטן און גלייך אוועקגעפאָרן קיין סלוצק און זיך דאָרט איינגעאָרדנט מיט אַן אייגענער קוואַרטיר (אַ שטיבל פאַר זיך געדונגען), און אָנגעשריבן אַ שילד אויף רוסיש : „אוטשיטעל ס׳פּראַוואָם רוסקאָוואָ יאַזיקאַ״. דאָס הייסט — אַ קוואַליפיצירטער לערער פון רוסיש מיט פולע רעכט. דערמיט, האָט ער געטראַכט, וועט ער זיך פאַר־נעמען ביז די ריכטיקע שטעלע וועט אָנקומען. דערווייל וועט ער זיך קענען אויסהאַלטן און מיך אויך העלפן אזוי, אז פאַר מיר איז שוין געווען אַן אָפּע־נער און פרייער וועג וווהין און צו וועמען צו קומען.

הכלל, מיין טאַטע האָט עס אָנגענומען ווי אַן אצבע אלוקים, גאָטס רצון. ס׳איז שוין נאָך די ימים־נוראים, און מען האָט שוין איבערגעהוליעט שמחת־תורה. מיין טאַטע האָט געוויזן פאַר אַלעמען אין די אויגן זיין יאָר־יערלעכן קונץ : ווי בגילופין ער איז געווען קומענדיק פון בית־מדרש, פלעגט ער דורכגיין אויף אַ גלייכער ברעט פון דער פאָדלאָגע די גאַנצע לענג און פלעגט זיך דערביי ניט געבן קיין וואַקל און ניט אראָפּגיין פון גלייכן וועג, פון זיין דרך הישר, אויף קיין איין איינציקן שפּאַן. דעם דאָזיקן עקזאַמען פלעגט ער אויסהאַלטן יאָר־יערלעך.

אויף מאָרגן נאָך שמחת־תורה האָט דער טאַטע זיך גענומען פאַרריכטן מיינע שטיוועלעך. די מאַמע האָט געטאָן דאָס איבעריקע : ארומנייען, פאַר־לאַטען מיינע העמדער, מיינע הייזלעך, מיין רעקל. מען האָט מיר געקויפט אַן איבערגעניצעוועטע וואַטאָווע קורטקע מיט אַן אָפּגעטראָגענעם באַראַש־קענעם קראַגן. מען האָט מיך אויסגעריכט מיט אַ היפּשן פּעקל „צידה לדרך״ און מען האָט מיך געבראַכט צו לייבע דעם באַלעגאָלע.

# לייבע דער באַלעגאָלע

קלעצק האָט פאַרמאָגט אַ היפשע צאָל באַלעגאָלעס. דאָס שטעטל איז געלעגן אין מיטן וועלט, ווייט פון אַ באַן־ליניע. פון איין זייט האָט זי זיך געפונען אַרום 21 וויאָרסט פון לעכעוויטש, וועלכע האָט אויך ניט געהאַט קיין באַן־ליניע. פון דער צווייטער זייט האָבן זיך אויף נאָך אַ לענגערן מהלך געפונען די שטאָט טימקאָוויטש און קאָפּוליע, שוין ניט ווייט פון סלוצק — אויך אָן באַן־ליניעס. פון דער דריטער זייט, שוין דאָס נאָענטסטע אָרט צו אַ באַן־ליניע, איז געלעגן ניעסוויזש. פון ניעסוויזש פלעגן שוין לייטישע באַלעגאָלעס מיט גאַנץ פיינע געשפּאַנען פירן פּאַסאַזשירן צו דער באַן־סטאַנציע גאָראַדייע.

זייענדיק פאַרקניפּט צווישן אַזוי פיל שטעטלעך האָט קלעצק פאַרמאָגט אַ גרויסע חברה באַלעגאָלעס, וועלכע האָבן געפירט פּאַסאַזשירן צו די פאַרשיידענע שטעטלעך. דעם אויבן־אָן, קאָן מען זאָגן, האָט פאַרנומען לייבע דער באַלעגאָלע. לייבע איז געפאָרן ווייטער פון אַלעמען און פלעגט אויספירן מער וויכטיקערע שליחותן פון אַלע אַנדערע באַלעגאָלעס.

אַ חוץ פירן פּאַסאַזשירן צוויי מאָל אין וואָך פון קלעצק קיין סלוצק און צוריק, פלעגט לייבע דערליידיקן אויך שליחותן פאַר קרעמער. אָבער לייבעס הויפּט־יחוס איז געווען, וואָס ער פלעגט פירן די „קאַזנאַטשייסטוואָ" קיין סלוצק. און דאָס איז דעמאָלט ניט געווען קיין קלייניקייט — דער קייסער ניקאָלאַי אַליין זאָל אַנטרויען אַ ייִדן פירן זיין פאַרמעגן! ביים פירן די „קאַזנאַטשייסטוואָ" האָט לייבע דער באַלעגאָלע געהאַט דאָס רעכט און געמוזט האַלטן פאַרשטעקט ביי זיך אין בוזעם אַ רעוואָלווער. דורכפאָרנדיק דעם וואַלד, וואָס האָט זיך געצויגן אויף אייניקע וויאָרסט אויפן וועג פון קלעצק קיין סלוצק, פלעגט לייבע אַרויסנעמען דעם רעוואָלווער פון בוזעם־קעשענע, אַ נעם טאָן אים מיט גדלות אין דער רעכטער האַנט אַריין, אויפהייבן אים אין דער הויך און אויסקנאַקן גאַנצע דריי מאָל אין וואַלד. די עכאָס פון די שיסערייען פלעגן גלייך איבערחזרן די קנאַלן. דאָס איז געווען אַן אָנזאָג „למען ידעו" — זאָלן גזלנים, אויב זיי געפינען זיך אין וואַלד, הערן און וויסן אַז דאָ פאָרט ניט אַבי ווער...

נאָך די דריי שאָסן פלעגט לייבע אויסדרייען דעם קאָפּ צו די פּאַסאַ־

זשירן אין בויד און מיט אַ שמייכל באַטראַכטן יעדערן, ווי איינער וואָלט געזאָגט: „זייט וויסן מיט וועמען איר פאָרט!"

פאַרוואָס קומט לייבען אזא גדולה? זאָל מען זיך ניט וווּנדערן: אראָפּ־געקומען איז לייבע פון דער „סלוזשבע" (מיליטער־דינסט) אַ דריי־בענדל־דיקער, וואָס „לא כל יהודי זוכה". ער איז געווען ניט גאָר קיין הויכער, דערפאַר אָבער גוט געפּאַקעוועט און קרעפּטיק געבויט. זיין רוסיש ריידן איז געווען גאָר מי יודע ווי. זיינע „ריישן" פלעגן ביי אים ארויסקומען ניט קיין געכאָרכלטע, ווי ביי דאָס רוב יידן, נאָר שאַרפע ווי ביי אַן עכטן פּאַניע. אַ פריילעכער לונג־און־לעבער געווען, ביים ריידן פלעגט ער אריינזאָגן א פּאָר וויצן און האָט זיך געהאַלטן שטאָלץ אפילו פאַרן פּריסטאַוו אליין. נו, איז אַ וווּנדער אז אזא חברהמאַן האָט נושא חן געווען ביי „נאַטשאַלסטוואָ"? דערצו נאָך האָט לייבע געהאַט אַ שם פאַר אַן אָרנטלעכן מאַן, האָט אים טאַקע די „פּראָוויטעלסטוואָ" (רעגירונג) אָנפאַרטרויט דעם רעוואָלווער מיטן פירן די אַפּוטיקאָ.

* * *

ווען לייבע האָט דערזען דעם פּאַסאַזשיר מיטן קלומיקל, האָט ער זיך דערפרייט און ער האָט אונדז, מיך מיטן טאַטן, באַגעגנט מיט אַ גאָר פריי־לעכן קבלת־פּנים.

„ברוך הבא, ר' אברהם משה! אָט דאָס איז עס אייער תכשיט? איך הער מ'רעדט פון אים אז ער איז גאָר אַ וואָזשנע כלי. דערצו איז ער דאָך דער גלאַוונער משורר ביים חזן אין דער קאַלטער שול. איך האָב אים ניט איינמאָל געהערט זאָגן דעם 'לא אמות כי אחיה' — ער האָט דאָך אַ שטימעלע ווי אַ קאַנאַריק. היינט טייטשט ער דאָס אויס אז מ'וויל טאַקע ניט שטאַרבן, נאָר לעבן. איי דאָס ביסעלע חיות, ר' אברהם משה. ווי רופט מען דיך? דוכט זיך, מענדעלע. טאָ גיב זשע מיר אַהער דיין קלומיקל, וועל איך עס פאַרפּאַקן טיף אין דער בויד, אז קיין בייז אויג זאָל עס ניט שאַטן. און איר, ר' אברהם משה, גייט אייך געזונטערהייט אַהיים. איך וועל אים שוין אַראָפּ־ברענגען קיין סלוצק גאַנץ, אָט ווי ער שטייט און גייט.

„און אַ וועג וועלן מיר האָבן, וועט דאָס זיין אַ קפיצת־הדרך. איר פאַר־שטייט, איך וועל אים באַזעצן מיט מיר אויף דער קעלניע, איך וועל אים גוט אונטערבעטן דעם הינטער־חלק, זייט מיר מוחל, און אויפן וועג וועלן מיר

צוזאַמען כאַפּן אַ זמרל אַז די כאַליערע וועט עס נעמען. האַ, וואָס זאָגסטו? מען רופט דיר דאָך מענדל, טאָ מעג מען דאָך עסן פון דיין פענדל. דו וועסט אַ נעם טאָן די ׳פּרימאַ׳ און איך וועל דיר נאָכהאַלטן מיט אַ ׳טערצע׳. שרעק דיך ניט, מענדעלע, איך בין אַ גוטער מנגן און ביי פּאַניען אין פּאָלק בין איך געווען דער בעסטער ׳זאַפּעוואַלאַ׳. אַז איך פלעג אַ ברום טאָן ׳באַראַבאַן קרעפּקאָ ביאָט, נאַשאַ ראָטאַ סטראָינאַ אידיאָט׳, פלעגן די פּאַניעס איינעמען אַ מיתה־משונה!

„איר הערט, ר׳ אברהם משה, ווען איך בין ניט קיין באַלעגאָלע, וואָלט איך געווען אַ חזן. איר וועט מיך גלויבן צי ניין? ביינאַכט זיץ איך אויף דער קעלניע, הינטן איז אָן אָנגעפּאַקטע בויד מיט פאַרשוינען. אַלע שלאָפן, טייל כראָפּען אפילו. דער וואַלד איז רואיק, שטיל, די חיות זיינען פאַרשטעקט אין זייערע נאָרעס, אפילו די פייגעלעך אין זייערע נעסטן שלאָפן זיך רואיק. אַלץ איז פּונקט ווי פאַר ששת ימי בראשית, נאָר איך מיט מיינע פערד, וואָס גייען אין טראָט צום טאַקט, אַזוי ווי אונדזער ראָטע אַמאָל ביי פּאַניען, למשל. נו, וואָס פרעגט איר? ווערט אַמאָל סמוטנע אויפן האַרצן און קאַלעמוטנע אויף דער נשמה — איז וואָס טו איך? פאַרצי איך אַמאָל אַ ניגון פון ׳ונתנה תוקף׳. איך גיב מיר אַזוי אַ זאָג אַ שטיקעלע ׳אדם, אדם יסודו מעפר וסופו לעפר׳. איז וואָס זאָל איך אייך זאָגן — מיינע סוסים שטעלן אָן די גרויסע אויערן און מיט די ליפּן הייבן זיי אָן צו פאַרשקען, ווי זיי וואָלטן זיך געבעטן: לייבע, זינג נאָך, פאַרזינג דיינע צרות און מאַך אונדז גרינגער צו פירן דיינע פאַרשוינען.

„די פּאַסאַזשירן הייבן זיך אָן איבערוועקן איינער נאָכן אַנדערן. — איי, ר׳ לייב, זינגט נאָך, זינגט. ס׳איז דאָך בנאמנות א מחיה צו הערן. אַ כפּרה אַלע חזנים פאַר איין זמרל אייערן. יאָ, ר׳ אברהם משה, יעדער מענטש מיט זיין מזל. דאַרף איך גאָר ווערן לייבע דער באַלעגאָלע און אונדזער שוחט דאַרף זיין דער חזן. ער איז דאָך גאָר אַ פלאַקן, אָן אַ שטיקעלע מתיקות. מילא, נו... טאָ גייט אייך געזונטערהייט אַהיים, ר׳ אברהם משה, און שרייבט צו אייער זון געדיכטע אַטקריטקעס!... איר פאַרלאָזט זיך אויף מיר, ער וועט שוין זיין אין גוטע הענט. אין סלוצק, זאָגט איר דאָך, וועט אים שוין קומען איבערנעמען אייער עלטערער זון, דער נאַטשאַלניק מיט דער קאָקאַרדע...״

דער טאַטע האָט מיך אַ קוש געגעבן און אַ טרער האָט געפינקלט אין זיין אויג.

* * *

ווען עמעצער, אַ שטייגער, טוט מיר דעמאָלט אַ פרעג: „ווער איז דאָס גליקלעכסטע יינגל אויף דער גאַנצענער וועלט?״ — וואָלט איך אָן קיין שום איבערטראַכטן אויסגעשריען: איך! שטעלט אייך פאָר — איך, אַן אָרעם יינגל, לאָז זיך ארויס אין דער וועלט אריין, אין אזא גרויסער שטאָט ווי סלוצק, אין דער ישיבה צו ווערן אַ רב... איך, — וואָס איך בין די ביסל יאָרן פון מיין לעבן געווען אונטער דער שטרענגער השגחה פון מיין טאַטן און רבין, ווער מיט אַמאָל אַ פרייער מענטש, פריי ווי אַ פויגל, און קאָן טאָן וואָס איך וויל, גיין וווהין איך וויל און קיינער קוקט מיר ניט נאָך. דאָס הייסט, איך וועל אפילו יאָ זיין אונטער דער השגחה פון מיין עלטערן, געלערנטן ברודער בערל, אָבער דאָס האָב איך דאָך שטענדיק געוואָלט. אָך, מיין ליבער טייערער ברודער בערל, וויפל מאָל האָט ער מיך ארויסגעראַטעוועט פון דעם טאַטנס „פּאַפּרושקע״?

איך געדענק נאָך איצט ווי מיין ברודער פלעגט זיך איינשטעלן פאַר מיר, ווען דער טאַטע פלעגט זיך נעמען מכין זיין, אראָפּנעמען זיין פּאַסיק און הייסן זיך לייגן מיטן פּנים אַראָפּ. בערל פלעגט דאַן אויסוואַקסן צווישן מיר און דעם טאַטן און נעמען איינטענהן מיט אים, אז וואָס מער מען שלאָגט אַ קינד, אַלץ ערגערע רעזולטאַטן באַקומט מען און דאָס קינד וועט דווקא, ווי אויף צו להכעיס, וועלן טאָן דאָס פאַרקערטע וואָס מען הייסט אים. און פאַרוואָס האָט דער טאַטע מיך ניט געשלאָגן? פאַר אַלץ! צי מ׳האָט גע־דאַרפט, צי מען האָט ניט געדאַרפט. צי איך האָב פאַרדינט, צי ניט. ווייל מיין טאַטנס פילאָסאָפיע איז געווען, אז אָן קלעפּ קאָן א יינגל קיין לייט ניט אויסוואַקסן. און פונקט ווי צו אַ פערד דאַרף מען אַ בייטש, אזוי דאַרף מען פאַר אַ יינגל, און נאָך אזא מאַרעוויכער ווי איך בין — אַ „פּאַפּרושקע״.

מיין ברודער האָט געהאַט גאָר אַ פאַרקערטע פילאָסאָפיע. ער האָט געהאַלטן, אז וואָס מער מען שלאָגט אַ קינד אַלץ ערגער ווערט עס און וועט דווקא טאָן פונקט דאָס וואָס מען וויל ער זאָל ניט טאָן!...

„טאָ ווי זשע״? פלעגט שוין מיין טאַטע ווערן אין כעס אויף זיין על־טערן, געבילדעטן זון, „זאָל מען זיי לאָזן וואַקסן ווילדע באָד־יונגען? וואָס מיינט עפּעס גאָרניט געבן עטלעכע קלעפּ, אָדער גאָרניט גוט אריינשמייסן אין ׳די ווייכע׳ ווי עס באַדאַרף צו זיין? זיי קענען דאָך, מיינע שונאים, אויסוואַקסן ווילדע מענטשן, גזלנים, אפיקורסים!״

„אָט דאָס זאָג איך טאַקע. ווען מען שלאָגט א קינד, ווען מען שמייסט אַ יינגל פאַר אלעמען אין די אויגן, ווערט מען מיט דעם קיין זאַך ניט אויס־פירן. מען פאַרשעמט אים און ביים קינד אין דער נשמהלע פאַרגנבעט זיך אַ פונק פון שינאה — קען עס זיין צום טאַטן, צום רבין אָדער צו די אַלע אנדערע שלעגערס. ווען אַ קינד פאַרזינדיקט זיך, ער טוט אָפּ אַ שלעכטע זאַך לגבי זיינע עלטערן, און אָפטמאָל לגבי זיך אליין, טוט ער דאָס נאָר דער־פאַר, ווייל ער פאַרשטייט נאָך ניט דעם זין פון דער עוולה וואָס ער איז באַ־גאַנגען. דעריבער איז דער חוב פון טאַטן, פון דער מאַמען און אפילו פון זיין רבין צי פון זיין עלטערן ברודער אויף אַ פיינעם און אויפקלערנדיקן אופן אים געבן צו פאַרשטיין, אז ניט אזוי דאַרף מען טאָן, דאַן ווערט די וויר־קונג זיין אַ שטאַרקערע און ער ווערט זיך אויסהיטן עס ניט צו טאָן אויף להבא".

דער טאַטע פאַרשטייט דאָס, אָבער נאָכגעבן וויל ער ניט. מודה זיין אז דער זון איז גערעכט — דאָס אויך ניט. טוט ער הייב מיט די אַקסלען, אַ רעזיגנירטן מאַך מיט דער האַנט און דערווייל לאָזט ער מיך אָפּ.

הכלל, פון היינט אָן ווער איך אַ פרייער פויגל. איך בין ביי לייבע דעם באַלעגאָלע אין שטאַל, וווּ צוויי ברוינע פערד מיט גלאַנציקע פעלן שטייען איבער אַ קאָריטע, אָנגעטאָן מיט זעקלעך האָבער אויף זייערע מאָרדעס און קייען מיט גרויס אַפּעטיט. איך דריי זיך אום צוזאַמען מיט לייבן. ער גייט פאָרויס און איך לאָז אים פון אויג ניט אָפּ. איך גיי אים נאָך ווי אַ זשערעב־טשיקל נאָך אַ קליאַטשע. ר׳ לייב האַלט אין איין ריידן. צו וועמען ער רעדט ווייס איך ניט. דוכט זיך אז אויסער מיר איז דאָ קיינער ניט פאַראַן, און איך גיי אים נאָך ווייט פון הינטן. צו די פערד רעדט ער דאָך אוודאי ניט. טאָ צו וועמען רעדט ער, ר׳ לייב? אָבער ער רעדט! דאָס חזרט ער איין מיט זיך אליין וואָס ער האָט צו טאָן, ער זאָל מסתמא ניט פאַרגעסן...

איך דערהער מיטאַמאָל: „נו, איצט ווערט מען זיך נעמען שפּאַנען די פערד. כ׳האָב זיך שוין היינט אַ ביסל צופיל צערעדט און זיך גאָר ניט ארומגעזען אז די צייט שטייט ניט".

מיר איז דער אָנזאָג זייער געפעלן געוואָרן. איך האָב נאָך אויף מיין לעבן ניט געזען ווי מען שפּאַנט איין צוויי פערד מיט איין מאָל, אין איין וואָגן מיט אַ בויד. איך האָב זיך טאַקע אויפמערקזאַם צוגעקוקט ווי ר׳ לייב האָט אַראָפּגענומען די זעקלעך האָבער פון די פערדס מאָרדעס און האָט זיך

גאַרניט געמאַכט הערנדיק פון זייער הירזשען. קאַנטיק אויפן פערדישן לשון האָט דאָס געזאָלט מיינען, אז זיי זיינען ניט שטאַרק צופרידן וואָס מען האָט ביי זיי ארויסגענומען דאָס ביסן פון מויל. ר׳ לייב האָט זיך ארייַנגעשטעלט צווישן ביידע פערד און האָט זיי גענומען פירן, און מאָדנע — ער, ר׳ לייב, איז געגאַנגען פאַרויס און די פערד האָט ער געשטופּט אזוי, אז זיי האָבן גע־מוזט גיין מיט די הינטנס הינטערווייילעך, ביז ער האָט זיי צוגעשטופּט צום גרויסן וואָגן מיט דער בויד פון הינטן, אַקוראַט יעדער פערד אויף זיין אָרט. בשעת מעשה האָט ער גערעדט צו זיי עפּעס אזוינע מאָדנע ווערטער, וואָס איך האָב ניט פאַרשטאַנען. אָבער קאַנטיק אז זיי, די פערד, האָבן יאָ פאַר־שטאַנען וואָס ר׳ לייב האָט צו זיי גערעדט, ווייל ער איז געווען צופרידן און האָט זיי ביידן מכבד געווען מיט עטלעכע גלעטן איבער די גריוועס.

איצט האָט ער זיך גענומען זיי שפּאַנען. ס׳האָט לאַנג ניט געדויערט און ביידע פערד זיינען געשטאַנען איינגעשפּאַנט אין די האָלאָבליעס און אין די דישעלס — גרייט און פאַרטיק צום פאָרן.

* * *

„ארייַן אין בויד!“ האָט ר׳ לייב געגעבן אַ קאָמאַנדע. ווי אַ באַלזאַם זיינען געווען פאַר מיר ר׳ לייבס ווערטער אויף וועלכע איך האָב שוין גע־וואַרט. אַ שפּרונג, און איך קייקל זיך שוין אין בויד פון איין זייט ביז דער צווייטער.

ר׳ לייב זיצט שוין אויך אויף דער קאָזלע, די לייצעס אין האַנט. אַ קנאַק מיט דער בייטש און פון דעם האַסטיקן צי פון די פערד האָב איך זיך איבער־געקוליעט הינטערווייילעכץ אין בויד ארייַן, און פון פאַרגעניגן האָב איך זיך צעלאַכט.

טפררר, האָט מיטאַמאָל ר׳ לייב אָפּגעשטעלט די פערד. דער ערשטער פּאַסאַזשיר מיט אַ קליין רענצל אין האַנט איז אָנגעקומען. ר׳ לייב האָט אים געהאָלפן זיך ארייַנזעצן אין בויד. אזוי האָט מען זיך יעדע ווילע אָפּגע־שטעלט ביז די בויד איז פול געוואָרן מיט פּאַסאַזשירן. מיך האָט ר׳ לייב אוועקגעזעצט מיט זיך אויף דער קעלניע. ער האָט גוט אונטערגעבעט די קעלניע מיט שטרוי און אויבן באַשאָטן מיט היי, עס זאָל מיר זיין ווייכער אין געזעס, און „היידאַ“, האָט ר׳ לייב אויסגעשריען צו זיינע צוויי סוסים — „פּריימאָיע סאָבשטשעניע דאָ סלוצקאָ!“

אז אַלע האָבן זיך אריינגעזעצט און מען איז שוין ארויסגעפאָרן הינ־טערן שטאָט, האָבן אלע געוואָלט וויסן ווער איז דער תכשיט וואָס זיצט מיט ר׳ לייבען אויף דער קאָזלע.

„דאָס איז ר׳ אברהם משה דעם געלנס יינגל. ער האָט אַן אייזערנעם קאָפּ אויף זיך. געווען דער בעסטער תלמיד ביי ר׳ זוניען אין תלמוד־תורה. איצט פאָרט ער אין סלוצקער ישיבה. ער וויל ווערן אַ רב״. אזוי האָט ר׳ לייב קורץ און דייטלעך אַלעמען מיט איין אָטעם דערקלערט. „דערצו האָט ער נאָך אַ קול נגינה! ווען איך האָב זיין ׳קאַנאַריק׳ ווער איך אַ חזן״.

„אוודאי״, האָט זיך אַ יידענע, איינגעדרייט אין אַ פאַטשיילע, אָפּגערופן, „איר דערקענט אים ניט? דאָס איז דאָך ס׳יינגעלע וואָס צו יעדער חופה שטעלט מען אים ארויף אויף אַ טיש און ער זינגט מיטן חזן דעם ׳מי אדיר׳ און די ברכות״.

„נו, זאָל אים גאָט העלפן דעם אברהם משהן. אַן אָרעמער ייד, אָבער אַן ערלעכער מאַן און אַ ירא־שמים. זאָל ער אויך האָבן נחת פון זיינע קינ־דער!״ און אזוי איז מען ארויף אויפן ברייטן טראַקט.

„גאמאני נאַ פערווי סאָרט!״ האָט ר׳ לייב אַ קאָמאַנדע געטאָן צו זיינע סוסים, וועלכע האָבן זיך אוועקגעלאָזט אין גאַלאָפּ. די בויד האָט זיך גענו־מען טרייסלען און וואַרפן. די פּאַסאַזשירן האָבן זיך געוויגט אַהין און אַהער ביז ס׳האָט גענומען טונקלען און פון בויד האָט זיך דערהערט אַ שטילער שעפּטשען פון מנחה־מעריב תפילות.

ס׳איז נאַכט. ר׳ לייב האָט אָנגעצונדן די צוויי לאַמטערנעס, וועלכע זיי־נען געווען צוגעפעסטיקט צו די זייטן פון וואָגן און ס׳האָט לאַנג ניט גענו־מען ביז מיר זיינען אריינגעפאָרן אין וואַלד. די שטילע סודותדיקייט פון וואַלד האָט די פּאַסאַזשירן פאַרוויגט. יעדער איינער איז זיך געזעסן איינ־געקלאַמערט אין זיינע אייגענע מחשבות.

דער וואַלד איז טיף און ברייט און ווו מען וואַרפט אַן אויג איז וואַלד: פון פאָרנט וואַלד, פון הינטן וואַלד און פוןביידע זייטן — וואַלד. די ביי־מער שטייען גלייכע פון ביידע זייטן וועג, אזוי ווי איין מאַמע וואָלט זיי גע־האַט. אַלץ ארום איז שטיל און די שטילקייט וואַרפט אריין יעדערן אין אַן אומהיימלעכער שטימונג. איך זוך מיט מיינע אויגן לייבן, בערן, אַנדערע חיות — אָבער אומזיסט. איך נעם זיך אַן מיט קוראַזש און פרעג ר׳ לייבען: „ווו זיינען עס אַלע חיות?״ ר׳ לייב שמייכלט: „די חיות שלאָפן אויף ביי־

נאַכט און זיי זיינען פאַרשטעקט טיף אין זייערע נאָרעס. אפילו די פייגעלעך שלאָפן איצט. וואַרט, פּאַרטאַג, איידער ס׳וועט ווערן ליכטיק, וועסטו הערן אַ פויגל־געזאַנג נאָך בעסער פון דיין חזן מיט זיינע משוררים.

„אָבער אז מען רעדט שוין וועגן זינגען, טאָ לאָמיר גאָר פּאַרציען אַ ניגון". און תוך כדי דיבור הוסט זיך ר׳ לייב אויס און מיט זיין באַסאָווע שטימע האָט ער פאַרקלונגען דעם וואַלד מיט זיין „ראַסייאַ, ראַסייאַ. קאַק זשאַל מניע טעביאַ, בעדנאַיאַ, גאַרקאַיאַ, דושענקאַ מאַיאַ! צאַר איספּוגאַלסא אי דאַל מאַניפעסט — מיאַרטווים סוואָבאָדאַ, זשיוווים פּאָד אַרעסט!" אין יידיש זאָל עס הייסן: איי, רוסלאַנד, רוסלאַנד, וויפל מיטלייד כ׳האָב מיט דיר! דער צאַר האָט זיך דערשראָקן און ארויסגעלאָזט אַ מאַניפעסט: די טויטע פולע פרייהייט, די לעבעדיקע אונטער אַרעסט!

„נו, און וואָס איז מיר דיר, מענדעלע? דערלאַנג עפּעס אַ שטיקל חזנות, דו קאָנסט דאָך פון דיינע שטיקלעך וואָס דו זינגסט ביים חזן. כ׳ווייס, אַ שטיקעלע פון הלל, פון ראש־חודש בענטשן. שעם זיך ניט, מיר זיינען דאָ אַלע אייגענע מענטשן. מיר זיינען דאָ איצטער אין וואַלד אין דער זעלבער ׳פּאַלאַזשעניע׳. און טאַמער קריכט ארויס ערגעץ פון אַ נאָרע אַ גזלן, איז ניטאָ זיך וואָס צו שרעקן". און אזוי ריידנדיק נעמט ער זיך צו זיין בוזעם־קעשענע און קאַראַפּקעט פון דאָרט ארויס עפּעס א מין גלאַנציקע זאַך, דער־לאַנגט עס אַ קיצל מיט אַ פינגער, אַ הייב די האַנט אין דער הויך און אַ קנאַק איין מאָל, א צווייטן און אַ דריטן מאָל. פון דער ווייטן הערט מען ווי עס הילכט אָפּ א ווייטער עכאָ פון אַלע דריי שאָסן.

עטלעכע ווייבער האָבן זיך צעקוויטשעט פון שרעק. עס האָט גענומען לאַנג ביז אפרים דער אייזנקרעמער, וואָס פאַרט שוין ניט דאָס ערשטע מאָל מיט ר׳ לייבע דעם באַלעגאָלע קיין סלוצק, האָט זיי בארואיקט, אז דאָס האָט אונדזער לייבע געשאָסן כדי אָנצושרעקן גזלנים, אויב זיי באַהאַלטן זיך אויס ערגעץ אין וואַלד, ווייל ער פירט דאָך די „קאַזנאַטשייסטוואָ". און אזוי איז שטיל געוואָרן ביז איינער נאָכן אַנדערן האָבן גענומען דרעמלען און ביס־לעכווייז זיינען אַלע איינגעשלאָפן, ווער מיט אַ כראָפּעריי און ווער מיט אַ פייפעריי.

די איינציקע וואָס זיינען ניט געשלאָפן זיינען געווען ר׳ לייבע, וואָס האָט אַכטונג געגעבן אויף זיינע פערד זיי זאָלן ניט אַראָפּקריכן פון וועג, און זיין מיטפאָרער אויף דער קעלניע, מענדעלע, וואָס האָט זיך דאָס ערשטע

מאָל אין זיין לעבן ארויסגעלאָזט אין דער ווייטער וועלט אריין. יעדע קליי־ניקייט, יעדע באַוועגונג אין וואַלד האָט ביי אים ארויסגערופן אַ טיפן נייגער.

ס׳האָט גענומען טאָגן. דאָס ערשטע מאָל אין מיין לעבן האָב איך געזען אַ גרויסע, רויטע קויל זיך באַוועגן לאַנגזאם אויפן ראַנד פון האָריזאָנט.

„דאָס איז דער זון־אויפגאַנג", האָט מיר ר׳ לייבע דערקלערט. „קוק זיך גוט צו, קאָנסט דאָס צו אָפט ניט זען, סיידן דו וועסט ווערן אַ באַלעגאָלע און וועסט פירן פּאַסאַזשירן קיין סלוצק. אָבער זאָל דיר גאָט היטן דערפון".

אין עטלעכע שעה ארום זיינען מיר אריינגעפאָרן אין אַ גרויסן הויף, וואָס האָט געהערט צו דער אכסניה וווהין ר׳ לייב פלעגט תמיד פאַרפאָרן.

# אין סלוצק — אָבער ניט אין דער ישיבה

א נייע וועלט האָט זיך פאַר מיר געעפנט, אַ וועלט פון וועלכער איך האָב קיינמאָל ניט געחלומט. ערשטנס — די שטאָט סלוצק אליין. אזוי פיל גרויסע, דריי עטאַזשנע מויערן! און די גאַסן — לאנגע און ברייטע. אז מען שטייט אויף איין ברעג, אָדער אפילו אין מיטן גאַס, קאָן מען בשום אופן ניט זען דעם סוף פון דער גאַס. היינט אזוי פיל פערד און וועגענער, אזוי פיל דראָזשקעס איינגעשפּאַנט מיט איינציקע פערד וואָס יאָגן זיך מיט אזא געלויף און קלאַפּן מיט זייערע פּאַדקאָוועס איבערן שטיינערנעם ברוק, אז צייטנווייז באווייזן זיך אפילו פונקען פייער אונטער די פּאַדקאָוועס. און מענטשן כחול הים — יידן און גוים. אפילו מענטשן מיט אזוינע רויטע קיילעכדיקע היטעלעך, וואָס אין דער הויך באַמבלט זיך אַ קוטאַסל.

מיין ברודער בערל, וואָס איז מיר געקומען אַפּנעמען פון דער אכסניה, האָט געדונגען אַ דראָזשקע און מיר האָבן זיך ארייַנגעזעצט אין איר. מיר

זיינען געזעסן פונקט ווי אין דער היים די פריצים, וואָס פלעגן אמאָל אראָפּ־קומען אין שטעטל אין אַ יריד־טאָג און אמאָל אפילו אין אַ מאַרק־טאָג. דער אונטערשייד איז געווען, וואָס זיי פלעגט פירן אַ ספּעציעלער קוטשער, אויס־געפּוצט אין אזא באַקעשע מיט אַ היטל, וווּ אַ פּעדער פון אַ פּאַווע האָט גע־שטעקט פון דער זייט. און דאָ איז געזעסן אויף דער קעלניע א פּראָסטער איזוואָשטשיק מיט אַ קאָזשוך, ארומגעגאַרטלט מיט אַ שטריק. דאָס פּערדל איז אויך ניט געווען אזוי ווי דעם פּריצס, נאָר קליין און אויסגעדאַרט. אָבער מיר האָט עס ניט געאַרט. פאַרקערט, איך בין געווען זייער צופרידן וואָס דאָס פּערדל לויפט ניט צו האַסטיק און איך קאָן זיך האָצקען נאָך א ביסל אויף דעם וויכן, אויסגעבעטן געזעס פון הינטן. דערוויל האָט מיך מיין ברודער געקאָנט אָנווייזן און דערקלערן אַ סך זאַכן פון דער גרויסער שטאָט סלוצק.

„דו זעסט די מענטשן מיט די רויטע קיילעכדיקע היטעלעך?" זאָגט ער, „דאָס זיינען טערקן. אין סלוצק זיינען זיי פאַראַן אַ היפּשע צאָל. זיי פאַר־נעמען זיך מערסטנטייל מיט האַלטן קאָנדיטערייען. דאָס זיינען אזעלכע קראָ־מען מיט פאַרשיידענע געבעקס וואָס זיי אליין באקן, און עס האָט טויזנט טעמים. זיי רופן דאָס ׳פּיראָזשינעס׳, אָבער עס קאָסט זייער טייער. פאַר איין קליינער ׳פּיראָזשינע׳, וואָס כדי זיך אָנצועסן דאַרף אַ מענטש האָבן אפשר אַ גאַנצן צענדליק, דאַרף מען באַצאָלן דריי קאָפּיקעס. דו וועסט דאָס מסתמא פאַרזוכן זייענדיק דאָ אין סלוצק. איך וועל דיר קויפן ווען מיר וועלן זיך איינאָרדענען.

„באלד וועלן מיר דורכפאָרן אַ לאַנגן בריק און אונטערן בריק ציט זיך אַ לאַנגער טייך אוועק ווייט־ווייט. ווען דער טייך ווערט ווינטער פאַרפרוירן און דאָס וואַסער ווערט פאַרוואַנדלט אין אייז, קומען אויפן טייך סטודענטן און גימנאַזיסטן זיך גליטשן. אויך בחורים און מיידלעך קומען זיך גליטשן און מאַכן פאַרשיידענע קונצן אויף זייערע גליטשערס. זיי טאַנצן אפילו אויס פאַרשיידענע טענץ אויפן אייז. ארום שבועות־צייט, ווען זומער קומט, קו־מען אַהער צום טייך אַ סך בחורים און מיידלעך, מענער און פרויען זיך באָדן צוזאַמען אין דער ׳קופּאַלניע׳".

איך האָב אָנגעשטעלט אויף מיין ברודער אַ פּאָר אויגן פול מיט ווונדער:

„בחורים און מיידלעך צוזאַמען! הוילע, נאַקעטע? ווי קאָן דאָס זיין?"

„ניט גאָר אינגאַנצן נאַקעט", דערקלערט מיר מיין ברודער. „זיי טראָגן אַזוינע שווים־קאָסטיומען. מענטשן שטייען פון דער ווייטן און קוקן".

איך האָב זיך דערמאָנט אָן אונדזער ראַמיסצער טייך, ווו מיר פלעגן לויפן אַלע פרייטיק נאָכן פאַרהער, זומער זיך באָדן און ווינטער זיך גליטשן, און איך האָב צוגעזאָגט צו דערציילן מיין ברודער די מעשה נורא וואָס האָט געטראָפן מיט מיר מיט אַ שבתדיקן גליטש אויפן שול־הויף, וואָס ווען איך דערמאָן זיך אָן דער מעשה, ווילט זיך מיר נאָך איצט וויינען. אָבער איצט האָב איך ניט געוואָלט דערציילן, ווייל איך האָב ניט געקאָנט פועלן ביי זיך איבערצורייסן די ערשטע איינדרוקן פון דער גרויסער שטאָט סלוצק, ווי אויך דעם קבלת־פנים וואָס מיין ברודער בערל האָט מיך געגעבן גלייך דעם ערשטן טאָג פון מיין אָנקומען אין דער נייער וועלט.

* * *

די דראָזשקע איז אריבערגעפאָרן דעם בריק. אַ לאַנגער בריק, נאָך לענגער פון אונדזער בריק איבער דעם ראמיסצער טייך. דערנאָך זיינען מיר אריינגעפאָרן אין אַ זייער לאַנגער גאַס, וואָס אויב מ'וואָלט זי געדאַרפט דורכגיין צופוס, וואָלט עס פאַרנומען זייער אַ לאַנגע צייט. איך זאָג דאָס קעגן דעם, ווייל איך פלעג טאַקע דאַרפן גיין אַלע טאָג צופוס דורך דער לאַנגער גאַס. אָבער מיך האָט דאָס ניט געקימערט. פאַרקערט, איך פלעג גראָדע הנאה האָבן צו גיין דורך דער לאַנגער גאַס צופוס. וואָרעם גייענדיק קאָן מען קוקן אויף אַ סך שיינע זאַכן, בשעת מען פאָרט מיט אַ דראָזשקע קאָן מען דאָס ניט זען...

אזוי פיל שיינע קראָמען זעט מען אויפן וועג דורך דער לאַנגער גאַס. גרויסע, ברייטע און טיפע קראָמען, און אַלע אָנגעפּאַקט מיט פאַרשיידענע סחורות, מיט גרויסע גלעזערנע פענצטער, כדי מען זאָל קאָנען זען די סחו־רה וואָס ליגט אינעווייניק אויף די ברייטע פּאָליצעס. מאַנופאַקטור־קראָמען, גאַלאַנטעריי און באַקאַליי קראָמען, קאָנדיטערייען, ווו די טערקן פאַרקויפן „פיראָזשינעס", און אין מיטן דרינען — גאָר אַ יאַטקע פון פלייש. מאָלט איך, ניט אזא יאַטקע ווי אין קלעצק לעבן דעם שול־הויף, ניט ווייט פון דער באָד, ווו אַלע קצבים זיינען געשטאַנען און געהאַקט פלייש אויף גראָבע קלעצער, און ווו ס'איז שטענדיק געווען אַן אָנגעלאָף פון הינט וואָס פלעגן זיך רייסן און בייסן פאַר אַ טרוקענעם ביין, וואָס אַ קצב פלעגט זיי צו־

וואַרפן. די יאַטקע איז געווען אַ קראָם ווי אַלע קראָמען, מיט דעם אונ־טערשייד וואָס דאָ האָט מען פאַרקויפט פלייש.

און וואָס האָט מען אויף דער לאַנגער גאַס ניט געקאָנט זען? ווען מ׳זאָל וועלן אויסרעכענען אַלץ וואָס דאָרט טוט זיך, וואָלט פאַרנומען צופיל צייט. פאַרנדיק דאָס ערשטע מאָל מיט מיין ברודער אין דער דראָזשקע האָב איך דאָס טאַקע אַלץ באמערקט, אָבער ניט אזוי גרינטלעך ווי בשעת איך פלעג גיין צופוס.

די דראָזשקע האָט זיך אָפּגעשטעלט לעבן א הילצערנע שטוב. מיר זיי־נען דורך א הויף אריין אין אַ באַזונדערן שטיבל. דאָס איז געווען מיין ברו־דערס וווינונג און דאָרט זיינען מיר אריין. מיר איז דאָס שטיבל זייער גע־פעלן געוואָרן, כאָטש קיין פּאַלאַץ איז דאָס ניט געווען. דאָס שטיבל האָט אויסגעזען אַ סך שענער ווי אונדזער שטוב אין קלעצק, מיט בילדער אויף די ווענט און שיינע מעבל. און ווערדליק דאָס שטיבל האָט געזאָלט זיין נאָר פאַר אונדז צוויי — איז דאָס טאַקע, קאָן מען זאָגן, געווען אַ „פּאַלאַץ“.

אין שטיבל איז געווען אַ באַזונדער קאַמער צום שלאָפן. געשטאַנען איז דאָרטן אַן אייזערנע בעטל אויף וועלכן מיין ברודער איז געשלאָפן. אויך אַן אַלמער אויפצוהענגען בגדים איז דאָרט געשטאַנען. אין צווייטן צימער איז געשטאַנען א שיינע זאָפע, וואָס אויף איר, האָט מיין ברודער מיר אָנגעוויזן, וועל איך שלאָפן.

די זאָפע איז געשטאַנען ביי אַ פענצטער וואָס האָט ארויסגעקוקט אין אַ גאָרטן, וווּ עס זיינען געשטאַנען כמעט נאַקעטע ביימער. ווו־ניט־וווּ זיינען נאָך אויף די שפּיצן פון די צווייגן געהאנגען פארעקשנטע בלעטער, וואָס האָבן אראָפּגעקוקט צו דער ערד און זיך צוגעקוקט ווי דער ווינט שפּילט אַ טייוולאָנישן שפּיל מיט די בלעטער, וואָס זיינען אָקאָרשט געהאָנגען צוזאַמען מיט זיי אויף די צווייגן. אָט האָט דער ווינט געהויבן די בלעטער, און אָט בלאָזט ער זיי צוריק ווו אים פאַרוועלט זיך. די בלעטער זיינען ווי טויטע און פאָלגן אויס דעם ווינטס משוגעת.

הכלל, מיר זיינען שוין אויף אָן אָרט. מיין ברודער האָט מיר געהייסן זיך מאַכן באַקוועם אין דער נייער היים. איך האָב אויסגעפּאַקט מיין קלומיקל וואָס אונדזער גוטע מאַמע האָט מיט מיר געשיקט פאַר אונדז ביידן: אַ פריש־געבאַקענעם ברויט, קעז, פוטער, אפילו א סלוי איינגעמאַכץ וואָס די

מאַמע האָט אליין געפּרעגלט, האַרטן צוקער און נאָך קלייניקייטן, וואָס אין דער היים האָט מען עס זעלטן זיך פאַרגונען.

* * *

„ביסט דאָך אַ גאַנצע נאַכט ניט געשלאָפן", זאָגט צו מיר מיין ברודער, „טאָ מאַך זיך באַקוועם, רו זיך אויס א ביסל און דערנאָך וועלן מיר שמועסן. מיר האָבן זייער א סך צו שמועסן וועגן אַ תכלית פאַר דיר!"

כאָטש איך האָב טאַקע די גאַנצע נאַכט ניט געשלאָפן און געווען מיד, זיצנדיק מיט ר' לייב דעם באַלעגאָלע אויף דער קעלניע, פון דעסטוועגן האָט זיך מיר ניט געוואָלט שלאָפן. איך האָב עפּעס ניט געקאָנט, נאָך אַזוי פיל איינדרוקן, אין מיטן טאָג זיך אװעקלייגן שלאָפן. מיר איז געווען אַזוי גוט אויף דער נשמה. ערשטנס, וואָס איך בין שוין אין סלוצק — אַ קלייני־קייט, זיין אין אַזאַ גרויסער שטאָט ווי סלוצק! און צווייטנס, זיין מיט מיין ברודער בערלען צוזאַמען, הערן ווי ער רעדט, זען וואָס ער טוט. ווייל איר דאַרפט וויסן זיין, אז מיין ברודער בערל איז פאַר מיר דאַן געווען דער קליגסטער מענטש אויף דער וועלט, און דערצו נאָך איז ער געווען אַזוי גוט צו מיר און איך האָב אים אַזוי שטאַרק ליב געהאַט. און ניט נאָר איך אליין — מיר אַלע אין שטוב, א חוץ דעם טאַטן, האָבן געקוקט אויף אים ווי אויף אַן „אויבער־מענטש", אַלע האָבן זיך גערעכנט מיט זיין מיינונג און מיט זיין וואָרט. דעריבער האָב איך קלאָר ניט פאַרשטאַנען זיין זאָג: „ער וויל שמועסן מיט מיר וועגן אַ תכלית". איך האָב געטראַכט, אז אַלץ איז דאָך שוין באַשטימט געוואָרן אין דער היים. דער טאַטע האָט מיך געשיקט אין דער ישיבה — איז דאָס ניט גענוג תכלית? דאָס איינציקע וואָס מיין ברודער דאַרף איצט טאָן פאַר מיר — איז אַוועקפירן מיך אין דער ישיבה און זען, אז די ישיבה זאָל מיר פאַרזאָרגן מיט עטלעכע „טעג", אַזוי ווי זי טוט דאָס פאַר אנדערע ישיבה־בחורים!

ווען מיין ברודער האָט שפּעטער פאַרפירט מיט מיר אַן ערנסטן שמועס, האָב איך שוין פאַרשטאַנען וואָס ער האָט געמיינט מיט זיין זאָג: „אַ תכלית פאַר מיר"...

„מענדעלע", האָט ער צו מיר אַ זאָג געטאָן, „איך האָב מיט דיר צו ריידן וועגן זייער אַן ערנסטן ענין. זאָג מיר נאָר, ווילסטו טאַקע ווערן אַ רב?"

איך האָב אָנגעשטעלט אַ פּאָר נייגעריקע אויגן:

„איך וויס אליין ניט", האָב איך געענטפערט, ניט פאַרשטייענדיק זיין

פראַגע. „אגב, ווייס איך ניט צי איך וועל גאָר קאָנען דערגרייכן אזא מדרגה ווי צו ווערן אַ רבֿ".

„דערגרייכן אזא מדרגה וועסטו קאָנען. אין דעם בין איך זיכער. דו פאַרמאָגסט אויסערגעוויינלעכע פעאיקייטן און א גוואלדיק־גוטן קאָפּ, אָבער איך צווייפל צי דו וועסט קאָנען זיין אַ רבֿ!"

מיין ברודער האָט געזען אז איך פארשטיי ניט וואָס ער מיינט. און ווי אזוי האָב איך אים געקאָנט פארשטיין? ער אליין זאָגט, אז איך האָב גוטע פעאיקייטן און זייער א גוטן קאָפּ, טאָ פאַרוואָס זאָל איך ניט קאָנען זיין אַ רבֿ?

ער האָט זיך אַוועקגעזעצט נאָענט צו מיר, ארויפגעלייגט זיין האַנט אויף מיין אקסל און זיך אָפּגערופן:

„איך זע, אז דיר איז דער גאַנצער ענין קשה. דו האָסט ניט פאַרשטאַנען מיינע רייד. פעאיק ביסטו, אַ גוטן קאָפּ האָסטו — טאָ וואָס נאָך פעלט דיר צו ווערן אַ רבֿ? טאָ הער זיך איין, וועל איך דיר געבן צו פאַרשטיין. דו, מיט דיין קאָפּ און מיט דיינע פעאיקייטן וואָלסטו געקאָנט זיין ניט נאָר אַ רבֿ, נאָר אפילו — ווי דיין רבי ר' זוניע האָט זיך אויסגעדריקט — 'אַ גאון עולם'. איך אָבער, קענענדיק דיך מיט דיין נאַטור זאָג, אז קיין רבֿ וועסטו קיינמאָל ניט זיין".

„פאַרוואָס?" האָב איך מיט ווונדער געפרעגט, קוקנדיק אויף אים.

„הער מיך אויס, מענדעלע. דו געדענקסט די מעשה מיטן צוברעכן דעם טאָוול ביי שלום דעם מלמד? זאָג מיר, פאַרוואָס האָסטו דאָס געטאָן? דו האָסט דאָך שטענדיק געהאַט אויפן טאָוול די בעסטע מיינונגען. 5־ען האָסטו געהאַט כסדר און דו פלעגסט אלע פרייטיק ברענגען אהיים אַ מתנה — אַ ביכעלע מיט גריגינקע טאָוועלעך. דו ביסט געווען פון די בעסטע יינגלעך אין חדר, אויב ניט דער בעסטער און דו האָסט אָפּגעטאָן אזא פארברעכן ווי צעברעכן דעם טאָוול. פאַרוואָס האָסטו דאָס געטאָן? דערפאַר ווייל דיר האָט פאַרדראָסן די עוולות וואָס מען באגייט לגבי אנדערע יינגלעך, דיינע חברים און פריינד! און שפּעטער, ביי ר' זוניען, ווען מען האָט גענומען פאַרהערן די יינגערע כיתה פריער, ווער האָט עס צוגעטראַכט אז איר זאָלט בעסער לויפן צום טייך זיך באָדן, כאָטש איר האָט געוווסט אז זונטיק וועט איר אלע קריגן געשלאָגן. ווער האָט דאָס אָנגעפירט, אויב ניט דו? און פאַרוואָס האָסטו דאָס געטאָן? ווייל דיר האָט זיך אויסגעוויזן, אז מען איז באַגאַנגען אַן עוולה קעגן אייך. דיין נאַטור האָט עס ניט געקאָנט פאַרשווייגן...

„און די מעשה מיטן צעברעכן די בליץ־לאָמפּן, כדי מען זאָל נאָך פּורים ניט קענען לערנען אין אָוונט, איז אויך געווען דיין אויפטו! זעסטו שויך, אז דו פאַרמאָגסט אַ נאַטור פון אַ רעוואָלוציאָנער. און אַ מענטש מיט אַזאַ נאַ־טור וועט קיינמאָל ניט קאָנען זיין קיין רב. אַ רב דאַרף זיך קענען צופּאַסן צו פאַרשיידענע ענינים. אַ רב דאַרף אויך קענען פאַרקוקן אַ סך עוולות און שווייגן. אַ רב דאַרף שטענדיק האַלטן דעם גלייכגעוויכט צווישן די באַלע־באַטים און אָפטמאָל קומט אים אויס צו גלעטן דעם נגיד אויפן חשבון פון אָרעמאַן — און דו וועסט דאָס קיינמאָל ניט קענען טאָן. אָט דערפאַר וועסטו ניט קענען זיין קיין רב און פסקענען געדרעכטע דין־תורהס!...״

איך האָב געקוקט אויף מיין ברודער, אויף זיין ערנסטן פּנים. איך האָב געקלערט וועגן דער ריכטיקער אויפקלערונג זיינער וועגן מיר, און באַוווּנ־דערט זיין חכמה און דעם אופן ווי אזוי ער האָט דאָס מיר געגעבן צו פאַרשטיין.

„איז וואָס זשע, לויט דיין מיינונג, דאַרף איך טאָן? סתם לערנען אין דער ישיבה אָן קיין שום תכלית? זיין אַן אייביקער ישיבה־בחור און איי־ביק עסן ׳טעג׳?״ האָב איך אים ערנסט איבערגעשלאָגן.

מיין ברודער האָט מיט אַ שמייכל זיך אָפּגערופן: „אָט דערפאַר האָב איך דיר פריער געזאָגט, אז איך וויל מיט דיר ריידן וועגן אַ תכלית. גיין אין דער ישיבה און ווערן אַן אייביקער ישיבה־בחור איז ביי מיר ניט קיין תכלית. איך בין געווען אַ ישיבה־בחור און געגעסן ׳טעג׳, וואָס צוליב די דאָזיקע ׳טעג׳ בין איך קראַנק עד היום... זעסטו דאָך וואָס איך האָב געטאָן, און מיינע באַדינגונגען זיינען דאַן געווען אַ סך ערגערע ווי דיינע איצט. איך האָב פאַרלאָזן די ישיבה, געהונגערט, געליטן, אָבער דערגרייכט עטוואָס אין לעבן. איך האָב אַ ׳פּראָפעסיע׳ און מיט מיין אַטעסטאַט קאָן איך אומעטום, אין גאַנץ רוסלאַנד, באַקומען אַ שטעלע אַלס אַ לערער אין אַן ׳אוטשילישטשע׳ אָדער אין אַ גימנאַזיע. און אויף דעם וועג וויל איך אז דו זאָלסט אויך גיין״.

„הייסט עס, דו מיינסט איך זאָל לכתחילה גאָרניט גיין אין דער ישיבה, נאָר זיך לערנען ׳קענטעניש׳, ווי דו האָסט עס געטאָן?״

„יאָ, מיין טייערער, אָט דאָס מיין איך טאַקע. דערפאַר טאַקע האָב איך זיך אזוי איינגעשטעלט און אזוי פיל גערעדט און איינגעטענהט מיטן טאַטן, ער זאָל דיר שיקן קיין סלוצק און ניט אין ׳דער־מיר׳, ווייל דאָ וועסטו זיין

אונטער מיין השגחה, און דאָס איז געווען מיין אויסרעכענונג. איך האָב שוין אָפּגערעדט מיט מיינעם אַ באַקאַנטן סטודענט, ביי וועמען דו וועסט לערנען — ווי דו רופסט עס, ׳קענטעניש׳ — דאָס הייסט וועלטלעכע לימודים ווי: רוסיש — לייענען און שרייבן, גראַמאַטיק, אַריטמעטיק, געשיכטע און געאָ־גראַפיע. מיט איין וואָרט — אַלע קענטענישן, וועלכע פּראָגרעסיווע מענטשן דאַרפן קענען. און די פראַגע פון ׳טעג׳ עסן? וועגן דעם דאַרפסטו אויך פארגעסן!... איך האָב שוין געגעסן ׳טעג׳ אויך פאַר דיר, און די ׳טעג׳ וועל איך געדענקען מיין גאַנצן לעבן... דעריבער וויל איך ניט אַז דו זאָלסט דורכמאַכן דאָס זעלבע וואָס איך. פאַרשטייסט? דו וועסט זיין מיט מיר. פון דער היים וועט מען דיר שיקן מיט לייבע דעם באַלעגאָלע אַלע וואָך אַ ברויט, פּוטער און קעז און דאָס איבעריקע — בין איך דאָך דאָ. וואָס איך וועל עסן וועסטו אויך עסן. ביסט דאָך מיין יינגערער ברודער און איך בין דאָך פאַר־אַנטוואָרטלעך פאַר דיר״... און אזוי ריידנדיק האָט ער מיך ארומגענומען און צוגעדריקט צו זיך...

איך האָב זיך ניט געקאָנט באַהערשן און טרערן האָבן מיר זיך גע־שטעלט אין מיינע אויגן...

# דאָס ערשטע באַגעגעניש מיט מיין לערער

וואָס פאַר אַן איבערבייט עס איז פאָרגעקומען אין מיין לעבן זינט איך לעב צוזאַמען מיט מיין ברודער אין סלוצק? וואָס פאַר אַן אונטערשייד עס איז דאָס לעבן אין קלעצק ביז סלוצק? אין קלעצק האָט זיך מיין טאָג אָנגעהייבן גאַנץ פרי מיטן חדר. שפּעטער־צו מיט דער תלמוד־תורה, ווו איך האָב פאַרבראַכט אין לערנען דעם גאַנצן טאָג — זומער־צייט פון פרי ביז פאַרנאַכט, און ווינטער — ביז אַ שטיק אין אָוונט אריין.

אויסערן חדר איז געווען דער בית־מדרש און דאָס שטרענגע אויג פון מיין טאַטן. דאָס איינציקע פאַרגעניגן איז געווען פרייטיק נאָך האַלבן טאָג, ווען מען האָט געקאָנט זומער אַ שווים טאָן אין טייך און ווינטער אויפן גליטש, און אויך די חול־המועד טעג, ווען מען איז ניט געגאַנגען אין חדר.

די דערמאָנטע פארגעניגנס מיינע האָבן אויך געדאַרפט געטאָן ווערן געגנבעטערהייט, דער טאַטע זאָל חלילה זיך ניט דערוויסן. און דאָ? איך

שטיי אויף אין דער פרי, קיינער וועקט מיך ניט צום דאַווענען. ווייל איך שלאָפן שפעטער, שלאָף איך. ווייל דאָ ביי אונדז, דאָס הייסט ביי מיין ברו־דער אין סלוצק, הייבט זיך דער טאָג אָן גאַנץ שפעט. מיין ברודער הייבט אָן מיט זיינע פריוואַטע לעקציעס אמאָל צען אזייגער און אמאָל נאָך מיטאָג. דאָס דאַווענען האָט ער שוין לאַנג אָפּגעגעבן. איך צווייפל גאָר אויב ער האָט ערגעץ ווו תפילין. און אז ער דאַוונט ניט, טאָ פאַרוואָס זאָל איך זיך רייסן דעם פעלץ און דאַווענען? בין איך אויך פריי פונעם דאַווענען. אגב, ווי יונג איך בין דאָן געווען, האָט מיך אַ צווייפל שוין פאַרפאָלגט צי מען דאַרף טאַקע דאַווענען? הכלל, איך בין אַ פרייער מענטש און פטור פון דאַווענען!..

* * *

אין דרויסן איז האַרבסט. דער הימל איז באַדעקט מיט אַ טונקעלן בליי־ענעם צודעק. מען האָט שוין גאָר פאַרגעסן ווי די זון זעט אויס. אַ דריבנער רעגן הערט ניט אויף צו זיפּן גאַנצע טעג און נעכט. האָט דאָך על פּי שכל געדאַרפט זיין אומעטיק אויפן האַרצן, ווי אין דער היים פלעגן אזעלכע ווע־טערן אָנוואַרפן אַן אומעט. דאָ אָבער, אין סלוצק, איז ניט געווען אומעטיק. פאַרקערט, מיר איז גאָר געווען פריילעך.

סאַמסאָן דער סטודענט, מיין לערער, האָט געטראָגן פענסנע, וואָס זיינען ביי אים געהאַנגען אויף אַ שנירל. ער האָט געהאַט לאַנגע האָר, פאַרקאַמט מיט אַ גלייכן שרונט, אזוי ווי ביי אַ מיידל. אין גאַס גייט ער אום מיט אַ פּעלערינע וואָס קליידט אים זייער שיין.

ווען איך פלעג קומען צו אים אין זיין רייכער היים, די ביכער מיינע פאַרשטעקט אונטערן אָרעם, בין איך אים זייער מקנא געווען און אָפּט גע־טראַכט ביי זיך: ווען איך וועל ווערן גרויס, וועל איך אויך אָנטאָן פענסנע, זיך פאַרלאָזן לאַנגע האָר און וועל אויך טראָגן אַ פּעלערינע אזוי ווי ער.

כאָטש איך האָב זייער ליב געהאַט צו קומען צו מיין לערער סאַמסאָן אויף מיין „אוראָק" (לעקציע), פון דעסטוועגן האָב איך פיינט געהאַט די צע־רעמאָניעס ביים אריינקומען צו אים אין דער גרויסער, רייכער הויז מיטן הויכן גאַניק. ראשית, איז דאָ אין סלוצק גאָר אַן אנדער מאָדע, גאָר ניט אזוי ווי אין קלעצק. ווען עמעצער, למשל, האָט אין קלעצק געדאַרפט אריינגיין צו וועמען אין הויז, האָט ער קיינעם ניט געפרעגט קיין שאלות, אַן עפן גע־טאָן די טיר און ער איז שוין געווען אינעווייניק. דאָ אין סלוצק איז עפּעס גאָר אנדערש. איידער איר טרעט אריבער יענעמס שוועל, דאַרפט איר

פריער אַנקלאַפּן און וואַרטן ביז עמעצער וועט פאַר איך עפענען די טיר און פרעגן וואָס איר ווילט און וועמען איר דאַרפט. אין די גאַר רייכע היי־זער, אַזוי ווי ביי מיין לערער סאַמסאָן דער סטודענט, איז גאָר פאַראַן אַזאַ מין הילצערנע הענטל, וואָס הענגט אויף אַן אויסגעצאַצקעטן רימען און איר דאַרפט אַ ציי טאָן פאַר הענטל. און אַז איר גיט אַ ציי דאָס הענטל דאָ אויפן גאַניק, גיט עס אינעווייניק ערגעץ אין קיך אַ שטאַרקער קלונג. דאַן קומט ארויס אַ מיידל מיט אַ ווייסן טשעפּיק אויפן קאָפּ, מיט אַ ווייסן פאַרטוך, און נאָך אַ סך שאלות ותשובות ווערט זי נעלם און קומט צוריק. אַמאָל קומט זי מיט אַ בייז פּנים און זאָגט אייך, אַז וועמען איר ווילט זען איז ניטאָ אין שטוב, און אַמאָל קומט זי מיט אַ געמאַכטן שמייכל אויפן פּנים און לאָזט אייך אריין.

* * *

ווען איך בין דאָס ערשטע מאָל געקומען צו דעם רייכן הויז, וווּ מיין לערער האָט געלעבט, ארויף אויפן גאַניק און אַ ציי געטאָן פארן הענטל, אַזוי ווי מיין ברודער בערל האָט מיר אָנגעזאָגט, און דערהערט אַ קלונג דאָרטן אינעווייניק, האָב איך זיך דערשראָקן. ווייל צוזאַמען מיטן קלונג האָב איך אויך דערהערט אַ שטאַרקן בילן פון אַ הונט. דערנאָך האָב איך דערהערט דריבנע טריטעלעך. און כך הוה, אָט פּונקט ווי איך האָב אייך פריער דערציילט. אַ יונג מיידל ציי אַ שיקסע, מיט אַ ווייסן טשעפּיק אויפן קאָפּ און מיט אַ ווייסן פאַרטוך האָט געעפנט די טיר און דערביי האָט זי גע־האַלטן אַ גרויסן הונט פארן רימענעם האַלדז־באַנד, וואָס האָט מיט אַ הינ־טישן כעסדיקן ברומען זיך געריסן צו מיר. די שיקסע ציי דאָס מיידל האָט אָנגעשריען אויפן הונט און מיך האָט זי גענומען אויפן פאַרהער: „וואָס וויל איך און צו וועמען דאַרף איך?"

ווען איך האָב איר אַלץ דערקלערט און אָנגעוויזן אויף מיינע ביכער וואָס איך האָב געטראָגן אונטער דער פאָלע, זיי זאָלן ניט פאַרבעצט ווערן פון דעם אָסיענדיקן רעגן, האָט זי מיך באַוויליקט מיט אַ שמייכל און מיר גע־הייסן וואַרטן אַ ווײילע. ווען זי איז צוריקגעקומען האָט זי שוין געהאַט אויף איר פּנים גאָר אַ ברייטן שמייכל און האָט מיך ראשית געהייסן ארומרייניקן מיינע שטיוועלעך, וועלכע זיינען געווען נאַס און בלאָטיק פון רעגן, און ערשט דערנאָך האָט זי מיר אריינגעפירט צו סאַמסאָנען אין קאַבינעט.

דער צימער איז געווען אַ גאַנץ פיינער. אַ סך ביכער זיינען געווען אָנ־

געשטעלט לויט אַ סדר אין אַ גרויסן גלעזערנעם אַלמער, גרויס כמעט ווי די גאַנצע וואַנט. אויף אַ טישל איז געשטאַנען אַ גלעזערנער טינטער מיט טינט. אויפֿן טינטער איז געווען אזא ספּעציעלער אָרט וווּ ס׳איז גע־לעגן אַ פּען מיט פּאַפּיר צום שרייבן. ארום טישל זיינען געשטאַנען פיר שטולן און ביי אַ וואַנט — אַ גאָר שיינע סאָפע. אָט דעם צימער האָט די דינסט גערופֿן „קאַבינעט״. זי האָט מיך באַזעצט און האָט צוגעפירט צו מיר דעם גרויסן, בייזן הונט און אים געהייסן ער זאָל מיך באַשמעקן. איך האָב דערפילט אז מיין האַרץ פאַלט מיר אריין אין די שטיוועלעך. זי האָט מיר אָבער געזאָגט איך זאָל קיין מורא ניט האָבן, ווייל ווען דער הונט וועט מיך באַשמעקן, וועט ער מיר אויף להבא דערקענען און מיך לאָזן צורו...

זי האָט גערעדט צו מיר אויף רוסיש. און כאָטש ניט אַלץ וואָס זי האָט געזאָגט האָב איך פֿאַרשטאַנען, דאָך האָב איך זיך אָנגעשטויסן וואָס זי מיינט. זי האָט זיך אויסגעדרייט און געזאָגט צו מיר — אַלץ מיטן זעלבן שמייכל — אז דער „גאָספּאָדין״ סאַמסאָן קומט שוין אריין מיך זען.

ווי גאָר איך האָב דערזען מיין לערער, דעם סטודענט סאַמסאָן, איז ער מיר גלייך געפעלן געוואָרן. ערשטנס, איז ער געגאַנגען זייער שיין אָנגעטאָן. ער האָט געטראָגן אַ מונדיר מיט מעשענע קנעפּ, ווי אַלע סטודענטן וואָס זיי־נען געגאַנגען אין אוניווערסיטעט אין סלוצק האָבן עס געטראָגן. און צווייטנס, איז ער טאַקע געווען זייער אַ שיינער. ער איז געווען ניט קיין גאָר הויכער, אָבער אויך ניט קיין נידעריקער. זיין פיגור איז געווען זייער אַ גראַנדיעזע אויף וועלכן דער מונדיר איז געלעגן אויסגעגאָסן ווי אויף אַן אָפיצער. דערצו נאָך האָט ער, פון דער ערשטער מינוט וואָס ער האָט מיך דערזען, גענומען שמייכלען צו מיר און האָט מיך נאָך אַ גלעט געטאָן אי־בערן באַק.

גענומען ריידן צו מיר האָט ער אויף רוסיש, אָבער די ווערטער וואָס איך האָב ניט פֿאַרשטאַנען האָט ער זיי מיר פֿאַרטייטשט אויף יידיש. איך בין געזעסן, געקוקט אויף מיין נייעם לערער, זיך צוגעהערט ווי ער רעדט צו מיר און איך האָב זיך אליין ניט געגלויבט: אָט דאָס איז אַ לערער? איך בין שטענדיק געווען צוגעוווינט צו בייזע רביים. שפּעטער־צו, אפילו דער לערער פון דער תלמוד־תורה, ה׳ מאַטוס קראַניטש, איז אויך געווען אַ שטרענגער. אָבער גאָר אַנדערש איז געווען מיין לערער סאַמסאָן דער סטודענט. זיין אַרט ריידן, ווי שיין ער דערקלערט אלץ, ער צעקייט אלץ

גרינטלעך און לייגט עס פּשוט אריין אין מויל. און זיין אופן פון לערנען איז גאָר אַנדערש. איך וואָלט עס אָנגערופן אַ שפּיל, וואָס דורך אים לערנט מען. לערנט ער מיט מיר, למשל, אַריטמעטיק — איז דאָס אַלץ דורך שפּיל: מיט שוועבעלעך, מיט די ביכער אין זיין אַלמער. דאָס לערנען ווערט אַזוי אינטערעסאַנט און לעבעדיק, אַז איך פלעג וועלן דאָס לערנען זאָל זיך ציען און דויערן נאָך און נאָך. און די היים־אַרבעט וואָס ער פלעגט מיר געבן איז געווען אַזוי אינטערעסאַנט, אַז איך פלעג שוין קוים דערלעבן אַריינפאַלן אין מיין ברודערס שטיבל און זיך נעמען צו מאַכן די „אוראָקן".

* * *

ניט נאָר בין איך געווען צופרידן מיט מיין לערער, נאָר ער איז פון זיין תלמיד געווען אפשר נאָך מער צופרידן. איך האָב זיך צוגעכאַפּט צו די נייע אינטערעסאַנטע לימודים וואָס מען רופט עס „קענטעניש", ווי אַ הונגעריקער וואָס וויל שטילן זיין הונגער. אַלץ וואָס איך האָב געהערט פון מיין לערער האָט זיך ווי דורך אַ פאָטאָגראַפישן אַפּאַראַט אָפּגעשטעמפּלט אין מיין זכרון. דאָס לערנען איז פאַר מיר געוואָרן אַנשטאָט אַן אָפּקומעניש ווי אין חדר און אין תלמוד־תורה — דאָס גרעסטע פאַרגעניגן.

חוץ דעם, וויפל איז דאָס ווערט געווען פאַר מיר דער שפּאַציר דורך דער לאַנגער גאַס? וואָס האָט מען זיך דאָס אויף דער דאָזיקער גאַס ניט אָנגעזען?... וואָס מ'האָט געקענט זען אויף דער לאַנגער גאַס אין סלוצק אין איין טאָג, האָט מען דאָס אין קלעצק קיינמאָל ניט געקענט זען. ווו האָט מען אין קלעצק געקאָנט זען אַזעלכע גרויסע פערד וואָס שלעפּן אַזעלכע גרויסע וועגענער, ווי גאַנצע הייזער, אָנגעלאָדענע מיט כלערליי משאות? ווו האָט מען אין גאַנץ קלעצק געקאָנט זען אַזוי פיל דראָזשקעס מיט איזוואָשטשיקעס? און ווו האָט מען אין קלעצק געקאָנט זען אַזוי פיל מענטשן אויף די טראָטואַרן? מענטשן אין פאַרשיידענע אָנטועכצן, מענטשן געקליידעטע ווי פּראַנטן און פאַרקערט, מענטשן אָפּגעריסענע אין שמאַטעס, קרוע־בלוע. און אַזוי פיל טרעגערס, וואָס שלעפּן אויף זיך גאַנצע פּעק מיט גרויסע לייוונטענע זעק, אָדער מיט זייער גרויסע קאַרטאָנענע קאַסטנס, אַרומגעבונדן מיט גראָבע שטריק. זיי גייען געבויגן אין דרייען, און פון ווייטנס קוקט אויס, אַז אָט גייט אַ גרויסער קאַרטאָנענער קאַסטן אָדער אַ גרויסער לייוונטענער זאַק, ווייל קיין מענטש זעט זיך ניט אַרויס.

אין די גרויסע, ליכטיקע קראָמען ברענען אפילו בייטאָג עלעקטרישע

לאַמפּן. היינט די סחורות וואָס מען קאָן זיך אָנקוקן דורך די פענצטער ? איך פלעג ליב האָבן צו שטיין און קוקן אין איין פענצטער, וואָס איז געווען אָנגעשטעלט מיט פאַרשידענע מוזיקאַלישע אינסטרומענטן, ווי למשל פידעלען, טרובעס, געדרייטע טרומייטן, אַלערליי פייפלען, צימבלען און אפילו אַ פּויק איז אויך געשטאַנען אין פענצטער.

ווען איך האָב זיך שוין געהאַט גענוג אָנגעקוקט אין דעם מוזיק־פענצטער, פלעג איך גיין ווייטער און זיך אָפּשטעלן ביי אַ קאַנדיטעריי פון אַ טערק, וועלכער איז געשטאַנען אינעווייניק ביי אַ בופעט און פאַרקויפט אַלערליי געבעקס. איך פלעג ליב האָבן צו קוקן אויף די פּיראָזשינעס, וואָס זיינען געלעגן אויסגעלייגט אין פענצטער מיט אַ סדר. אזעלכע שיינע, מיט דריידלעך און צאַצקעס אויסגעמייסטרעוועטע פּיראָזשינעס, אז ס׳איז פשוט געווען אַ מחיה צו קוקן אויף זיי. און קוקן האָט יעדער געקאָנט וויפל זיין האַרץ האָט געגלוסט. זעט איר, קויפן איז שוין געווען ביי איך די ברירה — האָט איר געוואָלט האָט איר געקויפט, האָט איר ניט געוואָלט, האָט איר ניט געקויפט. קיינער האָט איך ניט געקאָנט צווינגען צו קויפן...

עס איז געוואָרן קעלטער, דער רעגן האָט אויפגעהערט און די פרעסט־לעך האָבן זיך געשטעלט. שפּעטער האָבן די שנייען גענומען צודעקן אַלץ און אַלעמען אין ווייסן. דאָס וואסער אונטערן בריק איז פאַרפרוירן געוואָרן און ס׳איז געוואָרן אייז. יונגע סטודענטן און גימנאַזיסטן פלעגן מיט זייערע גליטשערס זיך אראָפּלאָזן אונטערן בריק אויפן טייך זיך גליטשן, דעמאָלט האָב איך געקאָנט אָפּשטיין גאַנצע שעהן און קוקן אויף זיי. איי, ווי איך האָב זיי מקנא געווען. איך פלעג אזוי שטיין און קוקן ביז מיינע פינגער פון די פיס פלעגן אָנהייבן צו שטעכן ווי מיט שפּילקעס, און אויף די שפּיצן פון מיינע אויערן פלעגן שפּילקעס נעמען ארומשפּאַצירן. דעמאָלט פלעג איך זיך לאָזן לויפן אַהיים זיך דערוואַרעמען.

אין שטיבל ביי אונדז איז געווען זייער וואַרעם. אין די אָוונטן פלעגן שטענדיק אראָפּקומען מיין ברודערס חברים — יונגע בחורים, אמאָל אויך מיידלעך. אַלע זייער געלערנטע און געבילדעטע. זיי פלעגן ריידן, דיסקוטירן. אמת, איך האָב גאָר ניט פאַרשטאַנען פון זייערע רייד, אָבער ס׳איז שטענדיק געווען פריילעך און לעבעדיק מיט זיי. אנדערע מאָל פלעגן זיי אויך זינגען. איך האָב זייערע לידער ניט געקענט, ווייל ס׳רוב פלעגן זיי זינגען אויף רוסיש.

שבת פרי, ווען די יידישע קראָמען זיינען געווען פאַרמאַכט און לערנען האָב איך אויך ניט געדאַרפט, פלעג איך גיין אין שול הערן דעם חזן מיטן כאָר. איך האָב זייער ליב געהאַט צו הערן ווי דער כאָר זינגט. די שול איז ניט געווען קיין כאָר־שול, ווו די משוררים פלעגן שטיין ערגעץ אין דער הויך און קיינער פלעגט זיי ניט זען. ס'איז געווען א געוויינלעכע שול, א גרויסע, מיט אַ גרויסער בימה אין דער מיט און דער חזן מיט זיינע משוררים זיינען געשטאַנען אויף דער בימה און מ'האָט זיי געקאָנט זען און קוקן אויף זיי וויפל דאָס האַרץ האָט געגלוסט.

פלעג איך טאַקע ניט פאַרפעלן אַלע שבת גיין הערן דעם חזן מיטן כאָר. שפּעטער־צו האָב איך זיך באַקענט מיט אייניקע משוררים און זיך גע־חברט מיט זיי. איך וואָלט אויך אָנגעקומען זינגען אין כאָר, ווייל זינגען איז ביי מיר שטענדיק געווען דאָס חיות, נאָר מיין שטים האָט זיך גענומען בייטן פון אַ יינגלשער צו אַ מענערישער. אין אזא צייט, ווען ס'בייט זיך אַ שטימע, טאָר מען ניט זינגען — אזוי האָט מיר דערקלערט דער סלוצקער חזן אליין. אָבער איך האָב געהאַט הנאה בלויז פון צוהערן זיך ווי זיי זינגען.

* * *

זייענדיק אין סלוצק האָב איך פון אלץ הנאה געהאַט, און מיר דוכט אז איך בין דעמאָלט געווען דער גליקלעכסטער יינגל אויף דער וועלט. אָבער צו אַלץ קומט א סוף... האָט איר שוין געהערט אז גליק זאָל אָנהאלטן אייביק? האָט זיך געטראָפן א מעשה — און אויס מיטן גליק! געגוי וואָס האָט פּאַ־סירט האָבן מיר זיך דערוווסט פון אַ גאַנץ גרויסן בריוו, וואָס איך האָב אָפּ־גענומען פון לייבע דעם באַלעגאָלע. יעדן מאָנטיק פלעג איך אָפּנעמען פון אים אַ פּעקל מיט ברויט, פּוטער און קעז. אָבער דאָס מאָל האָב איך געקראָגן בלויז אַ בריוו — אָן אַ פּעקל — געשריבן פון אונדזער מאַמען. (מיין מאַמע פלעגט שרייבן בריוו פאַר אַ סך ווייבער). און דאָ גיב איך איבער דעם אינהאַלט פון דעם בריוו:

„פיל פרייד און גרויס גליק זאָל גרייכן צו מיינע ליבע קינדער בערל און מענדעלע. דער טאַטע איז מיט צוויי וואָכן צוריק, שבת פרי, געקומען פון בית־מדרש פול מיט כעס און פאַרדרוס. און דעם כעס האָט ער אויסגע־לאָזט צו מיר. 'דאָס האָסטו זיך איינגעשטעלט, אז מען זאָל דעם תכשיט, מענדעלען, שיקן קיין סלוצק אין דער ישיבה!... איך האָב זיך געבעטן ביי דיר ווי ביי אַ גזלן — איך וויל ניט די קינדער אוועקלאָזן פון אויג. איך וויל

ניט עס זאָל מיט די אַנדערע ייִנגלעך, חלילה, טרעפֿן דאָס זעלבע וואָס ס׳האָט געטראָפֿן מיט בערלען.

„איך האָב דאָך בערלען געשיקט אין אַ ישיבה, אין דער פּינסקער ישי־בה, און געקראָגן אַלע מאָל בריוו פֿונעם ראש־הישיבה, אַז אונדזער זון וואַקסט אַ גדול בדור... געדענקסט ווי איך האָב זיך געצאַצקעט מיט די בריוו? גע־לאָפֿן מיט די בריוו צום רבֿ, זיך גרויסן מיט מײַן זון. און וואָס איז אַרויסגע־קומען? ער האָט פֿאַרלאָזן די ישיבה און אוועק לתרבות רעה. איצט איז ער אַן אַפּיקורס גמור, אַ גלוח מיט אַ קאָקאַרדע אויפֿן היטל, ווי אַ גאַנצער ספּראַווניק!...

„דעריבער האָב איך זיך ניט געוואָלט לאָזן אײַנריידן פֿון ר׳ זוניען איך זאָל שיקן מענדלען אין אַ ישיבה... מײַן האַרץ האָט מיר געזאָגט, אַז אויך ער — זײַענדיק אונטער דער השגחה פֿון בערלען — וועט אַנטלויפֿן פֿון דער ישיבה. און דאָס האַרץ האָט מיך ניט אָפּגענאַרט!.. ניט נאָר איז ער אַנטלאָפֿן פֿון דער ישיבה, זײַן פֿוס האָט אפֿילו ניט אַריבערגעטראָטן די שוועל פֿון דער ישיבה!...

„נו, וואָס זאָגסטו שוין איצט? ס׳איז דײַן שולד! דו ביסט צוגעשטאַ־נען ניט אַנדערש ער זאָל פֿאָרן קיין סלוצק, זײַן מיט בערלען און איך, דער נאַר, האָב זיך געלאָזט איבעררײדן!...״

„אָבער פֿון וואַנען ווייסטו אַז ער איז ניט אין דער ישיבה. ווער האָט עס דיר געזאָגט״, האָב איך אים איבערגעריסן.

„פֿון וואַנען איך ווייס? איך זיץ אַזוי ביים דאַוונען אין בית־מדרש, זע איך אַ פֿרעמדער יונגערמאַן זיצט ניט ווײַט פֿון מיר און דאַוונט מיט גרויס כוונה. בין איך צוגעגאַנגען צו אים ביים לייענען, אָפּגעגעבן אים אַ שלום־עליכם און אים געפֿרעגט פֿון וואַנען ער קומט. פֿון סלוצק, ענטפֿערט ער, פֿון דער ישיבה. ער לערנט שוין דאָרט פֿון כמה יאָרן. מיר איז ליכטיק געוואָרן אין די אויגן. אַזוי גאָר, פֿון סלוצקער ישיבה, זאָג איך. מוזט איר דאָך אַוודאי דאָרט קענען מײַן מענדעלען. מסתמא רופֿט מען אים דאָרט ׳מענדעלע קלעצקער׳. איז וואָס זשע מאַכט ער, און ווי נעמט ער זיך עפּעס צום לער־נען? ווײַל אַ קעפּל האָט ער אַ גאונישע! אַזוי רייד איך צו אים און ער קוקט מיך אָן און פֿאַרשטייט ניט קיין וואָרט וואָס איך רייד״...

„מען רופֿט אים מענדעלע, מענדעלע קלעצקער? מיר האָבן ניט אַזאַ ישיבה־בחור. מאָלט איך, אַז איך קען אַלע סלוצקער ישיבה־בחורים, ווײַל

איך לערן שוין אין דער ישיבה דאָס דריטע יאָר. אזא נאָמען הער איך דאָס ערשטע מאָל"...

„פאַרשטייט זיך, אז איך האָב אים אזוי גיך ניט אָפּגעלאָזן. סטייטש, זאָג איך, איר קענט אים ניט? ווי איז דאָס מעגלעך? גלייך נאָך סוכות האָב איך אים אליין אויסגעפּראַוועט מיט לייבע דעם באַלעגאָלע. מיר שיקן דאָך אים אלע וואָך א פּעקל עסנוואַרג מיט לייבען; און ער גיט אונדז אלע וואָך אָפּ א גרוס, אז ער זעט אים, ער קומט אַלע מאָנטיק אָפּנעמען דאָס פּעקל. טאָ ווי זשע שיקט זיך דאָס, ווי קאָן דאָס זיין אז איר קענט אים ניט?"

„דער בחור קוקט מיך אָן און קוועטשט מיט די פּלייצעס. ר׳ ייד, זאָגט ער, איר גלויבט מיך ניט, קען איך אייך ניט העלפן. איך פאַרזיכער אייך אויף מיינע נאמנות, ווי ס׳איז שבת אויף דער וועלט, אז מיר האָבן ניט אזא ישיבה־בחור מיטן נאָמען ׳מענדעלע קלעצקער׳. און אזוי ריידנדיק האָט ער זיך אומגעדרייט, מיך געלאָזט שטיין און האָט זיך איבערגעזעצט אויף אַן אַנדער אָרט.

„מער ניט שיקן קיין פּעקלעך! איז געווען זיין האַרבער וואָרט. שרייב אים גלייך אָן אַ בריוו און מאַרגן, מירצעשעם, שיק עס אָפּ מיט לייבען, ער זאָל גלייך קומען אַהיים! איך האָב שוין איין זון אַן אפיקורס, גענוג פאַר מיר! דו פאַרשטייסט וואָס בערל האָט דאָ אָפּגעטאָן? אָנשטאָט צו שיקן אים אין דער ישיבה, האָט ער אים אליין מסתמא גענומען לערנען זיינע טריפהנע קענטעענישן און מענדלס פוס איז גאָר די ישיבה ניט איבערגעטראָטן. אַ שיי־נער תכלית, האַ? נחת פון קינדער!"

„איך בעט דיך, מענדעלע מיין קינד, ווי דו ווערסט דערהאַלטן דעם בריוו פּאַק זיך איין און קום גלייך צופאָרן מיט ר׳ לייבען אַהיים. ווייל טאָמער קומסטו ניט וועט עס דער טאַטע ניט איבערטראָגן. ער האָט שוין דעם שבת ניט געגעסן, ניט געשלאָפן און דעם גאַנצן טאָג איז ער געווען אין שטיבל. מסתמא געזאָגט דאָרט תהילים און געבעטן גאָט זאָל אים ניט שטראָפן פאַר אייערע זינד. וואָס קאָן איך טאָן? איך בין דאָך ניט מער ווי אַ שוואַכע יידענע. בערעלע, פאָלג מיך, שיק אָפּ דעם יינגל גלייך אהיים!...

פון מיר אייער מאַמע וואָס ווינטשט אייך זען געזונטערהייט".

# צוריק אַהיים

נאָכן איבערלייענען דעם בריוו פון דער מאַמען זיינען מיר ביידע — איך און מיין ברודער — געבליבן ווי פאַרשטיינערט. איך האָב געפילט ווי איך וואָלט מיט אַמאָל אַראָפּגעפאַלן פון הימל אויף דער ערד.

נאָך אזוי פיל גליקלעכע טעג אין סלוצק, און זיך לערנענדיק מיט אזוי פיל חשק און ליבשאַפט ביים לערער סאַמסאָן, מוז איך עס אלץ איבערלאָזן אין מיטן און פאָרן צוריק אהיים קיין קלעצק, צום שטרענגן פרומען טאַטן, מיטן אויסזיכט צו ווערן א באלמעלאָכע. איך האָב אזוי שטאַרק געוואָלט זיך לערנען, אָבער ס׳האָט ניט געהאָלפן. מיט אַ צעבראָכן געמיט און מיט טרערן אין די אויגן האָב איך זיך געזעגנט מיט מיין ליבן און קלוגן ברודער, גע־נומען מיין קלומיקל אויף דער פלייצע און געקומען צו לייבע דעם באַלעגאָ־לע אין קרעטשמע.

מיט וויפל פרייד און האָפענונגען בין איך צום ערשטן מאָל געפאָרן

מיט לייבע דעם באַלעגאַלע קיין סלוצק! קיין גליקלעכער פאר מיר, בין איך זיכער, איז דעמאָלט אויף דער גאַנצער וועלט ניט געווען. אלץ וואָס ר׳ לייב האָט געטאָן איז געווען פאר מיר אזוי אָנגענעם. פון זיין וויץ און גלייכ־ווערטל האָב איך געלאַכט מיט אזוי פיל הארציקייט. עס האָט מיך ניט גע־אַרט דאָס זיין וואַך אַ גאַנצע נאַכט צוזאַמען מיט ר׳ לייבען אויף דער קעלניע. איך האָב גאָר קיין מידקייט ניט געפילט. דער גאַנצער וועג איז געווען אָנגעלאָדן מיט א פריידיקער דערוואַרטונג. אזוי ווי אַ פויגל וואָס האָט זיך ארויסגעריסן פון שטייג אין וועלכער ער איז געווען יאָרן לאַנג פארשפאַרט. איך האָב געקוקט מיט אָפענע אויגן, פול מיט דערוואַרטונג אין דער צו־קונפט אריין. איך האָב געוועבט זיסע חלומות און מיין פאַנטאַזיע האָט גע־מאָלן העלע, ליכטיקע פאַרבן.

איצט זיץ איך אין דער זעלבער בויד ביי לייבע דעם באַלעגאַלע, פאַר־שטעקט אין אַ ווינקל. איך וויל קיינעם ניט זען, מיט קיינעם קיין וואָרט ניט אויסריידן. עס נעמען מיך ניט ר׳ לייבס חכמות, זיינע וויצן און גלייכ־ווערטלעך. עס רירן מיר ניט אפילו זיינע לידלעך, וואָס ער זינגט פון צייט־צו־צייט. איך ליג צוזאַמענגעדרייט ווי אַ געבונדן קעלבל וואָס מ׳פירט צו דער שחיטה. איך פיל אז מיין לעבן, מיין פרייהייט איז געקומען צו אַ סוף. אויסגערונען זיינען פאַר מיר מיינע חלומות און האָפענונגען, וואָס איך האָב געשפונען אין סלוצק, זייענדיק מיט מיין ברודער בערלען צוזאַמען, זיך צו־הערנדיק און זיך אָנזעטנדיק מיט די קלוגע און טיפזיניקע שמועסן פון זיינע חברים, וואָס איך האָב, דעם אמת זאָגנדיק, ניט אַלץ פאַרשטאַנען — אָבער דאָך אזוי פיל געלערנט פון זיי...

און מיין לערער סאַמסאָן דער סטודענט? וויפל פריידיקע שעהן האָב איך מיט אים פאַרבראַכט און וויפל קענטעניש האָב איך געלערנט פון אים! ער האָט מיט זיינע לעקציעס אויפגעפּראַלט פאַר מיר אַ טירל צו דער דרויסנ־דיקער וועלט. ער האָט מיט מיר געלערנט מאַטעמאַטיק, געאָגראַפיע, געשיכ־טע, וואָס זיינען מיר געווען ליב און אינטערעסאַנט. ער האָט מיר געלערנט די רוסישע שפּראַך, לייענען און שרייבן, און בכלל די זייער אינטערעסאַנ־טע וועלטלעכע שמועסן מיט אים, וואָס ברענגען נוצן אַ מענטשן אין לעבן; שמועסן וועגן מענטשן, וועגן באַציאונגען פון מענטש צו מענטש.

ער האָט גענומען איינפלאַנצן אין מיר סאָציאַלע און גערעכטיקע שטרע־מונגען, וואָס ביים רבין ר׳ זוניע און אין דער ישיבה וואָלט איך קיינמאָל

ניט געהערט דערפון. אין מיין מוח האָבן זיך געפּלאָנטערט געדאַנקען: וואָס ווייטער? זאָל איך עס לאָזן אַלץ גיין לאיבוד און פאַרנעמען זיך צוריק אויפן וועג פון תורה, אויף דאָס ניי אין אַ ישיבה? איך דערמאָן זיך מיין ברודערס ווערטער און באַשליס ביי זיך: ניין! אפשר איז דער טאַטע גאָר גערעכט — ווערן גאָר אַן אַרבעטער... זייענדיק אַן ארבעטער קאָן מען אויך געפינען צייט פאַרצוזעצן דאָס לערנען וועלטלעכע לימודים און וויסנשאַפט. און דאָ איז מיר ווידער געקומען אויפן געדאַנק מיין ברודער בערלס לעצטע ווערטער, ביים געזעגענען זיך מיט מיר:

„זאָרג ניט, מענדעלע! דער טאַטע וועט זיין איינגעעקשנט און וועט באַשטיין אז דו זאָלסט ווערן אַ באַלמעלאָכע — טאָ שרעק זיך ניט דערפאַר. אָבער אזעלכע פאַכן ווי אַ שניידער, אַ שוסטער, אַ סטאָליער — וואָס דער טאַטע וועט דיר וועלן לערנען — געפעלן מיר ניט. אין סלוצק האָב איך אַ חבר, אַ חודאָזשניק (אַ מאָלער־קינסטלער). איך האָב מיט אים גערעדט און ער איז איינשטימיק דיך צו לערנען דעם פאַך. אָבער אידער דו וועסט אָנקומען צו אים, זאָגט ער, דאַרפסטו זיך פריער באַקענען מיט פאַרבן־צוזאַמענשטעל. זיין עצה איז, דו זאָלסט אויף אַ קורצער צייט זיך לערנען איינפאַכע מאָלעריי ביי אַ קלעצקער מאָלער. אויב דו ווילסט וועל איך שרייבן א בריוו צו הירשל־בערל קראַניטשעס ברידער, די לערערס, זיי זאָלן ריידן מיט אים ער זאָל דיר נעמען אלס אַ לערן־יינגל. אָפּזייענדיק מיט אים אַ געוויסע צייט וועסטו קענען קומען צוריק קיין סלוצק צו מיין חבר דעם חודאָזשניק און דאָן, בין איך זיכער, אז דו וועסט קענען אליין זיך אויסהאַלטן...

„און מיין ניט אז אלע ארבעטער זיינען אומוויסנד. איך קאָן דיר אָנ־ווייזן אַ גאַנצע ריי ארבעטער, וועלכע זיינען זייער אינטעליגענט, באַוווסט־זיניק און קומען אריין אין דער געזעלשאַפט פון אינטעליגענטן. נעם אלסביישפּיל אונדזער קוזין לייזער פיינשטיין — אַ שניידער — איז ער דער גרינדער פון דער ביבליאָטעק אין לעכעוויטש, און ביי יעדן אינטעליגענט איז אַ כבוד, ווען ער חברט זיך מיט אים. זיין ברודער שאַכנע — אַ סטאָליער — איז דער אָנפירער, דער רעזשיסאָר פון דראַמאַטישן ליבהאָבער־קרייז אין לעכעוויטש.

„איך וועל אויך שרייבן אַ בריוו צו מיין גוטער פריינדין, דוניע קוליעש, די ציין־דאָקטערשע, זי זאָל מיט דיר פאַרזעצן דאָס לערנען, אויב נאָר מעג־לעך, ווו דו האָסט איבערגעריסן מיט דיין לערער סאמסאָן. איך בין זיכער,

אַז זי וועט מיך ניט אָפּזאָגן. דאגה ניט, דו מיט דיינע פעאיקייטן וועסט זיך דורכשלאָגן אַ וועג אין לעבן. אין דעם בין איך זיכער!״

די געדאַנקען האָבן מיך אַ ביסל באַרואיקט און איך בין פאַרזונקען גע־וואָרן אין אַ טיפן שלאָף...

# איך ווער אַ לערן־יינגל

מיין באַגעגעניש מיטן טאַטן, אריינקומענדיק אין שטוב, איז געווען אַ שווייגנדיקע. איך בין אריינגעקומען ווי אַ פאַרמשפּטער, דערוואַרטנדיק מיין שטראָף. מיין טאַטע האָט אין יענעם מאָמענט ניט געפונען פאַר נייטיק אריינצולאָזן זיך מיט מיר אין אַ שמועס. ער האָט זיך געפילט באַליידיקט און אָפּגענאַרט. אפנים, ער האָט זיך געשראָקן אָנצוהייבן אַן ארגומענט מיט מיר, ער זאָל ניט ארויס פון די כלים און זיך וואַרפן אויף מיר שלאָגן.

די אַטמאָספער איז געווען אַן אָנגעצויגענע. איך בין מערסטנטייל גע־זעסן אין אַ ווינקל ווי אַ פאַרמשפּטער און פון צייט־צו־צייט ארויסגעלאָזט אַ טרער. ביסלעכווייז איז דער טאַטע געקומען צו זיך און אָונט־צייט ביים עסן, האָט ער דורך זיינע געדיכטע־פאַרוואַקסענע ברעמען אויפגעהויבן די אויגן אויף מיר, און האָט שטיל צו מיר געזאָגט:

„ווען דו ביסט געבליבן אין ישיבה האָסטו שוין געזאָלט ברענגען מיט זיך ׳סמיכה אויף רבנות׳. שיין זיך אויסגעפּיינט, האַ?״

„וואָס איז ער שולדיק?״ מישט זי אריין די מאַמע. „ער איז דאָך נאָך אַ קינד. און אליין אין דער פרעמד מיט אַן עלטערן, געבילדעטן ברודער — האָט ער דען געקאָנט האָבן אַ דעה?״

„מילא״, זאָגט דער טאַטע רעזיגנירט. „וואָס געווען איז געווען. איצט דאַרף מען קיין צייט ניט פאַרלירן. קיין רב אָדער, ווי ר׳ זוניע האָט פאָרויס־געזאָגט, קיין גאון בישראל וועט שוין פון אים ניט ארויסקומען. מען דאַרף אים גלייך אָפּגעבן פאַר אַ באַלמעלאָכע. די פראַגע איז נאָר צו וואָסער מלאכה זאָל מען אים אוועקגעבן — אַ שוסטער, אַ שניידער צי אַ סטאָליער? וואָס וואָלסטו געוואָלט זיין?״ האָט דער טאַטע מיך אַ פרעג געטאָן.

„איך וויל זיך לערנען פאַר אַ מאָלער ביי הירשל־בערל קראָניטש. ער פאַרדינט זייער גוט. ער מאָלט אַלע טאַבליצעס (שילדן) אין שטעטל און פאַר די פריצים מאָלט ער די גלאַנציקע בריטשקעס און פאַיעטאָנען״.

„אזא יאָר אויף מיר ווי ער איז גערעכט!״ שטימט איין מיט מיר די

מאַמע. „ביי הירשל־בערלען וועט פון אים ווערן אַ לייט. דאָס איז אַ שיינע און מענטשישע מלאכה".

„איך האָב מורא, אז הירשל־בערל קראַניטש וועט זיך הייסן באַצאָלן לערן־געלט", רופט זיך אָפּ דער טאַטע, „און דאָס פאַרמאָג איך ניט!"

„לאָז דאָס איבער צו מיר, איך וועל שוין אויסגעפינען", האָט די מאַמע מיט זיכערקייט געזאָגט. „איך קאָן זייער גוט זיין כלה, נעשע כאַשע־איטעס און איך וועל זיך שוין מיט איר דורכשמועסן".

דער טאַטע האָט אפּנים זיך שטאַרק מייאש געווען אין מיר, האָט ער מאַך געטאָן מיט דער האַנט, ווי איינער זאָגט: טוט מיט אים וואָס איר ווילט. איך וואַש אָפּ מיינע הענט פון אים!...

* * *

דאָס גליק האָט מיך דאָס מאָל צוגעשפּילט. גראָדע האָט הירשל־בערל קראַניטש זיך געגויטיקט אין אַ לערן־יינגל. אגב, האָט מיך קראַניטש זייער גוט געקענט נאָך פון דעם ספּעקטאַקל „שולמית", וואָס שלמה דער מלאך האָט אַמאָל געשטעלט אין קלעצק. הירשל־בערל קראַניטש האָט דאַן גע־שפּילט די ראָל פון „צינגענטאַנג" און איך בין געווען אַ זינגער אין כאָר. חוץ דעם האָב איך געקאָנט אויסנווייניק אַלע געזאַנגען, ווי אויך די גאַנצע פּראָזע. מען קאָן זאָגן, אז איך האָב די גאַנצע פּיעסע געקאָנט אויסנווייניק. דערפאַר האָט מיר שלמה דער מלאך געגעבן דעם כבוד צו זיין דער „סצע־נאַריוס" — דאָס הייסט, יעדן איינעם ארויפשיקן אויף דער בינע אין צייט, ווי אויך געבן אַ צייכן ווען די קלעזמער זאָלן אָנהויבן שפּילן דעם אריינפיר פאַר די זינגער.

הכלל, ווען איך בין געקומען מיט דער מאַמען צו הירשל־בערלען אין זיין מאַליאַרנע, האָט ער געמאָלן אויף גרויסע בלעכן־שילדן פאַרשיידענע בוכשטאַבן. עס זיינען דאָרט אויך געשטאַנען פריצישע פּאַיעטאַנען, האַלב־געמאָלענע. ער האָט זיך מיט מיר באמת דערפרייט: „איך דאַרף טאַקע האָבן אַ לערן־יינגל", האָט ער געזאָגט, „און איך גלויב אז מענדעלע איז דאָס פּאַסי־קע יינגל פאַר מיין ארבעט. איר דאַרפט וויסן", האָט ער געזאָגט, „אז איך בין ניט קיין פשוטער פאַרבער, ווי מאָטל דער פאַרבער, וואָס גייט ארום פאַר־שמירט מיט פאַרב אויף די הויזן, אויף זיין רעקל און זיינע הענט. ער איז אַ קאַלכער און קיין רעכטע שטיקל ארבעט וועט אים קיינער ניט אָנטרויען. ער וועט גאָר אליין ניט האָבן די העזה עס אָנצונעמען. קאָן ער דען מאַכן

אַ טאַבליצע, אַ שילד? קאָן ער מאַכן פאַר אַ פּריץ אַ פּאיעטאָן אָדער אַ בריטשקע? וועט אים אַ פּריץ וועלן אַריינלאָזן אין זיינע פּאַקויעס מיט זיין פאַרשמוציקטן אויסזען?" מיט איין וואָרט, הירשל־בערל קראַניטש האָט מיין מאַמען צוגעזאָגט, אַז ביי אים וועל איך ווערן אַ מענטש און טאַקע אַ גוטער „מייסטער", ווי ער האָט זיך אויסגעדריקט. אָבער אין באַדינג האָט ער געשטעלט — ער נעמט מיך ניט ווייניקער ווי אויף גאַנצע דריי יאָר — אַנדערש לוינט אים ניט!...

מיין מאַמע איז מסכים געווען. איך בין אָבער ניט געווען צופרידן צו פאַרקויפן זיך אויף גאַנצע דריי יאָר. אָבער וואָס האָב איך געקאָנט טאָן? אין געדאַנק האָב איך געטראַכט אַנדערש: כ'וועל זען, האָב איך ביי זיך אָפּגעמאַכט, וועט מיר לוינען וועל איך אויסזיין די דריי יאָר, אויב אָבער איך וועל קריגן אַ ידיעה פון סלוצקער חודאָזשניק אַז ער דאַרף מיך, וועל איך אַנטלויפן אין מיטן טערמין. וועגן דעם אָבער האָב איך מיין מאַמען ניט געזאָגט. איך בין געווען צופרידן וואָס אַלץ האָט זיך פאַרענדיקט צום גוטן. דער טאַטע האָט מיך ניט געשלאָגן. פאַרקערט, זינט איך בין צוריקגעקומען האָט ער מיך אין גאַנצן צורו געלאָזט.

ער האָט נאָר אכטונג געגעבן איך זאָל אָפּהיטן דאָס דאַוונען, פּרייטיק צו נאַכט זאָל איך מאַכן קידוש און דאָס גלייכן. דעם קומענדיקן פּסח איז פאָרגעקומען צווישן מיר מיט מיין טאַטן אַ שטיקל מחלוקת: ער האָט פאַר־אָרדנט, אַז די פיר קשיות זאָל פרעגן מיין ייִנגערער ברודער שאַכנע און איך זאָל זאָגן די הגדה, כאָטש די ערשטע האַלבע ביז דער וועטשערע — אויף אויסנווייניק. איך אָבער האָב שוין גאַנצע שטיקער פון דער הגדה פאַרגעסן. ער האָט ווידער געשריען, מיך געזידלט, געמאַכט מיר מיט דער בלאָטע צו־גלייך, אָבער ניט געשלאָגן. דער ערשטער סדר איז שוין געווען אַ פאַר־שטערטער. צום צווייטן סדר בין איך אוועק צו מיין פעטער יעקב, זיין צו־זאַמען מיט מיין שוועסטער־קינד בערל.

* * *

פון מיין אַרבעט ביי הירשל־בערל קראַניטש בין איך געווען צופרידן מיין באַלעבאָס אָבער איז מיט מיר נאָך מער צופרידן געווען. האָט ער מיר איין מאָל באַוויזן ווי מען טוט אַן אַרבעט, האָב איך דאָס אַריינגענומען אין קאָפּ און געמאַכט. פאַרקערט, איך פלעג דעם „גאָספּאָדין" קראַניטש ניט לאָזן צו רו און תמיד פרעגן: ווי מאַכט מען בלויע פאַרבן, גרינע פאַרבן, און

איך פלעג זיך שטענדיק צוקוקן ווי ער מישט עס אויף א גרויסן שטיין און רייבט עס מיט אַן אַנדער שטיין דער פאַרב זאָל אַרויסקומען זייער דין. און ווען ער פלעגט זיך נעמען צו אַ שילד אָדער, ווי מען פלעגט עס רופן, אַ טאַבליצע און אויסצייכענען די בוכשטאַבן, פלעג איך ביי אים זיך אמאָל איינבעטן ער זאָל מיר לאָזן אויספילן די אָנגעצייכנטע סקעלעטן מיט פאַרב.

„פאַני קראַניטש, לאָזט מיר פּרובירן אָט די טאַבליצע אויספילן מיט פאַרב!" קראַניטש האָט איינמאָל אַ קוק געטאָן אויף מיר און געזאָגט: „גוט. אָבער אייל זיך ניט און מאַך עס גוט. מאַך מיר ניט קאַליע די טאַבליצע". עס האָט גענומען צייט. און ווען איך האָב דאָס געמאַכט ווי עס באדארף צו זיין האָבן מיר בײדע, איך און „פאַני" קראַניטש, אָנגעקוואָלן פון שמחה.

ווי קומט דאָס וואָס אַלע באַלמעלאָכעס האָט מען גערופן לויט זייערע פאַכן, ווי למשל שמערל דער שניידער, יעקב דער סטאָליער, משהקע דער שוסטער, נאָר הירשל־בערלען האָט מען גערופן לויט זיין פאַמיליע־נאָמען: הירשל־בערל קראַניטש. דאָס איז געווען דערפאַר, וואָס הירשל־בערל איז ניט געווען קיין געבוירענער פון קלעצק. זייער משפחה — אַ מאַמע מיט דריי זין — זיינען געווען אריינגעפאָרענע. צוויי ברידער זיינען געווען לע־רערס און ער, הירשל־בערל, האָט בעסער געוואָלט זיין אַ מאָלער־קינסט־לער, ווי ער האָט זיך אליין אָנגערופן. דאָס שטעטל האָט לכתחילה טאַקע ניט געוווסט ווי מען זאָל אים, הירשל־בערלען, רופן. פאַרבער איז געווען צו פּראָסט פאַר אים. מען קאָן דאָך אים ניט צוגלייכן צו מאָטל דעם פאַרבער, וואָס גייט ארום א גאַנצע וואָך איבערן שטעטל א פארשמוציקטער, פארשיי־דענע פאַרבן אויף זיינע בגדים און אפילו אויף זיינע הענט. הירשל־בערל פלעגט אַרויסגיין אין גאַס ריין, ציכטיק ווי אַ פּריץ. דערצו איז ער נאָך גע־ווען זייער אַ שיינער. רופן אים הירשל־בערל דער חודאָזשניק האָט מען אים אויך ניט געקענט, ווייל קיין בילדער־מאָלערייען האָט ער ניט געמאָלן. האָט שטעטל געפּסקנט אים רופן ביי זיין נאָמען און פאמיליע, פונקט אזוי ווי זיינע ברידער די לערערס, כאָטש ער איז געווען אַן ארבעטער.

נאָכדעם ווי איך האָב זיך באַקאַנט א ביסל מער מיטן פאַרבן־צוזאַמענ־שטעל, איז מיר איינמאָל איינגעפאַלן מאַכן א סורפּריז אין אונדזער הויז. איך האָב זיך נאָכגעפרעגט ביי ה' קראַניטש ווי אזוי מען וואָלט געקאָנט אויס־מאָלן די הילצערנע פאָדלאָגע ביי אונדז אין שטוב. מיין באַלעבאָס איז גע־ווען צופרידן מיר צו ווייזן פון אָנהייב ביזן סוף. ער האָט מיר נאָך צוגעזאָגט,

אז ווען איך וועל פאַרבן די פּאָדלאָגע ביי אונדז וועט ער אליין קומען אַכטונג געבן, זען ווי איך מאַך עס און מיר העלפן, כדי די פּאָדלאָגע אונדזערע זאָל ארויסקומען פונקט ווי ער מאַכט עס ביי די פּריצים. איך האָב זיך מיט פלייס אריינגעוואָרפן אין דער אַרבעט. יעדן טאָג נאָך דער אַרבעט פלעג איך זיך נעמען צו אונדזער פּאָדלאָגע. ה׳ קראַניטש האָט געהאַלטן וואָרט און איז אייניקע מאָל געקומען מיר העלפן און זען ווי איך טו עס.

ווען איך האָב די פּאָדלאָגע פאַרענדיקט, האָט מען עפּעס שענערס ניט געדאַרפט זען. אַלע שכנים זיינען געקומען אָנקוקן און זען דעם ווונדער וואָס איך האָב באַוויזן. מיין מאַמע איז געווען די גליקלעכסטע אין דער וועלט. מיין טאַטע האָט מיך אפילו באַוויליקט מיט אַ שמייכל.

# איך הייב שוין אָן פאַרדינען

ווי איר קוקט מיך איצט אָן בין איך שוין, קיין עין־הרע, אַ „היפּשער יאָט״. מיינע דריי יאָר ביי הירשל־בערל קראַניטש האָט זיך נאָך ניט געענ־דיקט. אָבער עס האָט מיך שטאַרק געצויגן צוריק קיין סלוצק, צו דעם חו־דאָזשניק.

האָט זיך אָבער אויף מיין שלים־מזל, און אפשר גאָר אויף מיין מזל, דאָס גאַנצע רעדל אַ דריי געטאָן. דער חודאָזשניק, צו וועמען עס האָט מיך געצויגן, האָט געהאַט אַ געליבטע. האָט זי זיך מיישב געווען און איז בחיפּזון אוועקגעפאָרן קיין אמעריקע. איר געליבטער האָט ניט פיל געטראַכט און איז איר נאָכגעפאָרן. אזוי אז ס'איז געוואָרן אויס חודאָזשניק און אויס פאָרן קיין סלוצק. האָב איך זיך דערווייל געמוזט פאַרהאַלטן אין קלעצק און פאַר־בלייבן ביי קראַניטשן, וועלכער איז, אגב, געווען פון מיר זייער צופרידן און מיר גענומען צאָלן אַ וואָכנטלעכן געהאַלט, כאָטש לויט אונדזער אָפּמאַך האָט ער מיר די ערשטע דריי יאָר ניט געדאַרפט צאָלן. ער האָט געמערקט

אַז איך קרים זיך און בין ניט צופרידן מיט דער אַרבעט וואָס איך טו. קיין געצאָלט קריג איך אויך ניט. האָט ער פאַרשטאַנען אַז אין שיינעם פרי־מאָרגן קאָן איך זיך אויפהייבן און — „והילד איננו!"

אַז איך האָב פאַרזוכט דעם טעם פון מיין ערשטן, אַליין פאַרדינטן רובל אין קעשענע, וואָס איך האָב גלייך געבראַכט מיין טאַטן, בין איך געוואָרן ביי זיך זיכערער אין מעמד: אויס יינגל! שוין געפּאַקט און געמאָזלט און דערצו נאָך פּטור געוואָרן פון מיין טאַטנס קלעפּ און פון זיין שטרענגער השגחה. איך האָב גענומען אַראָפּגנבענען אַ דאַוונען, אַפילו צום שבתדיקן דאַוונען האָב איך שוין אויך גענומען אויסשטרעקן מיין גנבישע האַנט. און ווען מיין טאַטע פלעגט מיך אַ פרעג טאָן: „ווו האָסטו געדאַוונט?" פלעג איך שוין האָבן אַ צוגעטראַכטן ענטפער: אַמאָל אין דעם שניידערשן שולכל, אַמאָל אין דער קאַלטער שול. איין שבת האָט מיין טאַטע מיך צוגעשטעלט אַ „פּאַסטקע":

„ווו האָסטו היינט געדאַוונט?" טוט ער מיר איין שבת אַ פרעג.

„אין דער גרויסער שול". איז געווען מיין ענטפער.

„אין דער גרויסער שול? ווער האָט געדאַוונט פאַרן עמוד?"

דאָ בין איך צעטומלט געוואָרן, ווייל איך האָב ניט געוווּסט ווער עס האָט געדאַוונט ביים עמוד. מיין טאַטע אָבער האָט יאָ געוווּסט, ווייל ער האָט אויסגעפונען און האָט צוגעגרייט פאַר מיר די־אָ „פּאַסטקע".

פון יענעם שבת האָט ער זיך שוין אין מיר אויך מייאש געווען. „קיין לייט וועט שוין פון אים ניט אַרויסקומען", האָט ער אָפּגעפּסקנט פאַר דער מאַ־מען און ער האָט אין גאַנצן אָפּגעלאָזט די לייצעס פון מיר.

איך בין געוואָרן כמעט פריי פון מיין טאַטנס רעליגיעזן יאָך. דאָ האָבן זיך שוין אָנגעהייבן די פּאַרטייען: ציוניסטן, בונדיסטן, פּועלי־ציון און טעריטאָריאַליסטן. יעדן שבת פרי, ווען מען האָט געדאַוונט, האָב איך זיך פאַרנומען מיט דיסקוסיעס. איבערהויפּט פלעג איך אָפּאָנירן די ציוניסטן, מחמת איך האָב זיך אָנגעהערט פון מיין שוועסטער עטל ווי זי פלעגט אַרגו־מענטירן מיט די ציוניסטן, האָב איך אויך באַנוצט די זעלבע אַרגומענטן. איין שבת איז גראָדע מיין טאַטע געגאַנגען פרי פון דאַוונען. איך בין גע־שטאַנען אין מיטן אַ דיסקוסיע מיט עטלעכע יינגלעך־ציוניסטן. איך האָב זיך געקאָכט, געמאַכט מיט די הענט, זשעסטיקולירט און כ׳האָב זיי צוגע־שפּאַרט צום וואַנט מיט דער פראַגע: „וואָס וועט איר טאָן מיט די אַראַבער?"

מיין טאַטן זיינען גריילעך געפעלן געוואָרן מיינע אַרגומענטן. ער האָט געשמייכלט. קומענדיק אַהיים האָט ער געמוזט מודה זיין פאַר דער מאַמען, אַז ער האָט מיך געהערט דיסקוטירן און אַז איך ווייס גריילעך וואָס איך רייד. דאָס איז געווען דאָס ערשטע מאָל אין זיין לעבן, וואָס ער האָט געהאַט פאַר מיר אַ גוט וואָרט. מיר האָט עס צוגעגעבן מוט און איך פלעג אַלע שבת פרי אַפּזוכן דיסקוסאַנטן און זיי צושפּאַרן צום וואַנט מיט דער „אַראַבער פראַגע".

# איך ווער אַ טעאַטער־מענטש

ביי אונדז אין שטעטל איז געוואָרן לעבעדיק און פריילעך, איבערהויפּט צווישן אונדז יוגנטלעכע. וואָס איז די שימחה? ס'איז אָנגעקומען אַן אמתע טרופּע יידישע אַקטיאָרן און זיי גרייטן זיך צו שפּילן יידיש טעאַטער. היינט ווער איז נאָך אַזאַ גרויסער מחותן צום יידישן טעאַטער, ווי איך? בשעת מ'האָט מיט איניקע יאָר צוריק געשפּילט ביי אונדז „שולמית", בין איך דאָך דעמאָלט געווען כמעט דער גאַנצער „כל־ולך". איך בין געווען דאַן איינער פון די גלאַוונע כאָריסטן, אפילו געזונגען סאָלאָס. איך האָב געקאָנט אַלע גע־זאַנגען מיט דער פּראָזע אויסנווייניק, און דערצו נאָך געווען דער „סצע־נאַריוס" אויך.

אָבער בעת די טרופּע האָט געשפּילט איז געווען עפּעס אַנדערש: מען האָט געדאַרפט קויפן אַ בילעט כדי אריינצוקומען צו אַ פאָרשטעלונג. איך האָב זיך ווי עס איז אַן עצה געגעבן. דעם גאַנצן פאַרנאַכט פון דער פּרעמיע־רע האָט איך געטשאַטעוועט און געמאַכט פּלענער, ווי אַזוי זיך אריינצוקריגן אויפן גאַלעריי אָן אַ בילעט. עס האָט לאַנג ניט גענומען — איך בין שוין אויף דער גאַליאָרקע און איך ליג שוין פאַרשטעקט אונטער אַ באַנק. ווען די פאַרשטעלונג האָט זיך אָנגעהויבן בין איך שוין געשטאַנען גלייך מיט אַלעמען אויף אַ באַנק און דאָס ערשטע מאָל אין מיין לעבן געזען יידיש טעאַטער. און וווּנדער איבער ווונדער: —

יידן אין קאַפּאָטעס מיט אמתע בערד און לאַנגע באַמבלדיקע פּיאות, אָנגעטאָן אין ווייסע זאָקן מיט ווייכע שיכלעך אויף די פיס, האַלטן זיך פאַר די הענט, טאַנצן און זינגען באַגלייט פון די קלאַנגען פון אונדזערע קלעזמער אַלטער און אָשר. איך בין פאַרכאַפּט געוואָרן פון התפעלות. אַזוי שטיי־ענדיק אויף דער גאַליאָרקע האָבן זיך מיינע פיס גענומען הייבן צום טאַנצן

און איך האָב אָנגעהייבן זינגען גלייך מיט זיי דאָרטן, מיט די אַקטיאָרן אויף דער בינע. פאַרשטייט זיך, אז מען האָט מיך גלייך שטיל געמאַכט. אָבער דער איינדרוק וואָס ס׳האָבן אויף מיר דאַן געמאַכט די אמתע חסידימלעך און זייערע ווייבער מיט פאַרוקן אויף די קעפּ, ארומגעבונדן מיט קאָפּ־טיכלעך און מיט ברייטע, לאַנגע קליידער אזוי ווי רעטאָנדעס — דאָס איז דאַן פאַר מיר געווען אין לשער!

איך האָב פון התפעלות אַ גאַנצע נאַכט ניט געקאָנט שלאָפן און באַ־שלאָסן: איך מוז זיך באַקענען מיט אָט די חסידים און מיט זייערע „ווײ־בער״. אפשר וועלן זיי מיך אויך אויסנוצן אויף דער בינע, ווייל איך האָב געפילט, אז דאָ ביי די אַקטיאָרן וועל איך זיך גוט אריינפּאַסן. איך האָב געפילט, אז פאַר דער דאָזיקער מלאכה בין איך ווי צוגעגייט, צוגעפּרעסט און צוגעשטריגעוועט. ביי מיר איז געבוירן געוואָרן אַ פּלאַן: איך וועל אריבערגיין צו אָשר דעם קלעזמער — ער קען דאָך מיר נאָך פון „שולמית״ — און איך וועל אים בעטן ער זאָל איבעררײדן מיט דעם אָנפירער פון די אַקטיאָרן ער זאָל מיך פאַרהערן און זען, צי איך קאָן אים מיט עפּעס נוצן ברענגען. קיין געלט דערפאַר וויל איך ניט. מיין באַלוינונג וועט זיין, אז איך וועל קאָנען בייזיין אויף אַלע פאַרשטעלונגען בחינם, אָן געלט.

און כך הווא! זיי דאַרפן טאַקע הינטערן בינע יונגעלייט. זיי רופן עס סטאַטיסטן. און ווער עס קאָן נאָך זינגען אוודאי און אוודאי! הכלל, ווער איז שוין איצט צו מיר גלייך? איך בין שוין כמעט די רעכטע האַנט ביי דער טרופּע, און איבערהויפּט ביי דעם אָנפירער — זיי רופן אים רעזשיסאָר — ביי דעם ה׳ סאָלאָמאָן ברין, אַ גאַנץ געלערנטער און איידעלער יונגערמאַן, ניט קיין הויכער, אָבער אַ ברייט־פּלייציקער מיט גראָבע, דיקע פּענסנע, וואָס איז אים אראָפּגעהאָנגען אויף אַ קייטעלע. ער לערנט דאָס אַלע איבע־ריקע אַקטיאָרן ווי אזוי זיי זאָלן ריידן און לאַכן, ווי זיי זאָלן זיין אין כעס, ווי זיי זאָלן גיין און שטיין. מיט איין וואָרט — ער איז דער גאַנצער באַלע־באָס. ביי אים בין איך דאָס טאַקע געוואָרן אַ גאַנצער „יאַ טיבע דאַם״. איך העלף אים מיט אַלץ. ער שיקט מיך אַרום ברענגען פאַרשיידענע זאַכן, וואָס ער האָט נייטיק פאַרן טעאַטער און איך דערליידיק אַלץ אויפן בעסטן אופן.

* * *

די אַקטיאָרן זיינען געווען פריילעכע, יונגע יאַטן און מיידלעך, ניט די זעלבע וואָס מ׳זעט זיי אויף דער בינע. דאָרט פאַרשטעלן זיי זיך פאַר

אַלטע יידן מיט בערד, פּיאות און די יונגע מיידלעך ווערן אַלטע ווייבער מיט שייטלען אויף זייערע קעפּ — גאָרניט צו דערקענען. חוץ דעם קענען זיי אַלע זינגען און עס איז אַ חיות צו זיין אין זייער קאָמפּאַניע. האָט זיך גראָדע געמאַכט, אַז זייער „אונטערזאָגער", מען רופט אים „סופליאָר", איז קראַנק געוואָרן און ס'איז ניט געווען ווער עס זאָל זיי אונטערזאָגן ביים שפּילן, בין איך דאַן פאַר זיי ווי אַראָפּגעפאַלן פון הימל, אַ „מלאך הגואל". מען האָט מיך אַראָפּגעלאָזן אין ביידל אונטן, מען זאָל מיך ניט זען און איך האָב פאַר זיי סופלירט אַז ס'איז געגאַנגען אַ רויך. איך האָב זיך אויף קיין רגע ניט פאַרהאַקט און דער ה' ברוך הוא אליין האָט מיך, אין אַנטראַקט, געקלאַפּט אין פּלייצע און געזאָגט נביאות, אַז איך וועל נאָך אַמאָל זיין אַ גוטער אַקטיאָר.

אזוי בין איך טאַקע געוואָרן ביי דער טרופּע אַ „גלאַוונער מאַכער".

די חברים מיינע זיינען מיר אזוי מקנא געווען! עפּעס אַ קליניקייט זיך צו דערשלאָגן צו אזא גדולה? ווען איך האָב זיך דערדינט און מען האָט מיר אָנגעטרויט צו זאָגן אַ פאַר ווערטער אויף דער בינע ווי, צום ביישפּיל, ווען מ'האָט מיך איינמאָל פאַרגרימירט און אָנגעטאָן ווי אַ שמש ביים רבין, מיט אַ שטעקן אין האַנט. איך בין ארויף אויף דער בינע און אַ זאָג געטאָן: „ר' גבריאל, דער רבי האָט מיך געשיקט אייך זאָגן, איר זאָלט למעה"ש קומען צום בית־דין" — טאָ ווער האָט שוין דעמאָלט געקאָנט זיך גלייכן צו מיר?

וועגן כאַר רעדט מען דאָך ניט. איך האָב דאָרט געזונגען אויף מיינע אַלע כלים. ווען מ'האָט באַדאַרפט אַ כאָריסט צו זינגען אַ סאָלאָ, האָט שוין קיינער אחוץ מיר די סאָלאָ ניט געזונגען און אַלע אין שטעטל האָבן געוווּסט, אַז איך בין די רעכטע האַנט ביי די אַקטיאָרן, אַז איך אַליין שנייד זיך שוין צו ווערן אַן אַקטיאָר. מיין טאַטע האָט מיר אַ נאָמען געגעבן „קאָטע־רינסטשיק", „ווייל יידישע אַקטיאָרן — האָט ער פאַרטייטשט — זיינען ניט קיין רעכטע מענטשן. ווען יידישע בחורים און מיידלעך האָבן ניט קיין מלאָכה אין דער האַנט, פאַרשטעלן זיי זיך מיט בערד און פּיאות פאַר... כ'וויס אַליין ניט פאַר וועמען און מען לאַכט נאָך אָפּ פון יידן און יידישקייט. דערצו נאָך שלעפּן זיי זיך ארום ווי די האַלעדראַנצעס פון שטעטל צו שטעטל. זיינען דאָס לייטישע קינדער? קאָטערינסטשיקעס! און דו ביסט אויך איינער פון זיי!..."

האָט זיך געטראָפן, אַז עס איז אויסגעבראָכן אַ מחלוקה צווישן דעם רעזשיסאָר פון דער טרופּע, ה' סאָלאָמאָן ברוך, מיט די איבעריקע אקטיאָרן און

דער ה׳ ברין איז פאַרבליבן אין קלעצק נאָכדעם ווי אַלע איבעריקע אַקטיאָרן האָבן פאַרלאָזן דאָס שטעטל. ה׳ ברין האָט צונויפגעקליבן אַ גרופּע יונגע־לייט, בחורים און מיידלעך, פון דער קלעצקער אינטעליגענץ און האָט גע־גרידנעט אַ „דראַמאַטישן קרייז״ פון ליבהאָבער, וואָס זייער אויפגאַבע האָט געזאָלט זיין — שפּילן יידיש טעאַטער. נו, בין איך דאָך געווען דער ערש־טער זיך אָנצושליסן צו אָט דעם קרייז, כאָטש איך בין נאָך געווען, קען מען זאָגן, א „יינגל״, ווייל מיט דעם ה׳ ברין בין איך דאָך שוין געווען גאָר נאָענ־טע מחותנים. איך בין געווען פאַר זיין קרייז א גרויסע הילף.

* * *

דעם ערשטן ספּעקטאַקל וואָס ה׳ ברין האָט אויפגעפירט מיטן קרייז איז געווען „צעזייט און צעשפּרייט״ פון שלום־עליכם. אין דער אָ פאָרשטעלונג האָב איך ניט אָנטייל גענומען, ווייל איך בין געווען צו יונג צו שפּילן אַ ראָל פון אַ דערוואַקסענעם, אָבער איך האָב זיך ארומגעדרייט צווישן די ליבהאָ־בער און געהאָלפן זיי מיט וואָס איך האָב נאָר געקאָנט. אָבער ווען ה׳ ברין מיט די פּני פון די ליבהאָבער האָבן באַשלאָסן צו שפּילן „בר־כוכבא״ פון גאָלדפאַדען, נו, דאָ בין איך שוין געווען אויפן פערד:

דאָ האָב איך שוין געשפּילט א וואַזשנע ראָלע אין כאָר. די גרעסטע און שענסטע סאָלאָס האָט ה׳ ברין מיך צוגעטיילט. און איך האָב זיי טאַקע גע־זונגען מיט געפיל, מיט געשמאַק, ניט סתם אָפּגעזונגען, נאָר טאַקע אויסגע־שפּילט דורכן זינגען, ווי דער גרעסטער אַקטיאָר וואָלט עס בעסער ניט גע־טאָן. דער ה׳ ברין פלעגט טאַקע מיר קלאַפּן אין פּלייצע און זאָגן: „הלוואי וואָלטן אַלע אזוי אויסגעשפּילט זייערע ראָלן ווי איך שפּיל אויס מיינע סאָ־לאָס זינגענדיק״. אָבער ניט דאָס בין איך אויסן. אז עס איז באשערט א מענטשן עולה לגדולה צו זיין בשעה אחת, איז דאָך ניט שייך!

וואָס עס האָט געטראָפן מיט משה׳קע פערלעס, וואָס האָט די גאַנצע צייט רעפּעטירט די ראָל פון „אליעזר״, געדענק איך ניט גענוי. איך געדענק אָבער זייער גוט, אז ווען מ׳האָט זיך צונויפגעקליבן צו דער גענעראַל־פּראָ־בע האָט זיך ארויסגעוויזן, אז ס׳איז ניטאָ קיין „אליעזר״. אלע זיצן פאַר־דאגהט: שבת אָוונט קומט פאַר דער ספּעקטאַקל, היינט איז שוין דאָנער־שטיק, מען דאַרף מאַכן די לעצטע גענעראַל־פּראָבע און דאָ פעלט איינער פון די הויפּט־ראָלן... א קלייניקייט — „אליעזר״.

וואָס הייבט מען אָן צו טאָן ?... אלעמענס אויגן זיינען געווענדט צו ה׳ ברין. ער זיצט פאַרזאָרגט, ביי אים ליגט דער הימל אויף דער ערד. אַ קליי־ניקייט — חיונה!

מיט אַמאָל הייבט ה׳ ברין אויף דעם קאָפּ, באַטראַכט יעדן איינעם דורך זיינע גראָבע גלעזער און שטעלט זיי אָן אויף מיר. ער שטעלט זיך אויף און שרייט אויס מיט אַ פריילעך הילכיקער שטימע, אַנווייזנדיק אויף מיר: „מענדל וועט שפּילן אליעזר! מענדל ווייס אלעמענס פּראָזע, קען אלע געזאַנגען אויסנווייניק און ער וועט אויספירן אליעזרן ניט ערגער, און אפשר בעסער פון משה׳קע פּערלעס. איי, ער איז צו יונג? דערויף איז דאָ אַ גרים און איך וועל שוין זען, אז אַלץ זאָל זיין אין אָרדענונג... אלזאָ, ניט געפּטרט קיין צייט. גלייך אָנהייבן די גענעראַל־פּראָבע!"

ער האָט מיר געגעבן איניקע אָנווייזונגען און מען איז צוגעטראָטן צו דער גענעראַל־פּראָבע. יענעם אָונט, נאָך דער פּראָבע, האָבן מיך אַלע גראַ־טולירט. אנדערע האָבן צוגעגעבן, אז איך בין אין דער פּראָזע א סך בעסער ווי משהקע פּערלעס. איך שפּיל דאָס אויס — האָבן זיי צוגעגעבן — מיט אַלע תנועות און מיט אַלע פּיטשעווקעס, פּונקט ווי איך וואָלט אין דער אמתן גע־ווען דער אַלטער „אליעזר". דער איינציקער חסרון וואָס אנדערע האָבן גע־פונען איז, וואָס ביי משה׳קע פּערלעס איז די שטימע געווען אָן עלטערע, דאָס הייסט — אַ גרעבערע. אָבער דאָ האָט זיך אריינגעמישט ה׳ ברין אליין און האָט פאַר אלעמען אויפגעקלערט: „אין וועלכן ספר פּראַלניק שטייט עס געשריבן, אז אליעזר מוז דווקא האָבן אַ טיפן באַס־קול? עס קאָן דאָך אויך געמאָלט זיין, אז ער זאָל האָבן אַן אָנהייב פון אַ באַריטאָן־שטימע!" און אַלע זיינען געווען מסכים מיט אים.

אָבער ניט אזוי לייכט איז דאָס מיט מיר פאָרגעקומען, ווען איך בין שוין געזעסן אין מיין ווייסן קיטל פאַרגרימירט מיט אַ לאַנגער ווייסער באָרד, ווייסע פּיאות און ברעמען, מיט אויסגעמאָלטע קנייטשן אויף מיין פּנים. אלע ארום מיר זיינען שוין אויסגעזעצט אויף דער בינע, בר־כוכבא פון דער צווייטער זייט אנטקעגן מיר — אַלץ איז שוין פאַרטיק. דער פאָרהאַנג איז נאָך פאַרמאַכט. און אָט גיט ה׳ ברין א צייכן צו דעם אָרקעסטער, ער זאָל אָנ־הייבן שפּילן דעם אריינפיר צו דער פאָרשטעלונג, ווו איך דאַרף עפענען מיטן ערשטן נומער געזאַנג: „וויינט און קלאָגט אַצינדער, איר אלע ציונס קינדער".

עס טרייסלט מיך, עס קלאַפּט מיר אַ צאָן אָן אַ צאָן. ווען דער פאָר־האַנג האָט זיך געעפנט און איך האָב דערזען אַזאַ פיל־קעפּיקן עולם, האָט זיך מיין ערשטע בינע־שרעק ערשט ריכטיק צעשפּילט. איך האָב זיך אויפ־געהויבן אָנצוהייבן מיין ערשטע סאָלאָ־געזאַנג. איך האָב אָנגעהויבן זינגען אָבער איך האָב געפילט אז דאָס איז ניט קיין שטימע, נאָר עפּעס א וואקל־דיקע, אַ טרייסלדיקע שטים. ביסלעכווייז בין איך די ערשטע שרעק אי־בערגעקומען און איך האָב דערפילט אז איך ווער היימישער מיטן עולם. צו דער פראַזע האָט שוין מיין שטים געקלונגען זיגעריש, און צום צווייטן נומער געזאַנג בין איך שוין געווען ווי ביי זיך אין דער היים.

ה׳ ברין איז געשטאַנען הינטער די קוליסן. ער האָט מיר געקוקט אין די אויגן אריין און האָט מיך געהאַלטן כסדר אין איין מונטערן און שאָקלען מיטן קאָפּ, שמייכלענדיק, אז ס׳איז זייער גוט. ווען דער פאָרהאַנג איז געפאַלן נאָכן ערשטן אַקט, האָט מיך די ערשטע ארומגעכאַפּט קושן כישע די פרימאַדאָנע אליין, וואָס האָט געשפּילט מיין טאָכטער דינה.

אַלע האָבן מיר גראַטולירט. מען האָט מיר צוגעגעבן מוט און אַלע האָבן מודה געווען, אז משה׳קע פּערלעס וואָלט אזוי גוט ניט געשפּילט. פאַרשטייט זיך, אז אין די ווייטערדיקע אַקטן בין איך געווען נאָך בעסער און מיין טריאומף אין יענעם אָוונט, אין מיין ערשטן ארויסטריט אין אזא גרויסער און פאַראַנטוואָרטלעכער ראָל ווי „אליעזר״, ווי יונג איך בין נאָך דאַן געווען, האָט מיך אין אלעמענס אויגן געשטעלט זייער הויך.

אזוי בין איך געקרוינט געוואָרן ווי דער יינגסטער און בעסטער ליב־האָבער אין שטעטל.

# איך פאַרלאָז מיין געבוירן־שטעטל קלעצק


וין צוויי יאָר ווי איך אַרבעט ביי הירשל בערל קראָניטש. מאַכן, אויסמאָלן און אויסצאַצקען אַ שילד קאָן איך שוין. איך דערפינד שוין אפילו אליין אייגענע איינפאַלן ווי אַזוי אריינצופּאַסן פאַרשיידענע קאָלירן, זיי זאָלן אויסקוקן פון דער ווייטנס ווי אמתע שאָטנס. איך האָב שוין אַ גרינטלעכע ידיעה ווי אַזוי צונויפמישן פאַרשיידענע קאָלירן פון פאַרבן. אָבער וואָס שייך פּאַיעטאָנען, עקיפּאַזשן און ברישקעס פאַר פּריצים, צו דעם לאָזט מיך נאָך מיין באַלעבאָס, ה׳ קראָניטש, ניט צו. איבערהויפּט האָט ער פּחד מיר צוצולאָזן אַרויסצועגדיקן, אַרויפציען די דינינקע פּאַסיקלעך סיי אויף אַ פּאַיעטאָן און סיי אויף די רעדער. ער טרויט מיר ניט אָן אַרויסצועגדיקן מיטן לעצטן לאַקיר, עס זאָל אויסקוקן ממש גלאַט ווי אַ גלאָז און גלאַנציק ווי אַ שפּיגל.

כאָטש איך האָב דאָס נאָך אליין קיינמאָל ניט געטאָן, האָב איך אָבער, אין טעאָריע, דאָס זייער קלאָר געוווּסט ווי אַזוי מען באַדאַרף עס טאָן. אוי־

סער דעם האָב איך פאַר די צוויי יאָר זייענדיק מיט ה׳ קראַניטש געהאַט אויך אַ מעגלעכקייט צו זיין מיט אים צוזאַמען ביי איניקע פּריצים אין זייערע פּאַלאַצן, וועלכע מען האָט געדאַרפט איבערמאָלן. אויך דאָ בין איך אים געקומען שטאַרק צו הילף. אין דער זעלבער צייט האָב איך געהאַט אַ מעגלעכקייט צו קריגן אַ ידיעה אין שטוב־מאָלעריי.

זאָגן אָבער אַז איך בין געווען צופרידן צו זיין ביי ה׳ קראַניטש, דאָס קאָן איך ניט. כאָטש ער פלעגט מיך באַפרידיקן פון צייט־צו־צייט, אַמאָל מיט אַ רובל אַ וואָך, אַמאָל מיט אַ האַלבן רובל, האָב איך געפילט, אַז איך ווער באַעוולט און אַז איך האָב געקענט ערגעץ אַנדערשוווּ אַ סך מער פאַר־דינען. דער „מדובר" צווישן מיין טאַטן און ה׳ קראַניטשן איז געווען, אַז איך דאַרף זיין ביי אים גאַנצע 3 יאָר אָן שכירות. איך האָב אָבער פון אַזאַ אָפּמאַך ניט געוואָלט וויסן און געמאַכט פּלענער ווי אַזוי צו פאַרלאָזן קלעצק און זיך איינאָרדענען ערגעץ ווו פאַר אַ געהאַלט, לויט מיין ווירדע.

גראָדע דערוויס איך זיך, אַז אין טימקאָוויטש — אַ שטעטל ניט ווייט פון קלעצק — פאָדערט זיך ביי דעם איינציקן מאָלער פון שטעטל אַן אַרבע־טער, וואָס זאָל זיין באַהאַוונט אין מאָלעריי. איבערהויפּט אַזאַ איינער, וואָס זאָל אַליין קאָנען מאַכן און אויסמאָלן אַ שילד. אין טימקאָוויטש איז קיין שילדן־מאָלער ניט געווען, און אויב עמעצער האָט זיך גענויטיקט אין אַ שילד, האָט ער געמוזט פאָרן אָדער אין קאַפּוליע אָדער גאָר אין סלוצק. „פאַר מיר איז די שטעלע אָנגעמאָסטן", איז מיר דורכגעלאָפן אַ בליץ אין מיין רעיון. איך האָב ניט געטראַכט פיל און אוועקגעשיקט אַ בריוו מיט „מאָדעדע" דעם באַלעגאָלע, וואָס פלעגט איניקע מאָל אין וואָך פאָרן קיין טימקאָוויטש, ער זאָל דאָס איבערגעבן דעם דאָרטיקן מאָלער און מיר ברענ־גען אַ תשובה מיט אַן אָנבאָט וויפל ער איז גרייט מיר צו צאָלן.

צו לאַנג האָב איך אויף דער תשובה ניט געוואַרט. אין אַ פּאָר וואָכן אַרום האָב איך געקראָגן אַ בריוו פון דעם טימקאָוויטשער מאָלער, אַז אויב איך בין מסכים צו קומען צו אים אַרבעטן פאַר דעם פּרייז פון 3 רובל אַ וואָך מיט סטאַנציע און עסן, קאָן איך תיכף קומען זיך שטעלן אַרבעטן. איך האָב לאַנג ניט געטראַכט, אויפגעפּאַקט מיין פּעקל און אָן אַ „זייט־געזונט" צו מיין באַלעבאָס ה׳ קראַניטש, בין איך געזעסן ביי „מאָדעדען" אין בויד אויפן וועג קיין טימקאָוויטש.

# „מאָדעדע" דער באַלעגאָלע

להיפוך צו לייבע דעם באַלעגאָלע, וואָס איז געווען פאַררעכנט פאַרן הויפּט־באַלעגאָלע אין קלעצק, מחמת ער האָט געפירט די „קאָזנאַטשייס־טוואָ" קיין סלוצק, וואָס איז אויך געווען די ווייטסטע שטרעקע פון קלעצק מיטן אַקס, איז „מאָדעדע" דער באַלעגאָלע געווען פאַררעכנט פאַר דעם אָרעמסטן פון די באַלעגאָלעס.

טימקאָוויטש איז געווען ניט ווייט פון קלעצק, דאָך איז די באַוועגונג צו און פון טימקאָוויטש געווען זייער אַ קליינע. גאַנץ אָפט פלעגט טרעפן, אַז „מאָדעדע" פלעגט קומען אהיים מיט אַ ליידיקער בויד. איז טאַקע קיין וואונדער ניט וואָס די רייזע מיט „מאָדעדען" האָט גענומען זייער אַ לאַנגע צייט. גאַנץ אָפט פלעגט „מאָדעדע" זיך אָפּשטעלן אין מיטן וועג, אָנטאָן אויפן קאָפּ פונעם פערד אַ טאָרבע מיט האָבער צעמישט מיט קלייען און פאַר איינוועגס פלעגט ער בעטן ביי די פּאַסאַזשירן אַ העכערונג: „האָבער קאָסט טייער און עס לוינט מיר ניט צו פאָרן פאַר אַזאַ נישטיקן פּרייז. אויב מען העכערט מיר ניט, פאָר איך ניט ווייטער!" די פּאַסאַזשירן האָבן קיין ברירה ניט געהאַט און האָבן געמוזט מסכים זיין...

פלעגט טרעפן — דער וועג איז געווען בלאָטיק און דאָס אויסגעדאַרט פערדל האָט קיין כוח ניט געהאַט אַרויסצושלעפּן די בויד אויף אַ בערגל, פלעגט „מאָדעדע" זיך ניט שעמען און בעטן די פּאַסאַזשירן זאָלן מוחל זיין, אַרויסקריכן פון דער בויד און אונטערשטופּן דעם וואָגן, וואָס האָט זיך קוים געהאַלטן אויף משקולת. אַזאַ רייזע פון טימקאָוויטש קיין קלעצק, אָדער צוריק, פלעגט דויערן לענגער ווי אין דער היינטיקער „דזשעט"־צייט אַ רייזע פון יאָהאַנעסבורג קיין ישראל.

„מאָדעדע", ווען ער האָט גערעדט צו איך, האָט ער הויך געשריען. ניט דערפאַר ווייל ער איז חלילה געווען בייז אויף איך, נאָר דערפאַר ווייל ער איז געווען טויב ווי די וואַנט. ער האָט קוים געהערט וואָס מען רעדט צו אים. דעריבער פלעגט ער מיינען אַז מען הערט אים ניט.

פון וואַנען נעמט זיך צו אים דער צונאָמען „מאָדעדע", ווען זיין אמתער נאָמען איז געווען יונה — דאָס ווייס קיינער ניט. דעם אמת געזאָגט האָט גאָר קיינער אין קלעצק, חוץ אפשר זיין ווייב און זיין זון, וועמען מ'האָט אויך גערופן „דער יונגער מאָדעדע", ניט געוווּסט אַז „מאָדעדע" איז אַ צו־

נאָמען. דער יונגער „מאָדעדע" פלעגט גאַנץ אָפט פאַרבייטן דעם טאַטן און אליין זיך ארויפזעצן אויף דער קעלניע, כדי דער טאַטע זאָל זיך קענען אַ ביסל אויסרוען אויף דער עלטער. איבערהויפט די ערב־שבת־טעג פלעגט גאַנץ אָפט דער יונגער „מאָדעדע" איבערנעמען די לייצעס. שטעטלדיקע חקרנים און לײדיקגייערס האָבן זיך געגריבלט און אויסגעפונען דעם שורש פון וואַנען עס שטאַמט יונה׳ס צונאָמען „מאָדעדע":

געווען איז דאָס אין אַ הייסן תמוזדיקן זומער־טאָג — אַזוי האָט מען דערציילט אין שטעטל — יונה דער באַלעגאָלע איז אַרויסגעפאָרן פון טימ־קאָוויטש מיט אַ פולער בויד פּאַסאַזשירן קיין קלעצק, ווי אַלע פרייטיק. דער הימל איז געווען ריין, ליכטיק־בלוי, אַן אַ פינטעלע פון אַ וואָלקן. די זון האָט געשיינט און אַראָפּגעשיקט אירע הייסע שטראַלן אויף דער ערד. קיין סימן פון רעגן האָט זיך אין דער לופט ניט געשפּירט. פּלוצלונג האָט זיך אויפן האָריזאָנט באַוויזן אַ גרויער פלעק, אַזוי ווי אַ קליינער פלעק אויף אַ ריינעם אָנצוג. ביסלעכווייז האָט זיך דער פלעק געגומען שפּרייטן. אַ קילער ווינטל האָט גענומען בלאָזן פון דער זייט וווּ דער פלעק האָט זיך באַוויזן און דער בלויער הימל האָט זיך גענומען פאַרציען מיט גרויע וואָלקן־כמאַרעס. פון דערווייטנס האָבן זיך שוין גענומען באַווייזן אָפּבליאַסקן פון בליצן, באַ־גלייט מיט אַן עכאָ פון דונערן. דער הימל האָט זיך גיך גענומען באַדעקן מיט וואָלקנס, געטריבן פון ווינט. די וואָלקנס האָבן זיך אַריינגעלאָזט אין אַ שווים־פאַרמעסט און עס האָט לאַנג ניט געדויערט ביז זיי האָבן זיך דער־נענטערט צו יונה דעם באַלעגאָלעס בויד מיט די פּאַסאַזשירן. די בליצן האָבן באַגלייט די וואָלקנס און אָפט צעשפּאָלטן דעם חושך פון די כמאַרעס. דונערן האָבן גענומען נאָכיאָגן די בליצן און גרויסע טראָפּנס רעגן האָבן זיך גענומען גיסן אויף דער אָנגעהיצטער ערד.

דער רעגן איז פון מינוט שטאַרקער און געדיכטער געוואָרן. די לעכער־דיקע בויד האָט גענומען טריפן. יונה איז שוין נאַס, אויסגעווייקט. זיין פערדל איז דורכגענעצט. די פּאַסאַזשירן אין בויד האָבן אָנגעווענדט אַלע תחבולות צו שיצן זיך פונעם רעגן, אָבער עס האָט ניט געהאָלפן — דער רעגן האָט געטאָן זיינס. דאָס נעבעכדיקע פערדל, אַ צעשראָקענער, איז גע־בליבן שטיין אין דער זייט פון וועג. פאָרן ווייטער איז געווען אוממעגלעך. עס האָט אפילו ניט געהאָלפן די בייטש. אַזוי איז מען יענעם פרייטיק נאָך האַלבן טאָג געבליבן שטעקן אַ גאַנץ היפּשע צייט, ביז מען האָט זיך מיט

מזל דערוואַרט דער רעגן זאָל אויפהערן. אויפן האַריזאָנט האָט זיך מיט אַמאָל באַוויזן אַ רויטע אויסגעוואַשענע זון.

מען האָט זיך ווידער געלאָזט אין וועג אַריין. דאָס פערדל וואָס איז געווען אויסגעהונגערט און זיך געאײַלט צו דער קאַריטע, האָט צוליב די פולע גריבער מיט וואַסער וואָס דער רעגן האָט אָנגעפילט, ניט געקאָנט שטעלן קיין צו גיכע טריט. האָט זיך געמאַכט אַזוי, אַז ווען די שאָקלענדיקע בויד האָט שוין מיט מזל דערגרייכט אָנהייב שטעטל, זײַנען שוין ייִדן געווען פאַרפאַרן טיף אין קבלת־שבת...

די פּאַסאַזשירן זײַנען אַראָפּגעשפּרונגען פון וואָגן און זיך געלאָזט גיין יעדער צו זײַן הויז. יונה דער באַלעגאָלע, האַלטנדיק דאָס פערדל פאַרן אָברוטש, האָט געמוזט נעבעך גיין דורך עטלעכע גאַסן פאַרביי דעם שול־הויף צו זיך אין שטוב אַריין. חברה האָבן דערטאַפּט אונדזער העלדישן יונה׳ן מיט זײַן פערדל, וואָס איז אַרײַנגעפאָרן אום שבת אין שטעטל, איז געוואָרן אַן אָנגעלויף און מען האָט גענומען ר׳ יונהן אויפן פאַרהער:

„סטייטש, ווי פאַרט דאָס אַ ייִד אַרײַן אום שבת בפרהסיה ?“

יונה דער באַלעגאָלע איז געוואָרן צעטומלט פאַר חרפּה. ער האָט זיך גענומען פאַרענטפערן, זוכן תירוצים, און שטאַמלענדיק איז ער אַרויס מיט אַן אייגענעם פּסק־דין : „ס׳איז נאָך פאַר קבלת־שבת... ס׳איז נאָך פאַר לכה־דודי... מ־מ־מה רעש ? פאַר מ־מ־דודי...“ אָט פון דעמאָלט אָן איז פון יונה געוואָרן „מ־מ־דעדע“ באַלעגאָלע...

## אין טימקאָוויטש

ביי מײַן נייעם באַלעבאָס אין טימקאָוויטש האָב איך אָנגעטראָפן אַ וואַ־רעמע אַטמאָספער. לייבע דער פאַרבער איז געווען נאָך אַ יונגער מאַן און האָט געלעבט מיט זײַן פרוי און זײַן אַלטן טאַטן אין אַ גאַנץ גרויסער הויז מיט אַ גרויסן הויף. זײַן פאָטער איז אויך געווען אַ פאַרבער, אָבער איצט האָט ער זיך פאַרנומען אויסשליסלעך מיטן קאָכן אויל אויף צו מישן פאַר־שיידענע פאַרבן. גערופן האָט מען דאָס „פאָקוסט“.

דער אַלטער שמעון דער פאַרבער איז געווען שוואַך אין געזונט. ער האָט געליטן פון אַזאַ קרענק, וואָס האָט אים שווער געמאַכט דאָס אָטעמען און ער פלעגט זיך פאַרהוסטן אויף אַ לאַנגע צײַט. דעריבער האָט ער די אַרבעט פון פאַרבן שוין לאַנג אָפּגעגעבן. ווי אַלט און קראַנק ער איז געווען,

איז ער שטענדיק געווען לעבעדיק און פריילעך. א גרויסער וויצלינג און אַ לץ איז ער געווען. סתם ריידן איז ביי אים געווען ניט שייך. אויב ריידן — איז מיט גראַמען. ער פלעגט זיך חכמענען און גראַמען פלעגן זיך שיטן ביי אים ווי פון אַרבל ארויס. אין שטוב איז שטענדיק געווען פריילעך.

דער זון זיינער, מיין באַלעבאָס לייבע דער פאַרבער, איז געווען דער היפוך פון זיין טאַטן. אין דער צייט ווען זיין טאַטע האָט דאָס לעבן גענומען מיט אַ שפּאַס, מיט אַ וויץ און אַ געלעכטער, האָט דער זון זיינער גענומען יעדע קלייניקייט ערנסט. שטענדיק געווען פאַרהאַוועט און פאַרזאָרגט, גע־טראַכט נאָר וועגן פרנסה און זיך געשראָקן פאַרן אָנקומענדיקן ווינטער, ווען קיין אַרבעט וועט ניט זיין און ס׳וועט, חלילה, אויספעלן אויף חיונה.

ווי קומט עס, האָב איך אָפט געטראַכט, אזא גרויסער אונטערשייד אין די כאַראַקטערן פון אַ טאַטן מיט זיין זון? און טראַכטנדיק אזוי בין איך גע־קומען צום באַשלוס, אז ס׳איז דאָך געווען אַ מאַמע אויך, איז דער זון מסתמא געווען געראָטן אין דער מאַמען...

הכלל, מיר איז דאָ אין טימקאָוויטש גוט ווי די וועלט! — עסן און טרינ־קען א סך בעסער ווי ביי מיין טאַטע־מאַמען. א צימער פאַר זיך אליין, וואָס איך האָב דאָס אין מיין היים קיינמאָל ניט געהאַט. די באַציאונג פון מיינע באַלעבאַטים צו מיר איז געווען זייער אַ גוטע. איבערהויפּט פונעם אלטן — ווען ער האָט דערשמעקט אז איך בין אַ זינגער, אַ שפּרינגער, אַ טענצער און אַן אקטיאָר, מיט וועמען ער האָט זיך געקאָנט גוט פאַרווילן אויף זיין שטיי־גער. דער איינציקער חסרון איז געווען, וואָס זיי זיינען אלע דריי געווען פאַנאַטיש־פרום, און זיי האָבן פאַרלאַנגט פון מיר, אז איך זאָל זיי אויך נאָכ־האַלטן אין זייער פאַנאַטישקייט.

אין מיטן דער וואָך איז נאָך געווען צו דערליידן. איך האָב זיך קאָטע־גאָריש אָפּגעזאָגט אויפצושטיין יעדן טאָג 6 אזייגער פרי און זיך שטעלן דאווגען, ווי זיי טוען דאָס. אָבער שבת האָב איך זיך שוין ניט געקאָנט העלפן. איך האָב געמוזט גיין מיט זיי צום מנין, ווו דער אלטער האָט גע־דאַוונט פאַרן עמוד און, אגב, זייער פיין אויסגעדריידלט די ביידע „קדושות“. דערפאַר האָט מיך די באַלעבאָסטע יעדן שבת פרי פאַרן דאַוונען מכבד געווען מיט אַ גלאָז זיסע ציקאָריע און מיט אַ זעמעלע, וואָס דאָס פלעגט מיך דערמאָנען די שבתדיקע פרימאָרגנס ביים פעטער יעקב, ווען איך פלעג שלאָפן צוזאַמען מיט מיין קוזין בערל.

מיין גאַנצן פאַרדינסט פון 3 רובל אַ וואָך האָב איך כמעט אין גאַנצן אָפּגעשיקט אַהיים צו מיין טאַטע־מאַמען. צום ערשטן מאָל אין מיין לעבן האָב איך באַשטעלט פאַר זיך אַ קאָסטיום ביי אַ שניידער, כ׳האָב זיך איינגע־קויפט אַ פּאָר נייע שיך, אַ שיין היטל און אין די שבתים פלעג איך זיך אויס־פּוצן ווי אַ גראַף...

טאַטע־מאַמע, וואָס זיינען געווען אומצופרידן פון מיין איבערלאָזן קראַ־ניטשן אין מיטן טערמין, האָבן שלום געמאַכט מיטן געדאַנק און שפּע־טער אויך צוגעגעבן, אַז איך האָב פאַר זיך גוט געטאָן. די עטלעכע רובל וואָס זיי פלעגן קריגן פון מיר האָבן פאַרגיטיקט „מיינע זינד". שטענדיק ווען מיין טאַטע פלעגט אָפּנעמען ביי „מאָדעדען" מיין צוגעשיקטע „מטבע", פלעגט ער אַ קוועטש טאָן מיט די פּלייצעס:

„ווער האָט זיך געקאָנט ריכטן אַז פון אַזאַ ׳באַד־יונג׳ ווי דער מענדעלע איז געוואָרן, זאָל מען נאָך אַמאָל דערלעבן אַ שטיקל נחת? וואָלט ער כאָטש געווען אַ ביסל פרימער. גאָט ווייסט צי ער מעסט דאָרט אַמאָל אָן זיינע תפילין. כאָטש איך האָב געהערט, אַז זיינע באַלעבאַטים זיינען זייער פרו־מע מענטשן!..."

„איך האָב שטענדיק געפילט, אַז אונדזער מענדעלע וועט אַמאָל זיין אַ לייט", האָט די מאַמע זיך אריינגעמישט. ווייל אין דער אמתן איז ער דאָך אַ ׳גערעטעניש׳. ס׳איז ניטאָ אַ זאַך צו וואָס ער זאָל זיך נעמען, ער זאָל עס ניט אויספירן ווי ס׳באַדאַרף צו זיין. וועסט נאָך זען, מיר וועלן נאָך פון אים, אם ירצה השם, האָבן אַ סך נחת!" האָט די מאַמע אויסגעווישט אַ טרער. „איי, זיין פרומקייט? דו האָסט געטאָן וואָס דו האָסט געקאָנט — און דאָס איבעריקע — ער איז שוין ניט קיין יינגל. ער איז שוין ארויס פון אונדזער רשות און מיר קאָנען שוין גאָר ניט העלפן. אַן אָרנטלעך קינד איז ער? אַ גוטע נשמה פאַרמאָגט ער? זעסט דאָך אַז כמעט זיין גאַנצן פאַרדינסט שיקט ער אונדז... ווו האָסטו געזען אַ יינגל אין זיינע יאָרן זאָל זיך אַזוי פיל זאָרגן פאַר טאַטע־מאַמע?"

* * *

איך האָב פאַרבראַכט דעם גאַנצן זומער אין טימקאָוויטש, ביז עס זיינען אָנגעקומען די אלול־טעג און דער האַרבסט איז שוין געשטאַנען ביי דער שוועל. די אַרבעט האָט זיך גענומען ענדיקן. מיין באַלעבאָס, לייבע דער פאַרבער, האָט דיפּלאָמאַטיש מיך גענומען צוגרייטן אַז ווינטער־צייט וועט

פאַר אים זיין אוממעגלעך מיך צו האַלטן. ער האָט מיר צוגעזאָגט זיך משתדל צו זיין פאַר מיר ביי סענדער דעם מאָלער פון קאַפּוליע, וועלכער האָט אַ גוטן נאָמען ביי די ארומיקע פּריצים ווי דער בעסטער עקיפּאַזשן־מאָלער. ער האָט אָנגעשריבן אַ בריוו צו סענדער קאַפּולי‍ער אויסרעכענענ־דיק אַלע מיינע מעלות און טאַקע גאָר אינגיכן איז פון סענדערן אָנגעקומען אַן ענטפער, אַז איך קען קומען צו אים אויף אַ פּראָבע נאָך די ימים־נוראים. מיט אַ געהויבענער שטימונג און מיט שיינע עטלעכע רובל אין קעשענע, אויסגעקליידט און אויסגעצייט, בין איך ווידער מיט „מאָדעדען״ געקומען אהיים.

אין דער היים האָט מען מיך אויפגענומען ווי אַ זייער אָנגעלייגטן גאַסט. דאָס ערשטע מאָל אין מיין לעבן — אויף וויפל איך געדענק — האָט מיך מיין טאַטע געקושט, ווען ער האָט מיר דערזען. מיין מאַמע האָט פון שימחה גע־ווישט מיט איר פאַרטוך די טרערן. מיינע ברידער און שוועסטער עטל האָבן זיך מיט מיר צופרידן ארומגעכאַפּט.

דער דראַמאַטישער קרייז וואָס איז נאָך ה׳ ברינס אַוועקפאָרן געבליבן אין עקזיסטענץ, האָט זיך אוודאי דערפרייט מיט מיר. זיי האָבן זיך דאַן געגרייט מיט דער אויפפירונג פון דעם „יידישן קעניג ליר״ פון יעקב גאָר־דין. אַ דעלעגאַציע איז געקומען צו מיר און מיך פאַרגעלייגט צו שפּילן די ראָל פון „שמאי״. עס זיינען שוין געווען אויסגעהאַנגען איבערן שטאָט גרוי־סע מודעות וועגן דער פאָרשטעלונג און אין איניקע טעג ארום האָט די פאָר־שטעלונג געדאַרפט אויפגעפירט ווערן.

איך האָב זיך לכתחילה אָנטזאָגט אָנטיילצונעמען. איך האָב ניט גע־וואָלט משיג־גבול זיין און צונעמען אַ ראָל פון איינעם, וואָס האָט לאַנגע וואָכן רעפּעטירט. אָבער ווען אַ דעלעגאַציע בראש מיטן ליבהאָבער, וואָס האָט געשפּילט „שמאי״ זיינען געקומען צו מיר און פאַרזיכערט, אַז דאָס איז דער ווונטש פון דער גאַנצער דראַמאַטישער סעקציע, האָב איך עס אָנגע־נומען און אין משך פון איניקע טעג, מיט געציילטע פּראָבעס, האָב איך צו דער איבערראַשונג פון גרויסן פּובליקום, מיט גרויס דערפאָלג אויסגע־פירט די ראָל פון „שמאי״.

# אין קאַפּוליע

דאָס שטעטל קאַפּוליע ליגט צווישן טימקאָוויטש און סלוצק, און איז איינגעטיילט אין צוויי טיילן: דאָס איבערשטע קאַפּוליע און דאָס אונטערשטע קאַפּוליע. ביידע קאַפּוליעס ווערן אָפּגעטיילט מיט אַ גרויסן, טיפֿן טאָל. אָנקומענדיק קיין קאַפּוליע פֿון טימקאָוויטש אָדער פֿון קלעצק למשל, מוז מען צוערשט אַריינפֿאָרן אין דער אונטערשטער טייל פֿון שטאָט, זיך אַראָפּלאָזן דעם גרויסן משופּע׳דיקן באַרג אין טאָל אַריין און זיך ווידער אַרויפֿדראַפּען אויף דעם צווייטן באַרג, כּדי אַרויפֿצוקומען צו דער איבערשטער קאַפּוליע.

באַלעגאָלעס האָבן שוין געהאַט זייערע תּחבולות און מיטלען ווי אַזוי צו מאַניפּולירן מיט זייערע פֿערד: זומער פֿלעגן זיי אַריינשטעקן אין די הינטערשטע רעדער אַזוינע ספּעציעלע צוגעפּאַסטע פֿלעקענער, ווען זיי האָבן געדאַרפֿט זיך אַראָפּלאָזן פֿון שפּיץ באַרג אין טאָל אַריין. ווינטער, ווען עס

פלעגן זיך אָנהייבן די שליט־װעגן און דערצו נאָך װען ס׳פלעגט טרעפן אַן אַדליקע, פלעגן די באַלעגאַלעס דאַרפן זיין זייער געניטע ספעציאַליסטן, כדי אַראָפּצופירן ס׳פערד מיטן שליטן פון באַרג אין טאָל אַריין בשלום. זיי פלעגן אָנטאָן אײַזערנע קייטן אונטער די שליטנס און אַליין פלעגן זיי גיין מיטן פערד צוגלייך, האַלטן אים פאַרן אַברוטש און לאַנגזאַם, טריט ביי טריט, זיך אַראָפּלאָזן אין טאָל אַריין.

עס פלעגן טאַקע זייער אָפט פאָרקומען קאַטאַסטראָפעס. עס פלעגט אויך טרעפן אַז פאַסאַזשירן פלעגן אַראָפּקריכן פון װאָגן אָדער שליטן און גיין צוזאַמען מיטן באַלעגאַלע, העלפן אים איינהאַלטן דאָס פערד און װאָגן. דאָס אַן און פאַר זיך איז שוין געװען אַ „ספּעקטאַקל״ און פיל מענטשן, איי־בערהויפּט יונגװאַרג, פלעגן אין אַזעלכע טעג זיך צוזאַמענקלייבן און שטיין אָפּשטיין און באַטראַכטן די „ספּעקטאַקלען״.

עס איז אַ גרויסער װונדער װאָס אונדזער ייִדע, ר׳ מענדעלע מוכר־ספרים, װאָס איז געבוירן געװאָרן און געלעבט אין זיין יוגנט אין קאַפּוליע, האָט — אויף װיפל מיר איז באַקאַנט — ניט דערמאָנט אין קיינע פון זיינע װערק װעגן אָט דער אויסטערלישער נאַטור־פּאַנאָראַמע פון זיין געבוירן־שטעטל קאַפּוליע.

## ביי סענדער דעם מאָלער

צװישן די פּריצים אין קאַפּוליער געגנט איז סענדער דער מאָלער גע־װען באַװוסט פאַר זיין גוטער אַרבעט אין מאָלן עקיפּאַזשן, פאַיעטאָנען און בריטשקעס. אין סענדערס אַן אויסגעצייכנטן פאַיעטאָן האָט מען זיך פּשוט געקאָנט שפּיגלען. אגב, איז ער געװען דער איינציקער אין דער געגנט מיט אָט דעם פאַך.

סענדער האָט געשטאַמט פון מינסק, און אין זיין אָרט לעבן און פירן זיך איז ער געװען גרויסשטאָטיש. מיט פּריצים האָט ער געהאַנדלט מענטשלעך, אָבער ניט הכנעהדיק װי ס׳רוב ייִדן, װאָס האָבן געהאַט צו טאָן מיט פּרי־צים, פלעגן זיך בייגן אין דרייען פאַרן פּריץ און װערן נידעריקער װי גראָז. פאַרקערט, סענדער איז געשטאַנען פאַרן פּריץ און גערעדט צו אים װי צו זיינס אַ גלייכן. און דאָס דווקא האָט אַרויסגערופן דרך־ארץ פאַר אים מצד די פּריצים.

זיין שם פאַר אַ גוטן קינסטלער אין זיין פאַך און זיין אָרנטלעכקייט איז

אים שטענדיק געגאַנגען אנטקעגן. ער איז געווען גאַנץ פארמעגלעך און אין קאפּוליע איז ער געווען פאַררעכנט פאַר אַן אַנזעעוודיקן יונגנמאַן. ער האָט חתונה געהאַט מיט א קלעצקער מיידל, אַ יפת־תואר, מיין שוועסטערס א גאַנטע פריינדין און דעריבער האָט זי, די באַלעבאָסטע מיינע, זיך באַצויגן צו מיר ווי צו אַן אייגענעם. אויך סענדער האָט זיך צו מיר באַצויגן זייער פריינדלעך, אָבער צוליב גאָר אנדערע טעמים. ערשטנס, אין דער ארבעט האָב איך אים זייער א סך ארויסגעהאָלפן, איבערהויפּט אין אויסמאָלן שילדן, וואָס אין דעם בין איך שוין געווען, קאָן מען זאָגן, אַ באַלמעלאָכע. צווייטנס, בין איך אים אויך גוט צונויף געקומען מיט מיינע ידיעות אין די עקיפּאַזשן־מאָלעריי. אָבער איבערהויפּט בין איך אים געפעלן געווען פאר מיין קענען זינגען...

סענדער אליין איז געווען אַ פיינער מנגן. ער האָט זיך שטענדיק באַ־רימט דערמיט וואָס ער איז געווען אַ משורר אין דער מינסקער כאָר־שול. ווען ער פלעגט ביי דער אַרבעט אזוי זיך פאַרציען אַ ניגון, און איך פלעג עס גלייך אונטערכאַפּן מיט אַ באַגלייטונג — מיט אַ „טערצע" — דאַן פלעגן מיר ביידע זיין אויפן זיבעטן הימל.

ער איז געווען דער ערשטער אין קאַפּוליע וואָס האָט זיך איינגעשאַפט אַ גראַמאַפאָן מיט אַ גרויסער טרובע, מיט איניקע יידישע פּלאַטעס, ווי: „אַ־בריוועלע דער מאַמען", „דאָס טליתל", „אַ מיידעלע יונג און שיין" און אַנדע־רע. שבת נאָך הבדלה פלעגן חשובע באלעבאטים קומען צו סענדערן אויס־הערן די פּלאַטעס און זיך ניט קאָנען געבנוג אָפּוווּנדערן פון דעם „גייעם ווונ־דער", צו וואָס די מענטשהייט האָט דערגרייכט... סענדער פלעגט זיצן ווי אַ גרויסער „מכניס־אורח", שמייכלען און מיטזינגען שטילערהייט מיטן גראַ־מאַפאָן די יידישע לידער, וועלכע ער האָט שוין געקאָנט אויסנווייניק. פאַר־שטענדלעך, אז אין א קורצער צייט ארום בין איך שוין אויך ניט אָפּגעשטאַ־נען און גענומען ארויסווייזן מיינע חריפות אין נגינה, מיטן באַגלייטן אַ „טערצע"...

בכלל איז מיר אין קאַפּוליע געווען א סך פריילעכער ווי אין טימקאָ־וויטש. קאַפּוליע איז געווען אַ גרעסערע שטעטל און מיט מער יוגנטלעכע. עס האָט עקסיסטירט דאָרט א ציוניסטישע אָרגאַניזאַציע און ס׳האָט זיך אויך געשאַפן אַ קערנדל פון „בונד", אין וועלכער איך האָב אַ היפשן אַנטייל גענומען. מיין געהאַלט איז געווען ווינציקער ווי אין טימקאָוויטש, ווייל

ערשטנס, איז געווען ווינטער, ניט אין סעזאָן, און צווייטנס האָט סענדער גע־טענהט, דאַרף איך זיך נאָך אַ סך דערלערנען ביז איך וועל ווערן אַ גוטער פאַכמאַן — און דאָס איז אויך עפּעס ווערט!... אָבער איך בין געווען צו־פרידן, ווייל קיין זייטיקע הוצאות האָב איך ניט געהאַט און וויפל איך האָב פאַרדינט האָב איך געשפּאָרט, געקליבן און געשיקט אהיים.

## ביים פירשט סוויאַטאָפּאָלק־מירסקי

אין אַ שיינעם פאַרנאַכט, פאַר פּסח, איז סענדער געקומען אהיים אַ פריי־לעכער און אַ ביסל בגילופנדיק. די סיבה פון זיין געהויבנקייט האָט ער פאַר־נאַנדערגעלייגט אויף די טעלער, ביים אָונט־ברויט, פאַר זיין ווייב:

ער האָט נאָר וואָס געמאַכט אַן אָפּמאַך מיט אַ באַוווסטן חודאָזשניק פון סלוצק וועגן פאָרן קיין „דער־מיר" צום פירשט סוויאַטאָפּאָלק־מירסקי צו דעקאָרירן און מאָלן זיין פּאַלאַץ. דעם קאָנטראַקט צו מאָלן דעם פּאַלאַץ פון פירשט האָט אָנגענומען דער סלוצקער חודאָזשניק הלל אוכאַס. ער וועט עס מאַכן אַלע געמעלן ווו עס פאָדערט זיך און סענדער איז געוואָרן אַ שותף צום קאָנטראַקט צו מאַכן די געוויינלעכע מאָלערייען, וואָס עס פאָדערט זיך אין פּאַלאַץ. דער פּרייז איז זייער אַ גוטער, ער האָפט צו פאַרדינען אַ סך געלט פון דעם קאָנטראַקט. און טאַקע גלייך נאָך פּסח דאַרף מען זיך שטעלן אַרבעטן.

„ביסטו גרייט צו פאָרן מיט אונדז, מענדעלע, קיין 'דער־מיר' צום פירשט אין פּאַלאַץ אַרבעטן? דאָרט וועסטו האָבן אַ גוטע מעגלעכקייט זיך צו דערלערנען דעם מאָלער־פאַך, ווי אויך כאַפּן דעם שניט פון חודאָזשעסט־ווענע אַרבעט פון מאָלן בילדער, וועגן וואָס דו רעדסט שטענדיק. אגב, האָסטו דאָרט אַ מעגלעכקייט צו באַקומען אַ גרעסערן וועכנטלעכן געהאַלט. ביסטו מסכים?"

איך האָב מיט פרייד זיך אָנגעכאַפּט אַן דעם פאָרשלאַג, נאָר געבעטן אַ דערלויבעניש צו פאָרן אויף פּסח אהיים. פאַרשטייט זיך אַז סענדער האָט מסכים געווען און מיר האָבן אָפּגעמאַכט, אַז גלייך נאָך פּסח דאַרף איך זיך מעלדן אין פּאַלאַץ פון פירשט סוויאַטאָפּאָלק־מירסקי, וואָס געפינט זיך אַן ערך צוויי ווייאָרסט פון שטעטל „דער־מיר".

אין דער היים האָב איך געהאַט אַ פריילעכן יום־טוב, פאַרברענגענדיק מיט מיינע חברים און חברטעס, ווי אויך מיט די מיטגלידער פון דראַמאַ־

טישן קרייז. די גאַסטפריינדלעכקייט פון מיין משפחה איז געווען אין לשער! ערשטנס, האָב איך מיט זיך מיטגעבראַכט מיינע פאַרדינסטן און עס גלייך אָפּגעגעבן מיין שטרענגן טאַטן. דאָס האָט אים ווייך געמאַכט זיין האַרץ און דערפאַר האָט ער מיך די גאַנצע צייט פון מיין זיין אין דער היים באַוויליקט מיט אַ שטענדיקן שמייכל. ער האָט מיך אפילו צורו געלאָזט מיט זיין פרומקייט. ער האָט מיר ניט נאָכגעקוקט ווו איך דאַוון און ווען איך דאַוון, נאָר געפאָדערט פון מיר בלויז צו מאַכן דעם יום־טובדיקן קידוש...

„איי“, פלעגט ער מיט באַדויער צו מיר ריידן, „ווען דו וואָלסט צו דיין גוט האַרץ געווען אויך פרום... נו, מסתמא ניט באַשערט מיר צו האָבן פון דיר אַ 'פולן נחת'! איך האָף אז מיך וועט מען דערפאַר ניט שמייסן אויף יענער וועלט. איך האָב געטאָן וואָס איך האָב געקאָנט!“

מיין מאַמע האָט ניט געלאָזט פאַלן אויף מיר קיין שלעכט וואָרט. זי האָט מיט ליבשאַפט מיך באַגלייט ווו איך האָב זיך נאָר געקערט, און פון צייט־צו־צייט פלעגט זי מיר גלעטן מיינע לאָקן פון מיין געדיכטער טשופּרינע האָר. זי האָט געקוקט אויף מיר, אויף מיין שיין אָנטאָן זיך און געבעטן גאָט מען זאָל מיך, חלילה, קיין עין־הרע ניט געבן...

גלייך נאָך פסח האָב איך זיך געזעגנט מיט מיין היים, מיט אַלע מיינע פריינד, ווי מיין האַרץ וואָלט מיר געזאָגט, אז דאָס מאָל פאַרלאָז איך מיין געבוירן־שטאָט אויף שטענדיק. מיט די קלעצקער באַלעגאָלעס בין איך אוועקגעפאָרן קיין ניעסוויזש, פון ניעסוויזש קיין גאָראָדייע מיטן סאַשיי, און פון גאָראָדייע מיט אַ מירער באַלעגאָלע אין אַ בויד — קיין „דער־מיר“.

## אין פאַלאַץ

דער פאַלאַץ פון פירשט סוויאַטאָפּאָלק־מירסקי איז געשטאַנען אָפּגעזונדערט אויף אַ זייער גרויסן שטח. ניט ווייט פון פאַלאַץ זיינען געווען קינסטלעריש־אויסגעלייגטע גערטנער מיט בלומען, וואָס אויף דעם האָט אכטונג געגעבן אַ ספּעציעלער גערטנער.

דעם פאַלאַץ האָט אַרומגערינגלט גרינע לאָנקעס און אַלייען מיט גלאַטע שטעגן פאַר געסט צו שפּאַצירן זומער־צייט צווישן די שאָטנדיקע ביימער. די אַלייען האָבן געפירט צו אַ ריין קרישטאָלענעם טייכל, וואָס באָדן זיך אין אים האָבן נאָר געקאָנט יחידי־סגולה: געסט געקומענע פון אויסלאַנד, דעם פירשט משפחה־מיטגלידער און איניקע פון זיינע העכערע באַאַמטע, ווי

די פּאַרוואַלטערס פון זיינע הויפן, זיין הויפּט־פּאַרוואַלטער און זיין משפּחה און אַנדערע.

ניט ווייט פון טייך, האַרט ביים וועג, איז געשטאַנען אַ ניט־באַוווינטער שלאָס, וואָס איז אַלט געווען הונדערטער יאָרן. די ווענט האָבן עדות־געזאָגט און באַשטעטיקט דעם טיפן עלטער פונעם שלאָס. די דורכגעלעכערטע ווענט זיינען געווען לעבעדיקע עדות פון שלאַכטן וואָס זיינען פאָרגעקומען אין און אַרום דעם שלאָס, צווישן דעם פירשט וויטאָלד און די קרייצטרעגער, נאָך אין 13טן יאָרהונדערט. אין יאָר 1395 איז דאָרטן געשלאָסן געוואָרן אַ שלום, און דעריבער הייסט טאַקע דאָס שטעטל דערנעבן „מיר" — פרידן.

אין מיטן אָט דער שיינער נאַטור־פּאַנאָראַמע האָט געקיניגט דער ווייסער פּאַלאַץ, וווּ דער פירשט האָט געלעבט איינער אַליין מיט אַ גאַר גרויסער סוויטע — זיינע באַדינערס.

דער שלאָס, דער טייך, די לאָנקעס און גערטנער וואָס האָבן אַרומגערינגלט דעם פּאַלאַץ, איז געווען פאַרבאַריקאַדירט מיט אַ געמויערטן פּאַרקאַן כדי פרעמדע זאָלן חס־וחלילה ניט איבערטרעטן דעם גבול פון לאַנד, וואָס טיילט אָפּ דאָס שטעטל פון די מאַיאָנטקעס פון פירשט. און טאָמער, חלילה, האָט עמעצער געוואַגט אַריבערטרעטן דעם פּאַרקאַן און באַטרעטן דעם גבול פון פירשט, האָבן אים שוין מקבל־פּנים געווען אַ מחנה פון אַרום 15—16 הינט, אַראָפּגעבראַכטע פון ענגלאַנד. און ווען די שעה, די רגע זאָל ניט אויסטראָגן, אַ וואַנדערדיקער הונט האָט פאַרבלאָנדזשעט אין גבול אַריין, האָט מען אים געפונען אַ צעריסענעם אויף שטיקלעך...

דער פּאַלאַץ איז באַשטאַנען פון דריי עטאַזשן. גאָר אונטן, טיפער פון אויבערפלאַך, האָבן געלעבט דעם פירשטס פּערזענלעכע באַדינערס, ווי דער קוכער־שעף מיט זיין פאַמיליע, די אויפזעערס איבערן פּאַלאַץ, די גערטנערס, דער לאָקיי, זיינע פערד־אויפזעערס, קוטשערס אאַ"וו. אונדז זאַלבעפינפט: דעם חודאָזשניק מיט זיין לערן־ייִנגל, סענדערן, מיך און איינער אַ ספּעציעלער מאָלער־פאַכמאַן פון באָברויסק, וואָס איז מיטגעפאָרן מיט אונדז, האָט מען אויך איינגעקוואַרטירט אונטן מיט די באַדינערס אין אַ באַזונדערן גרויסן צימער, מיט פענצטער וואָס האָבן אַרויסגעקוקט אויף דער מיט גראָז־באַוואַקסענער ערד.

פון מיין געלעגער ביי אַ פענצטער האָב איך געקאָנט אַרויסקוקן און באַטראַכטן די גאַנצע שיינע נאַטור־פּאַנאָראַמע. איך האָב געקאָנט זען דעם

ווייטן אַפּגלאַנץ פון טייך, און וועלכן די אַרומיקע ביימער האָבן זיך גע־שפּיגלט. איך האָב געהאַט דעם פאַרגעניגן צו הערן יעדן פרימאָרגן דאָס געזאַנג פון פויגלען, וואָס האָבן גענעסטיקט און באַוווינט דעם אַרום.

מען האָט אונדז אָפּגעריייניקט דעם אויבערשטן עטאַזש, ווו מיר האָבן זיך פאַרנומען מיטן איבערדעקאָרירן און איבערמאָלן, לויט געשריבענע אינסטרוקציעס וואָס דער הויפּט־פאַרוואַלטער האָט איבערגעגעבן דעם חוזאָשניק און סענדערן.

* * *

דאָס ערשטע מאָל אין מיין לעבן איז מיר אויסגעקומען זיך צו באַקענען ווי אַזוי אַן אַרבעט ווערט געפירט אין אַ גרויסן פאַרנעם. דער חוזאָשניק, הלל, מיט זיין לערן־ייִנגל אַרבעטן ביי די פיגורן און בילדער, וואָס ווערן אויסגעמאָלן אויף די סופיטן פון גאָר די גרויסע צימערן, ווי דער גרויסער זאַל פאַר פאַרשיידענע פאַרזאַמלונגען, קאָנפערענצן, וואָס — אויף וויפל איך געדענק — זיינען ביים פירשט אין פאַלאַץ קיין קאָנפערענצן קיינמאָל ניט פאָרגעקומען. אָבער מסתמא איז די מאָדע געווען אַזאַ, אַז אַ פאַלאַץ זאָל האָבן אַזאַ צימער.

אויסער דעם זיינען געווען אַנדערע קלענערע צימערן: דעם פירשט׳ס ביבליאָטעק, וואָס אַלע ווענט זיינען געווען אָנגעפילט מיט פאָליצעס אָנגע־פּאַקט מיט ביכער. אַן עס־צימער, אַן אויפנאַמס־צימער, אַ ספּעציעלער צי־מער פאַר שפּילן אין קאָרטן, ווי אויך אַ ביליאַרד־צימער. אויפן אויבערשטן עטאַזש זיינען געווען שלאָף־צימערן, אַ באָד־צימער און אַנדערע קלענערע צימערן.

די אַרבעט איז געפירט געוואָרן לויט אַ געוויסן סדר. סענדער, דער באַ־ברויסקער מאָלער און איך האָבן געאַרבעט אין די צימערן, ווו קיינע געמעלן זיינען ניט געמאַכט געוואָרן. די טירן אָבער האָבן געמוזט אויסגעאַרבעט ווערן גלאַט ווי שפּיגלען, כמעט אַזוי ווי די עקיפּאַזשן, וואָס סענדער פלעגט מאָלן אין זיין ספּעציעלער „מאַליאַרנע״. דעריבער, אפנים, האָט הלל דער חוזאָשניק געדאַרפט האָבן סענדערן פאַר אַ שותף.

הלל איז אָבער ניט שטאַרק געווען צופרידן מיט זיין לערן־ייִנגל. איין טאָג איז צווישן אים און סענדערן נאָך אַ לאַנגן שמועס געבליבן, אַז איך זאָל ווערן הללס געהילף. איך בין געווען זייער צופרידן פון דעם בייט. דאָ, האָב איך געטראַכט, וועט פאַרווירקלעכט ווערן מיין חלום צו ווערן אַ חוז־

דאַזשניק. אָבער עס האָט זיך אַרויסגעוויזן אַז הלל איז פון מיר געווען נאָך מער אַנטוישט ווי פון זיין פריערדיקן געהילף...

„דוכט זיך אַזאַ לעבעדיקער חברהמאַן און ניט קיין נאַר", האָט הלל גע־טענהט מיט פאַרדרוס, „האָב איך געמיינט, אַז ער וועט גלייך כאַפּן דעם שניט פון אָנצייכענען אַ פיגור, מאַכן אַן איינפאַכן געמעל ווי אַ בלימל, אַן אָרנאַמענט וכדומה, איז אָבער ניט פון אָרט — ער איז נאָך ערגער פון יענעם!" און ער האָט מיך אָפּגעשיקט צוריק צו סענדערן.

איך בין געווען אי אַנטוישט, אי צופרידן. אַנטוישט וואָס מיין קאָפּ האָט בשום אופן ניט באַנומען די חכמה פון אויסמאָלן אַ פיגור, אַן אָרנאַמענט. ווייגן פנימער איז דאָך אָפּגערעדט. פון דער צווייטער זייט בין איך געווען צופרידן, ווייל איינפאַכע מאָלעריי האָב איך ליב געהאַט און ביי סענדערן וועל איך זיך דערלערנען דעם פאַך. דערפאַר אָבער האָב איך נושא־חן געווען ביי הללן מיט די בריוו, וואָס איך פלעג פאַר אים שרייבן צו זיין געליבטער אין סלוצק.

„דו מיינסט אַז איך קען ניט שרייבן?" האָט הלל זיך פאַרטרויט פאַר מיר, „אָבער דיינע געדאַנקען קומען אַרויס שענער ווי מיינע. אויך איז דיין האַנטשריפט זייער אַ שיינע, אַ מחיה צו לייענען. דערצייל אָבער קיינעם ניט, אַז דו שרייבסט פאַר מיר בריוו, און אוודאי ניט וואָס דו שרייבסט!"

כאָטש די אַרבעטס־שעהן זיינען געווען גאַנץ לאַנגע — אַרום 10 און אָפּטמאָל 12 שעה אין טאָג — פון דעסטוועגן האָב איך נאָך געהאַט צייט צו געניסן נאָך דער אַרבעט פון אַ קורצן שפּאַציר אַרום דעם פּאַלאַץ, זיך גוט אָנזעטיקן מיט דער פרישער, שמעקנדיקער לופט, וואָס די בעז־ביימער האָבן שוין געגומען פאַרשפּרייטן דעם אַרום, ווי אויך כאַפּן אַ שמועס מיט די באַ־דינערס פון פּאַלאַץ, מיטן קאָך־שעף, מיטן לאַקיי, מיט די גערטנערס און מיט די קוטשערס.

הלל, סענדער און דער באַברויסקער פלעגן כמעט אַלע אָוונט שפּילן אין קאָרטן. „אָקע", האָבן זיי דאָס שפּיל גערופן, און דער לערן־יינגל פלעגט זיי נאָכקוקן מיט אינטערעס.

# איך ווער רעזשיסאָר פון מירער דראַמאַטישן קרייז

א ײן פאַרנאַכט האָט זיך צו אונדז באַוויזן אַ יידישער בחור פון שטעטל „דער־מיר". זיין נאָמען איז געווען חיים שווערזשענסקי, אָדער ווי מ׳האָט אים גערופן: חיים צדקס. געווען איז ער אַ פאַבריקמאַכער און ער איז געקומען אָפּשערן דעם הויפּט־פּאַרוואַלטער. פון אים האָט ער זיך דערוווסט, אַז אין פּאַלאַץ געפינען זיך 5 יידן, וואָס דעקאָרירן און מאָלן דעם פּאַלאַץ. אזוי ווי איך בין געווען פריי, ווייל איך האָב ניט געשפּילט אין קאָרטן, בין איך דאָס געווען דער יעניקער וואָס האָט אים אויפגענומען, זיך באקאנט מיט אים און מיר האָבן מיט אינטערעס פארבראַכט ביז שפּעט אין דער נאַכט. פון אונדזער שמועס האָט זיך ארויסגעוויזן, אַז אין „דער־מיר" עקסיסטירט אַ דראַמאַטישער קרייז און אַז ער איז, אגב, דער גרימירער פונעם דאָזיקן קרייז.

ער האָט זיך מיט מיר זייער פאַראינטערעסירט, דערוויסנדיק זיך אַז איך בין אַ ליבהאָבער פון טעאַטער און אַז איך בין באַקאַנט מיט דער אויפפירונג

פון פּיעסן, און אויך געשפּילט אזוינע פאַראַנטוואָרטלעכע ראָלן ווי „אליעזר" פון בר־כוכבא, „שמאי" פון קעניג ליר, אונטער דער רעזשי פון ה׳ סאָלאָמאָן ברינן. די הויפּט־צרה מיט זייער קרייז איז — האָט ער זיך באַקלאָגט — זיי האָבן ניט קיין רעזשיסאָר. דער אָנפירער פון זייער קרייז איז טאַקע אַן אינ־טעליגענטער מענטש, אָבער ער איז ווייט פון צו זיין אַ געניטער רעזשיסאָר.

זיי האָלטן איצט אין רעפּעטירן „דער אומבאַקאַנטער" פון יעקב גאָרדין און ער האָט מיך איינגעלאַדן קומען צו זיי אויף אַ פּראָבע, זען ווי עס גייט און אפשר קען איך זיי מיט וואָס העלפן?

איך האָב זיך אָן דעם פאָרשלאָג אָנגעכאַפּט ווי אַ דורשטיקער צו אַ ברונ־נעם, און מיר האָבן אָפּגערעדט אז שבת פרי קומט ער מיך נעמען אין שטעטל צו אַ פּראָבע. איך האָב אים געבעטן, אפשר קאָן ער מיר צושטעלן אַן עקזעמפּליאר פונעם „אומבאַקאַנטן", כדי קומענדיק צו דער פּראָבע זאָל איך זיין באַקאַנט מיטן אינהאַלט פון דער פּיעסע.

אויף מאָרגן אָוונט איז מיין באַקאַנטער, חיים צדקס, אין דער באגלייטונג פון אַ ליבהאָבער פון זייער קרייז ווידער געקומען און מיר געבראַכט דאָס בוך. נאָכן פאָרשטעלן מיך פאַר זיין באַקאַנטן, האָבן מיר ווידער פאַרבראַכט זייער אַן אינטערעסאַנטן אָוונט.

קאָנטיק אז איך האָב געמאַכט אויף זיי אַ גוטן איינדרוק. ווייל ווען די זעלבע צוויי פריינד מיינע האָבן מיר געבראַכט שבת צו דער פּראָבע, האָבן מיר שוין אַלע איבעריקע ליבהאָבער אויפגענומען מיט גרויס רעספּעקט, נאָך איידער זיי האָבן זיך איבערצייגט צי איך בין טאַקע דער, פאַר וועמען איך האָב זיך פאָרגעשטעלט.

פאַר דער קאַרגער וואָך וואָס איך האָב געהאַט די פּיעסע ביי זיך, האָב איך זי אייניקע מאָל דורכגעלייענט, זיך באַקאַנט מיט אַלע טיפן, געזען ווו מ׳קאָן אויסבעסערן דעם טעקסט אזוי, אז איך בין געווען פולשטענדיק פאַר־טיק צו דער פּראָבע.

אין שטעטל האָט מען זיך שוין געהאַט דערוווסט, אז שבת קומט אַ נייער רעזשיסאָר צו גאָלדינען אין דער פאָטאָגראַפיע און עס האָבן שוין ניט גע־פעלט קיין נייגעריקע, וועלכע האָבן אָפּגעוואַרט חיים צדק׳ס מיטן „נייעם" רעזשיסאָר.

מען האָט מיך באַקענט מיט די ליבהאָבער פון קרייז. דאָס איז געווען אַ גרופּע בחורים און מיידלעך, וואָס זיינען געווען פאַררעכנט פאַר דער

אריסטאָקראַטיע פון שטעטל. זייער מכלומרשטער רעזשיסאָר איז געווען שייקע ר׳ אברהמס (טיקטינסקי), זייער אַ אינטעליגענטער בחור, אַ סך גע־לייענט און איז געווען באַהאַוונט אין דער יידישער ליטעראַטור. געווען איז ער אַזוי קורצזיכטיק, אַז ער האָט ניט געקאָנט זען ווייטער פון זיין נאָז. ליי־ענענדיק האָט ער דאָס בוך געמוזט האַלטן האַרט פאַר זיינע אויגן. זיינע גלעזער זיינען געווען אַזוי דיק, אַז צוליב זיי האָט מען זיינע אויגן ניט גע־קאָנט זען.

נאָך אַ קורצע ווײַלע פון שמועסן האָב איך פאַרגעלייגט זיי זאָלן אָנ־הייבן רעפּעטירן דעם ערשטן אַקט. איך האָב געהאַלטן גרייט אַ בלייפעדער מיט פּאַפּיר און ביי אַ טויטער שטילקייט האָט זיך די פּראָבע אָנגעהייבן.

איך האָב פאַרנאָטירט די פעלערן. און איך מוז זאָגן, אַז פעלערן זיינען, לויט מיין מיינונג און מיין אינטואיציע, געווען לרוב. פאַרקערט, איך האָב ניט געפונען קיין איינציקן מאָמענט, וואָס מען האָט געקאָנט דורכלאָזן. די גאַנצע זאַך האָט מיר אויסגעוויזן, ווי ס׳וואָלטן זיך צוזאַמענגעקליבן אַ גרופּע מענטשן און מען לייענט פאַר אַ פּיעסע. קיין אַקציע, קיין איין לעבעדיקער טיפּ, אפילו די אינטאָנאַציע פון די זאַצן זיינען ווייט ניט געווען איבערצייגנ־דיק. אויסער דעם האָב איך באַמערקט, אַז דאָס פונדאַמענטאַל פון די ראָלן זיינען ניט געווען צוגעפּאַסט צו די געגעבענע פּערזאָנען, וואָס האָבן גע־דאַרפט מיט זיך פאָרשטעלן אַ געוויסן טיפּ.

איך האָב קוים מיט אומגעדולד זיך דערוואַרט, זיי זאָלן פאַרענדיקן דעם ערשטן אַקט און איך האָב פאַרגעלייגט מען זאָל ווייטער מיט דער פּראָבע ניט אָנגיין, נאָר אַנאַליזירן דעם ערשטן אַקט, ווו איך וועל זיך באַמיען אויפ־צוקלערן מיינע פאַרצייכענונגען ווי זיי זיינען געשפּילט געוואָרן און ווי זיי דאַרפן, לויט מיין מיינונג, געשפּילט ווערן.

נאָכן אויפקלערן מיינע באַמערקונגען האָב איך פאַרגעלייגט מען זאָל ווידער אָנהייבן דעם ערשטן אַקט, ווו ס׳זאָל געשפּילט ווערן לויט מיינע באַ־מערקונגען און אויסבעסערונגען. אויף אַלעמענס פּנימער האָבן זיך באַוויזן סימנים פון צופרידנקייט נאָכדעם ווי די זעלבע ליבהאָבער האָבן דורכגע־מאַכט זייערע סצענעס לויט מיינע אָנווייזונגען. עס האָט זיך דערפילט אַ „רוח־חיים״ אין זייערע אַרויסגעזאָגטע זאַצן. יעדער קער און ריר, יעדער טראָט איז געווען אויסגערעכנט און באַשטימט און זיי האָבן דערשפּירט אַן אָנרעגונג פון אַ טעאַטער־שפּיל...

נאָכן פאַרענדיקן דעם ערשטן אַקט האָט דער גאַנצער אַנסאַמבל, מיטן רעזשיסאָר שייקע ר׳ אברהמס בראַש, אויסגעדריקט זייער אָנערקענונג צו מיר מיט לאַנג־דויערנדיקע אַפּלאָדיסמענטן.

* * *

אין יענע יאָרן, פאַר דער ערשטער וועלט־מלחמה, ווען ס׳האָט זיך אָנגעהויבן די גאָלדענע עפּאָכע פון דעם אויפבלי פון דער יידישער ליטעראַטור, האָבן זיך דאָן אין יעדער שטאָט און שטעטל אויך געגומען אָרגאַניזירן דראַמאַטישע ליבהאָבער קרייזן. קיין דראַמאַטישע אויסבילדונג האָבן די דאָזיקע טעאַטער־ליבהאָבער ניט געהאַט, נאָר פשוט: ס׳האָבן זיך צונויפגעקליבן איניקע, מער אינטעליגענטע יונגעלייט און אויף איינענער אחריות געשאַפן אַ דראַמאַטישע ליבהאָבער־סעקציע און מען האָט געשפּילט טעאַטער — ווו בעסער, ווו ערגער. ניט געקוקט אויף דעם וואָס „מיין ווייניקייט" האָט אויך קיין דראַמאַטישע שול ניט דורכגעמאַכט, מוז איך אָבער באַהויפּטן, אַז נאָך פון קינדוויין אָן האָט מיך שטענדיק געצויגן צו אַזעלכע קינדערשע אויפפירונגען. פאַר מיר פלעגט תמיד זיין אַ גרויסער יום־טוב, ווען איך מיט מיין קוזין בערעלען פלעגן צונויפקלייבן אַ גרופּע יינגלעך און מיר פלעגן פראַווען פאַרשיידענע אויסגעטראַכטע קינדער־שפּילן.

מיר פלעגן ליב האָבן זיך פאַרשטעלן פאַר טאַטעס, פאַר מאַמעס, איבערבייטן און צופּאַסן די קליידער וואָס עס פאָדערט זיך, פאַרשטעלן אַ „חדר" מיט אַ רבין, מיט אַ קאַנטשיק און נאָכמאַכן דעם רבין מיט זיינע תנועות, ווי אויך די כלומרשטע שמיץ מיטן קאַנטשיק, דאָס מכלומרשטע געוויין פון די יינגלעך; אַ טאַטן, וואָס פייניקט זיינע קינדער פאַרן ניט פאָלגן; אַ מאַמען, וואָס בעמט זיך אָן פאַרן קינד; אַ מגיד, וואָס האַלט אַ דרשה אין בית־מדרש אד״גל. מיר פלעגן דערפון שטאַרק הנאה האָבן. איך האָב אָבער אַלע מאָל געשפּילט די הויפּט־ראָל: דעם בייזן טאַטן, דעם רבין, דעם מגיד און אַלעמאָל געגעבן אַלעמען אָנווייזונגען ווי אַזוי צו „שפּילן".

און ביי קיין איין יינגל איז גאָר קיינמאָל ניט געקומען אויפן געדאַנק אַז עמעצער אַנדערש זאָל אָנווייזן ווי צו „שפּילן", וואָס פאַר אַ מינע מען זאָל מאַכן און אַזוי, אָן קיינע קלייבעניש, אָן קיינע דעקלאַראַציעס, נאַטירלעך פון זיך אַליין, פון איינענער אינטואיציע, בין איך שוין געווען דער ניט־געקליבענער און ניט־געקרוינטער „רעזשיסאָר" — נאָך אַלס קליינער יינגל.

פון וואַנען ס׳האָבן זיך גענומען צו מיר אָט די דאָזיקע פעאיקייטן? ווער ווייס? דאָס איז געקומען צו מיר, אַפּנים, מיט מיין געבוירן ווערן!... און פאַרוואָס פרעגן קשיות וועגן מיר? ס׳ווערן דען ניט געבוירן מענטשן מיט גרויסע טאַלאַנטן אויף פאַרשיידענע געביטן, למשל: מוזיקערס, סקולפּטאָרס, מאָלערס? ס׳ווערן דען ניט געבוירן מענטשן מיט גאָט־געבענטשטע שטימעס און אויסערגעוויינטלעכע מנגנים? איך קאָן אפילו, א חוץ מיינע טעאַטער־פעאיקייטן, אויך שטעלן זיך אלס ביישפּיל מיט מיין געהער פאַר געזאַנג, ווי אויך מיין אויסלערנען זיך אליין נאָטן — לייענען און שרייבן. און ווען מען האָט געדאַרפט — אויך צוגעפּאַסט אַ מעלאָדיע און עס אָנגעשריבן...

דאָס זעלבע איז אויך געשען מיט מיין געבוירענעם חוש פאַר שפּילן טעאַטער. איך פלעג נאָכן דורכלייענען אַ פּיעסע איניקע מאָל זיך באַמיען צו דערגרונטעווען צו יעדן טיפּ, צו זיין כאַראַקטער און באַמיט זיך צו פאַר־שטיין וואָס דער מחבר האָט געוואָלט פון אים און דערנאָך — אַרויפברענגען דעם טיפּ אויף דער בינע פאַרן פּובליקום.

* * *

נאָך די אַפּלאָדיסמענטן וואָס איך האָב באַקומען פאַרן אויסבעסערן דעם ערשטן אַקט, פאַרן איבערמאַכן די פאַרשיידענע סצענעס, די אינטאָנאַציעס, וואָס עס איז אַלעמען אזוי געפעלן געוואָרן, האָט ה׳ גאָלדין דער פאָטאָגראַ־פער פאַרגעלייגט, אז ער וויל איך זאָל אויסהערן די דעקלאַמאַציע „דער משוגענער אין שפּיטאָל״, וואָס איז דאָן געווען זייער פּאָפּולער אין אַ סך דראַמאַטישע קרייזן, וואָס ער גרייט זיך צו געבן נאָך דער פאַרשטעלונג.

דער מאָנאָלאָג איז מיר ניט געווען פרעמד. איך האָב אים געקענט אויסנווייניק און ניט וויניק מאָל דעקלאַמירט פאַר אַן עולם. געהערט האָב איך דעם מאָנאָלאָג דערקלאַמירנדיק אַן אַלטן באַקאַנטן אַקטיאָר, ה׳ יאַקור־באָוויטש, וואָס האָט גאַסטראָלירט ביי אונדז אין קלעצק. איך האָב אים מיט דערפאָלג נאָכגעמאַכט מיט אַלע פּיטשעווקעס, אפילו מיט זיין שטים. דאָ, האָב איך געטראַכט, וועל איך האָבן אַ געלעגנהייט צו ווייזן דער גרופּע מיינע פעאיקייטן ניט נאָר אַלס רעזשיסאָר, נאָר אויך אַלס אקטיאָר. איך האָב מיט אומגעדולד זיך קוים דערוואַרט, ביז ה׳ גאָלדין וועט ענדיקן דעם מאָנאָלאָג...

אויף זיין פראַגע צי עס געפעלט מיר זיין דעקלאַמירן, האָב איך זיך אנטשולדיקט פאַר ה׳ גאָלדין און אים דערקלערט: „ניט אזוי דאַרף דער מאָנאָלאָג דעקלאַמירט ווערן. אויב זיי איז אינטערעסאַנט מיך אויסהערן,

קען איך עס אויסנווייניק פאר זיי דעקלאַמירן". ס'איז געוואָרן אַ פּאַטשעריי און איך האָב פאַר זיי דעקלאַמירט „דער משוגענער אין שפּיטאָל". שוין נאָך דעם ערשטן זאַץ „היינט מוז איך קעניג איבער גאַנץ שפּאַניע ווערן", האָבן זיי זיך אַלע איבערצייגט ווי אַזוי טעאַטער קען געשפּילט ווערן, וואָס דאָס מיינט דיקציע, אַן ארויסגערעדטער וואָרט, מימיק פון געזיכט אין אַן איבערגעלעבטן רעאַליסטישן זאַץ...

דאָס איז געווען מיין ערשטער טריאומף און איך בין איינשטימיק, מיט פיל ענטוזיאַזם באַשטעטיקט פון אַלע מיטגלידער, דערוויילט געוואָרן אַלס פאַראַנטוואָרטלעכער רעזשיסאָר פון דעם מירער דראַמאַטישן קרייז.

איך האָב שווער געאַרבעט, געביטן די ראָלן, זיך אָפּגעגעבן מיט יעדן באַזונדער און דערפירט די פאָרשטעלונג צום פאַרדינטן דערפאָלג. איבערהויפּט האָט מיין מאָנאָלאָג „דער משוגענער אין שפּיטאָל" געמאַכט אַ גוואַלדיקן רושם אויף דעם פול־געפּאַקטן זאַל.

# איך ווער אריינגעוואַקסן אין שטעטל

ערשט איצט, נאָכן אויפפירן „דעם אומבאַקאַנטן“, האָב איך איינגעזען די שווערע אויפגאַבע וואָס עס שטייט פאַר מיר פאָר. איך האָב געזען, אַז פון דער גאַנצער ליבהאָבער־גרופע קען מען אָפּקלייבן ניט מער ווי 2—3 מער פעאיקערע, וואָס וואָלטן זיך אריינפּאַסן צו שפּילן טעאַטער. איך האָב געפילט, אַז די גרופּע פאָדערט נייע, יונגע און מער טאַלענטירטע כחות. דערריבער האָב איך זיך גענומען צייט און ניט צוגעאײַלט מיט אַ נייער אויפפירונג.

איך האָב זיך נענטער גענומען באַקענען מיט דעם שטעטל, מיט איר יוגנט און צו מיין גרויסער איבעררַאשונג האָב איך געפונען א וואונדערבאַרע יוגנט אין „דער־מיר“. גאָר אַן אנדער יוגנט ווי איך בין געוווינט געווען צו זען אין אַנדערע שטעטלעך. א יוגנט, וואָס האָט געלעבט צווישן זיך ווי איין גרויסע, חברישע משפּחה. דאָס שטעטל האָט מיך גלייך פאַרכאַפּט מיט איר

אייגנאַרטיקייט. עפּעס גאָר אַן אַנדער שטעטל, וואָס האָט זיך אויסגע־צייכנט מיט איר אידלקייט, דעמאָקראַטישקייט און פריינדלעכקייט. אין „דער־מיר" האָט זיך ניט אָנגעזען דער גרויסער אונטערשייד צווישן דעם אינטעליגענט און דעם באַלמעלאָכע, צווישן למדן און עם־הארץ, צווישן אָרעם און רייך....

אין פאַרגלייך מיט אַנדערע שטעטלעך פון מינסקער גובערניע, ווי קלעצק, קאָפּוליע, סלוצק, טימקאָוויטש, ניעסוויזש און לעכעוויטש, ווו מיר איז אויסגעקומען צו זיין — אין איין אָרט מער, אין איין אָרט וויניקער — האָט „דער־מיר" געמאַכט אויף מיר אַן איינדרוק פון איין צוזאַמענגעלעבטער משפחה.

איך דערמאָן מיך אַ שבתדיקן פרימאָרגן אין שטעטל, נאָכדעם ווי איך בין שוין געווען באַקאַנט מיט אַ גרויסן טייל פון דער יוגנט:

טאַטעס האָבן אָנגעפילט די בתי־מדרשים. יונגוואַרג האָט זיך צונויפ־געקליבן אויפן ווינקל פון קאַמינעצקיס מויער, אויסגעפּוצט שבתדיק און מען טיילט זיך מיט די איינדרוקן און געשעענישן פון דער פאַרגאַנגענער וואָך. אין געזעמל האָט מען בולט געקאָנט מערקן און אָפּשאַצן די דעמאָ־קראַטישקייט ביי דער מירער יוגנט. אָט פּאָלעמיזירן שייקע ר' אברהמס מיט זשאַמע יעקב־מאיר דעם לייוונט־הענדלערס זון וועגן ציוניזם און בונדיזם. אָט שטייט יוסף לייב־בערס מיט נאָך איניקע סופרים סת"ם און מען ראנגלט זיך מיט די ברידער דוד און כעזקע סלאָנימסקיס — צוויי רייכסטע בחורים פון שטעטל. אָט שטייען אַ פּאָר שניידער־יאַטן, דוד דאַנציג און אברהם־מאיר מאַנטאַ, האָבן ארייַנגעכאַפּט „הירשל־כזית", אויסגעפּוצט אין זיין איינ־זשינערן־אוניפאָרם מיט די מעשענע קנעפּ, אין אַ קאָלאָשקע מיט אַ קאָקאַר־דע, וואָס אין אַן אַנדער שטעטל וואָלט מען פאַר אים דאָס היטל אראָפּגענו־מען, אָבער דאָ קיבעצן אים די באַלמעלאָכעס און חוזקן פון זיינע קנעפּ.

קומענדיק פון שטעטלעך, ווו אַ כינעזישע וואַנט האָט אָפּגעטיילט דעם באַלעמלאָכע פונעם לײדיקגייער, ווו דער כלומרשטער אינטעליגענט האָט אַלע מאָל געקוקט פון אויבן אראָפּ, אָפּטמאָל מיט ביטול, צום באַלמעלאָכע, האָט דאָ אין „דער־מיר" דאָס חברישע צוזאַמענלעבן פון דער יוגנט גע־מאַכט אויף מיר אַן אויסערגעוויינלעכן איינדרוק, און גאָר גיך בין איך גע־וואָרן חבר מיט די באַלמעלאָכעס און מיט די אינטעליגענטן און איך האָב שוין געהאָפט צו פאַרבלייבן אַ מירער.

איך האָב געהאַלטן מײַנע אויגן אָפן, געזוכט און געבענטשט יוגנטלע־כע מיט אַ ניצוץ פאַר דער בינע. איך האָב נאָכגעקוקט זייער קער, זייער ריר און זייערע באַוועגונגען. און ווי דאָס ווערטל זאָגט: „יגעתי מצאתי"! דווקא די צווי איבן־דערמאָנטע שניידער־יאַטן, דוד דאַנציג און אברהם־מאיר מאַנטאַ, זײַנען געווען פון די ערשטע וועמען איך האָב צוגעצויגן צו דער דראַמאַטישער סעקציע. אַזוי האָב איך אָפּגעקליבן פון דער מירער יוגנט די מער פּעאיקערע פאַר דער יידישער בינע, וועמען ס'וועט מיר נאָך שפּעטער אויסקומען צו כאַראַקטעריזירן.

די עלטערע ליבהאָבער פון דראַמאַטישן קרייז האָבן מיט פאַרשטענדע־ניש אָפּגעטראָטן דאָס אָרט פאַר די נײַע, מער טאַלאַנטירטע כחות און שטיל, בהדרגהדיק און אָן אַ ווידערשטאַנד איז פאָרגעקומען די „רעוואָלוציע" אין דראַמאַטישן קרייז.

* * *

צוליב דער גרויסער קאַטאַסטראָפע וואָס מיר האָבן איבערגעלעבט אין דער צווייטער וועלט־מלחמה און צוליב דעם פאַרלוסט פון אַ דריטל פון אונדזער פאָלק, ווו ס'זײַנען אויך אומגעקומען אין דער ערשטער ריי אונדזער יידישע אינטעליגענץ ווי שרייבערס, מאָלערס, קינסטלערס, לערערס און שוי־שפּילערס, געפין איך פאַר נויטיק אויסצורעכענען די נעמען פון דעם ניי־געגרינדעטן דראַמאַטישן קרייז מיט גאָר די נאָענטע פריינד און אונטער־שטיצערס, וואָס האָבן אונדז געהאָלפן מאָראַליש און מאַטעריעל, כדי די נע־מען זייערע זאָלן פאַראייביקט ווערן.

דער צוזאַמענשטעל פון דעם נײַעם דראַמ.־קרייז איז באַשטאַנען פון די פאָלגנדע אומגעקומענע חברים: רייזל יאָסעליעוויטש (יעקב מאירס), איטקע ראַקאָוויטש (העשלס), חייקע פּאָזניאַק, אָשר פּראַטאַס, יוסף מאַזורע־וויטש (לייב בערס), בן־ציון חיימאָוויטש, בערל גאָראָדייסקי און יעקב פּאָז־ניאַק.

אומגעקומענע פריינד: דוד קאַצענעלענסאָן, שמואל קוליק, חיים זשוק, משה'ל גינזבורג און בערל ליפּע מיכאַלעווסקי.

געשטאָרבן נאַטירלעך: רבקה מאַרגאָליס, מאַניע שוואַרץ (ישראל), אברהם־מאיר מאַנטאַ (ניו־יאָרק).

געבליבן לעבן: אַלטע סאָלוצקי (ישראל), שפרה סינדער (איצט סטריי־קאָווסקי), שאָשע פּאָרטנוי, חייקע בעלסקי (איצט דאַנציג), דוד דאַנציג, חיים

פּאַרטנוי (דרום אפריקע). שפּעטער איז צוגעקומען מײַן שילערין פייגעלע קאַפּעליעװיטש (איצט קראַמער), װאָס נעמט נאָך היינט אָנטייל אין יידישע פאַרשטעלונגען, סיי מיט ליבהאָבער און סיי מיט געסט־טרופּעס, — װי אויך דער שרייבער פון די שורות.

# איך רעאָרגאַניזיר דעם דראַמ.־קרייז

פון דער דערפאַרונג פון מײַן אַרבעט מיט ליבהאָבער װייס איך, אַז עס זיינען שטענדיק דאָ גרויסע אומאַנגענעמלעכקייטן צוליב די „ליבהאָבער־חולאַת״, װאָס יעדער איינער באַטראַכט זיך פאַר אַ „שטערן״. די פאַרטיילונג פון ראָלן האָט אין פיל שטעטלעך צעבראָכן די דראַמ.־סעקציעס. איז מען דורכגעקומען מיטן פאַרטיילן די ראָלן, האָט מען אָפּגעשפּילט אַ פּיעסע. דאָס זעלבע פלעגט פאָרקומען ביים אויסװאַל פון אַ פּיעסע. אויב די ליבהאָבער האָבן אין דער פּיעסע געפונען פּאַסיקע ראָלן פאַר זיי, האָט זי ניט געדאַרפט האָבן קיין אינהאַלט אָדער אַ ליטעראַרישן װערט — מען האָט זי געשפּילט. אויב אָבער די פּיעסע איז געװען אַ גוטע, אָבער די ראָלן זיינען די ליבהאָבער ניט געפעלן געװאָרן, האָט מען אַזאַ פּיעסע אָפּגעװאָרפן.

אין אָנפאַנג פון מײַן אַרבעט אין דעם מירער דראַמ.־קרייז האָב איך געפונען אַ חברישע און פריינדלעכע אַטמאָספער. איך האָב גלייך דערפילט, אַז אָט די דראַמ.־סעקציע מיט די נייע אָפּגעקליבענע כחות, װעט דערפילן אַ טעאַטראַלע קינסטלערישע אויפגאַבע צו באַדינען ניט נאָר אונדזער שטעטל „דער־מיר״, נאָר אויך דעם גאַנצן געגנט אַרום.

מײַן אויפגאַבע איז געװען אַריינצופירן טעאַטער־שפּיל, דראַמאַטיזאַציע פון אינהאַלט, אַרויסברענגען אויף דער בינע לעבן, אַקציע, ניט סתם פאַר־לעזן. דערצו האָט זיך געפאָדערט אַן איידעלער צוגאַנג צום ענין, טאַקט, געדולד און אויסדויער. און מיר האָט זיך דאָס איינגעגעבן נאָר אַ דאַנק דער אַנדערשקייט, דער חברישער אַטמאָספער פון די „מירער״ חברים.

אונדזער דראַמאַטישער קרייז האָט ניט געהאַט קיין רעגולאַמינען, קיין אויסגעאַרבעטע געזעצן. עס האָט אָבער געהערשט אַ חברישע דיסציפּלין. יעדער מיטגליד האָט געװוסט און געפילט זיין פאַראַנטװאָרטלעכקייט. למשל, אָט האָט יוסף מאַזורעװיטש געשפּילט אַ הויפּט־ראָל אין אַ פּיעסע. האָט מען אים אָבער געדאַרפט אַלס סטאַטיסט אין אַ צװייטער פּיעסע, איז ניט געװען

קיין אָפּזאָג פון זיין זייט. אזוי דוד דאַנציג, אברהם־מאיר מאַנטאַ און אפילו די פרימאַדאָנע רייזל יאַסעליעוויטש און אַלע איבעריקע.

און דאָ איז כדאי צו פאַרצייכענען איניקע עפּיזאָדן:

מיר שפּילן „כאַסיע די יתומה" פון י. גאָרדין. איטקע ראַקאָוויטש שפּילט קאַראָלינע. אין מיטן פון דריטן אַקט דאַרף זי אַראָפּ פון דער בינע און גלייך אויפטרעטן צוריק אַן איבערגעטאָגענע צו אַ באַל. איך הייס איר אָנטאָן די באַל־קלייד אונטן, אזוי אז ביים אַראָפּגיין פון דער בינע זאָל זי אַראָפּנעמען דאָס איבערשטע קלייד און גלייך צוריק אויפטרעטן אין באַל־קלייד.

זי האָט עס אזוי געטאָן. דערזעענדיק אָבער אז איר פיגור איז איר אויס־געקומען ניט אזוי גלאַטיק, האָט זי חרטה געהאַט. דער עולם האָט געדאַרפט וואַרטן אויף איר אויפטריט. דערפאַר האָט זי טאַקע באַקומען אַ פּאָר פּעטש איבער אירע באַקן. אַראָפּקומענדיק פון בינע האָט זי אויסגעבראָכן אין אַ געוויין. דער אַנסאַמבל האָט אָבער מיר געגעבן גערעכט.

אונדזער פרימאַדאָנע, רייזל יאַסעליעוויטש האָט קעגן איר ווילן גע־מוזט שפּילן די „מאַמע" אין „אינטעליגענט" פון פּרץ הירשביין. געוויינט איז זי שטענדיק געווען אַרויסצוטרעטן אויף דער בינע אין גרים מיט רויטע בעקלעך, און איצט גאָר — אַ פאַרוק מיט קנייטשן אויפן פּנים. ווען זי האָט זיך גוט באַטראַכט אין שפּיגל פאַרן אַרויפגיין אויף דער בינע, האָט זי זיך צעוויינט: זי גייט ניט אויף דער בינע!... נאָר אַ קורצער, אָבער שטרענגער לעקציע, האָט זי געשפּילט בעסער ווי שטענדיק.

די מירער דראַמאַטישע סעקציע איז געוואָרן אַ וויכטיקע אינסטיטוציע אין שטעטל. דער עולם טעאַטער־גייער האָט גענומען זיך באַציען צו אונדז ווי צו קינסטלער, און דער גרעסטער חלום ביי די יוגנטלעכע איז געווען — אָנגענומען צו ווערן אין דראַמ.־קרייז. מיר האָבן שטענדיק זיך באַמיט אויס־צופירן בעסערע פּיעסן. אין אונדזער רעפּערטואַר זיינען אריין: פּרץ הירש־ביין, שלום־אַש, שלום־עליכם, ל. קאָברין, י. גאָרדין און אַנדערע.

כאָטש מיר האָבן געשפּילט אין דער געביידע פון די פייער־לעשער, אויף אַ צענויפגעקלאַפּטער בינע, דעקאָראַציעס אליין געמאַכט מיט דער האַנט, נאַכט־לאָמפּן האָבן געגעבן באַלויכטונג און דעם פאָרהאַנג האָט מען גע־דאַרפט ציען מיט אַ שטריק, האָבן מיר דאָך באַוויזן צו שאַפן זיך אַ נאָמען ניט נאָר אין אונדזער שטעטל, נאָר אין דער גאַנצער געגנט אַרום.

דער מירער דראַמ.־קרייז פלעגט פון צייט־צו־צייט אַרויספאָרן אין די

נאָענטע שכנישע שטעטלעך. שפּעטער צו, ווען די ראַטן־מאַכט אין רוסלאַנד האָט פּראָקלאַמירט אירע קולטור־אויפגאַבן, איז אונדזער דראַמ.־קרייז אָפּי־ציעל אָנערקענט געוואָרן פון דער רעגירונג צו באַדינען די סלוצקער און נאָוואָגרודקער אויעזדן מיט יידיש טעאַטער. אזוי ארום זיינען מיר דער־קלערט געוואָרן אַלס אַ „סאָלדאַטן"־טרופּע מיט פולע רעגירונגס־רעכט. דאָס איז געווען דער ערשטער און איינציקער פאַל אין אונדזער געגנט, אז א יידי־שע ליבהאָבער־סעקציע זאָל באקומען דעם נאָמען: „יידישע דראַמאַטישע טרופּע ביי דער 16טער ארמיי".

מיר שפּילן יידיש טעאַטער אונטער דער אויפזיכט פון דער רעגירונג. מיר שפּילן אין גאַראַדייע מיט גרויס דערפאָלג. אין ניעסוויזש טריאומפירן מיר מיט לעאָן קאָברינס „דער דאָרפס־יונג". דער טאַעטער איז געפּאַקט. עס זיינען אראָפּגעקומען א סך פון קלעצק צו באַגריסן זייער בן־עיר, דעם רעזשיסאָר פון דער טרופּע. נאָכן שפּילן זיינען געווען רעדעס. עס האָבן גערעדט ד"ר ל. פאָגעלמאַן, געוועזענער רעדאַקטאָר פון „פאָרווערטס" אין ניו־יאָרק; דער קולטור־פאַרוואַלטער פון דער 16טער ארמיי, ח. זיידערמאַן; דער באַוווסטער אַרטיסט באַריטאָנאָוו, וואָס איז צופעליק מיט זיין טרופּע דורכגעפאָרן ניעסוויזש, און דער שרייבער פון די שורות.

דער בירגער־קריג איז אָנגעגאַנגען. דער שונא האָט אָנגעגריפן. די 16טע ארמיי איז אין אומאָרדענונג אָפּגעטראָטן. מיר האָבן באקומען אינס־טרוקציעס זיך צוריקציען טיפער קיין רוסלאַנד, נאָר מיר האָבן זיך בעסער צוריקגעקערט אין אונדזער שטעטל „דער־מיר". מיר האָבן איבערגעוואַרט די איבערקערענישן פון פאַרשיידענע מאַכטן, און ווען עס איז רואיקער געוואָרן האָבן מיר, די „אַלטע סאָלדאַטן", זיך ווידער גענומען צום טעאַטער.

שלעכטע צייטן זיינען אָנגעקומען. די גראַבסקי־רעגירונג האָט גע־דריקט און געשטיקט דעם יידישן קרעמער, דעם באַלמעלאָכע, אויסגעזויגן דאָס לעצטע טראָפּן בלוט פון די יידישע מאַסן. אָבער יידיש טעאַטער איז דורך אונדז דאָך געשפּילט געוואָרן, און יידן מיט פאַרזאָרגטע פּנימער האָבן געפּו־נען א גייסטיקן אָפּרו אין יידישן טעאַטער.

דורך דער צייט זיינען מיר געוואָרן רייפער. מיר האָבן געלערנט וועגן נייע שטרעמונגען אין טעאַטער און זיך געלערנט פון פּראַקטיק. מיר האָבן זיך פאַרטיפט אין דער טעאַטער־קונסט און זיך באַצויגן צו יעדער פאָרשטע־לונג מיט יראת־הכבוד. איך וועל קיין מאָל ניט פאַרגעסן די אויפריכטיקע,

מונטערנדיקע ווערטער פון דעם גרויסן יידישן רעזשיסאָר דוד הערמאַן, ביי אונדזער אַ באַגעגעניש:

„איך האָב דורכגערייזט מיט מיין סטודיע גאַנץ פוילן. דערנענטערנדיק זיך צו די קרעסן, הונדערטער מיילן ווייט פון אייער שטעטל, האָב איך שוין געהערט ליבנדיקע אָפקלאַנגען פון אייך און אייער דראַמ.־סעקציע. און מיט אַ ציטער אין האַרצן האָב איך געגאַרט נאָך דער אָ באַגעגעניש. געבענטשט זאָלן זיין די הענט וואָס איך דריק...״

צו אונדזער דראַמ.־קרייז האָט זיך צוגעקלעפּט אַ יונגער יינגל, מיינער אַ שילער און אַן אביטורענט פון דער יידישער פאָלקס־שול. ער האָט אונדז געדינט אַלס שיק־יינגל אויסצופירן פאַרשיידענע טעכנישע ארבעט, צייטנווייז — אויך סופלירן. צום סוף האָט ער זיך דערשלאָגן צו זיין אַ סטאַטיסט ביי אונדז. זיין נאָמען איז געווען נחום־אליהו קאַגאַן. ווען איך האָב פאַרלאָזן אונדזער שטעטל אין 1927, האָט ער, צו מיין גרויסער איבעראַשונג, איבערגענומען מיין פלאַץ אלס רעזשיסאָר. לויט גרוסן וואָס איך האָב שפּעטער באַקומען האָט דער „תלמיד איבערגעשטיגן דעם רבין״.

ער איז געפאַלן אין די פאַרטיזאַנער־וועלדער. כבוד זיין אָנדענק!

# מיין באַגעגעניש מיטן פירשט

פירשט סוויאַטאָפּאָלק־מירסקי שטאַמט אָפּ פון דער קעניגלעכער ניש־פּחה ראַמאַנאָווס. זיין פאָטער איז געווען דער „קאָזאַקן־אַטאַמאַן" אין רוס־לאַנד. זיין פאַרמעגן איז געווען זייער גרויס. פאַר זיין טויט האָט ער פונאַנ־דערגעטיילט זיין פאַרמעגן, וואָס האָט זיך געפונען אין פארשיידענע טיילן פון רוסלאַנד, צו זיינע דריי זין. דעם עלטערן זון האָט ער איבערגעלאָזט דאָס שטעטל „דער־מיר", וואָס אַלע איינוווינער האָבן אים געצאָלט צינזן פאַר זייערע הייזער און קראָמען דאָס גאַנצע לעבן. אויסער דאָס שטעטל „דער־מיר" האָט ער אים נאָך איבערגעלאָזן 16 גיטער (הויפן) ארום שטעטל.

זיין פּאַלאַץ האָט זיך געפונען איינעקע וויאַרסט פונעם שטעטל. פירשט סוויאַטאָפּאָלק־מירסקי איז מערסטנטייל ניט געווען אין דער היים, אין זיין פּאַלאַץ, מחמת אַ געוויסע צייט איז ער געווען אינערן־מיניסטער פון רוס־לאַנד. צוליב זיין ליבעראַליזם, איבערהויפּט בנוגע דער יידן־פראַגע, האָט ער

געמוזט דעמיסיאָנירן און די צאַרישע רעגירונג האָט אים באַשטימט פאַרן רוסישן אַמבאַסאַדאָר אין ענגלאַנד.

פון זיין פאָטער האָט ער, אחוץ די „גיטער", אויך געירשנט דעם טיטל „קאַזאַקן־אַטאַמאַן". אָבער ער האָט זיך מיטן טיטל קיינמאָל ניט באַנוצט. דאָס איז אין קורצן דער ייחוס פון דעם פירשט סוויאַטאָפּאָלק־מירסקי.

מיט זיינע „גיטער" האָבן אָנגעפירט פאַרוואַלטערס (עקאָנאָמען). יע־דער „גוט" האָט געהאַט זיין פאַרוואַלטער, און איבער זיי אַלעמען איז געווען אַ הויפּט־פאַרוואַלטער, וואָס האָט אָנגעפירט און אכטונג געגעבן אויפן גאַנצן פאַרמעגן פון פירשט. איינמאָל אין חודש פלעגן אַלע פאַרוואַלטערס קומען אין „הויפּט־גוט", וואָס האָט זיך געפונען ניט ווייט פונעם פירשטס פּאַלאַץ, אָפּצוגעבן אַ דין־וחשבון דעם הויפּט־פאַרוואַלטער וועגן דעם פּראָגרעס פון די פאַרזייטע פעלדער, די תבואה און וועגן דעם וואָס עס טוט זיך ביי יעדערן אין זיין „גוט". דער הויפּט־פאַרוואַלטער איז געווען פאַראַנטוואָרטלעך פאַרן פירשט גופא. ווען דער פירשט פלעגט קומען אהיים — דאָס פלעגט טרעפן איניקע מאָל אין יאָר — פלעגט דאַן דער פאַרוואַלטער מיט איניקע פון זיינע הויפּט־בוכהאַלטאָרן זיך צוזאַמענטרעפן מיטן פירשט און אים אָפּגעבן אַ גענויעם דין־וחשבון פון אַלע זיינע מאַיאָנטקעס און גיטער.

איידער דער פירשט פלעגט קומען, פלעגט ער טעלעגראַפיש לאָזן וויסן זיין הויפּט־פאַרוואַלטער וועלכן טאָג און וועלכע שעה ער זאָל פאַר אים ארויסשיקן זיין קוטשער מיט זיינע פיר פערד נאַשפּיץ, אָפּצונעמען אים פון דער באַן.

ווי נאָר ס'פלעגט באַוווּסט ווערן אין די „גיטער", איבערהויפּט אין דעם הויפּט־„גוט" ווו דער פירשט האָט געלעבט און ווו זיין פּאַלאַץ איז געווען, אַז ער קומט, פלעגט די נייעס גיך פאַרשפּרייט ווערן פון מויל צו מויל און אַלע זיינע אָנגעשטעלטע, די באַדינערס (די פאַראַבקעס) און אפילו די פעלד־ארבעטער פלעגן זיך אַלע נעמען גרייטן צו באַגעגענען זייער געהויבענעם גאַסט — דעם פירשט....

ס'איז אָנגעקומען אַ ידיעה, אַז דער פירשט קומט צופאָרן אין איי־ניקע וואָכן ארום. דער פּאַלאַץ האָט גענומען גיין כאַדאָראַם. אַלע באַדינערס זיינען געוואָרן שטאַרק באַשעפטיקט. מ'האָט לויט אָנווייזונגען פון הויפּט־פאַרוואַלטער גענומען מייסטרעווען, פאַרריכטן, צורעכטמאַכן און רייניקן פונקט, להבדיל, ווי ביי יידן ערב פסח. מ'האָט גענומען וואַשן, שייערן און

פּוצן אַלע צימערן פון פּאַלאַץ, ווי אויך אַלע דרויסנדיקע אַריינגאַנגס. די גערטנערס האָבן געאַרבעט פיבעריש אַז די בלומען זאָלן אויסזען וואָס שע־נער. אין קיך האָט מען געשייערט די כלים און דער גאַנצער הויף מיטן פּאַ־לאַץ איז געגאַנגען „ווי אויף רעדלעך". דער פּאַרוואַלטער האָט זיך באַראַטן מיטן חודאָזשניק און מיט סענדערן. ער האָט זיי געגעבן אָנווייזונגען ווי זיי זאָלן אַרבעטן לויט אַ סדר, כדי ניט צו שטערן דעם פירשט.

דער פיבער האָט אָנגעשטעקט אַפילו אויך אונדז. איך בין באַזונדערס געווען פאַראינטערעסירט צו זען ווי אַזוי זעט אויס אַ פירשט און נאָך אַ מי־ניסטער דערצו. דער פּאַרוואַלטער האָט אונדז אויך געלערנט ווי אַזוי צו באַגריסן דעם פירשט, אין פאַל מיר טרעפן זיך אָן מיט אים. מיט אומגעדולד האָב איך געוואַרט אויף דעם טאָג ווען דער פירשט וועט אַראָפּקומען. און דער טאָג איז געקומען:

אַ קאַרעטע מיט אויסגעפּוצטע פיר פערד נאָשפּיץ האָט איין טאָג גע־בראַכט דעם פירשט צו די פאָדערשטע טירן פון זיין פּאַלאַץ. די באַדינערס, דער לאַקיי און דער הויפּט־קוכער זיינען געשטאַנען אויסגעשטעלט ביים אַריינגאַנג, אויסגעפּוצטע אין זייערע שענסטע מלבושים און האָבן זיך טיף גענויגט פאַרן פירשט. מיר, די פינף יידן, האָבן אויך פאַרנומען אַ פּאָזיציע פון וואַנען מיר זאָלן אים קענען זען. אָבער ער האָט אונדז ניט געקאָנט זען...

אַרויסגייענדיק פון דער קאַרעטע האָט ער זיך מיט אַלעמען באַגריסט מיט אַ שמייכל, מיטן שאָקלען מיטן קאָפּ. צו אַנדערע האָט ער ליבלעך גע־רעדט — און מען האָט געקאָנט זען אַ צופרידנקייט אויף אַלעמענס פּנימער. באַלד איז אָנגעקומען דער הויפּט־פּאַרוואַלטער, וואָס האָט זיך באַגריסט מיט אים, געגעבן אים די האַנט און זיי זיינען גלייך פאַרשוווּנדן צווישן די ווענט פון פּאַלאַץ...

* * *

אַ פענצטער אין צימער ווו איך בין געשלאָפן, האָט אַרויסגעקוקט צום הינטערשטן טייל פון פּאַלאַץ. אויף אַ היפּשער שטרעקע האָבן זיך געגרינט לאָנקעס און אין מיטן די לאָנקעס זיינען געווען ביימער־אַלייען, וואָס האָבן זיך אָפּגעשפּיגלט אין אַ קרישטאָל־ריינעם טייך. גאַנץ ווייט פון טייכל, צום וועג וואָס פירט צום שטעטל, האָט זיך אַרויסגעזען אַן אַלטער שלאָס.

עס איז שבועות. די לאָנקעס אַרום טייכל זיינען באַדעקט מיט אַ גרינעם טעפּיך. דאָס געהויך פון די בעז־ביימער דרינגט אַריין אינעווייניק אין אונד־

זער שלאָף־צימער און קיצלט אין די נאָזלעכער. כאָטש היינט זיינען מיר פריי פון דער ארבעט — דאָך, די זון מיט אירע שטראַלן וואָס שפּילן זיך אויף די פאַרהאַנגלעך פון אונדזער פענצטער, צוזאַמען מיטן כאָר פון די פייגעלעך וואָס צווישטשערן אויף דיביימער, וועקן מיך און לאָזן מיר ניט שלאָפן, ווי אַלץ וואָלט געדעדט צו מיר: „שטיי אויף, דו פּעפּער און גיי ארויס אין דעם שיינעם פרילינג־פרימאָרגן און האָב הנאה פון גאָטס וועלטל...״ אזעלכע פרימאָרגנס זיינען אַ יקר־המציאות. — ניט ווינטער, ניט זומער אין אַ רעגן־טאָג, און אוודאי ניט אין טעג פון ארבעט קאָנסטו הנאה האָבן פון אזוינע פרימאָרגנס... אַן עבירה פאַר גאָט צו וואַרפן זיך פון איין זייט אויפן אנדערן אויפן געלעגער און פאַרזאַמען אזא פרימאָרגן...

איך כאַפּ זיך אראָפּ פון מיין בעטל, גיב אַ קוק אין פענצטער: דאָס טייכל ווינקט צו מיר און בעט זיך: „קום, וואַרף אַראָפּ דיינע תחתונים און פריש זיך אָפּ אין מיינע קילע, לויטערע וואַסערן. מ׳קאָן זיך שוין באָדן, ס׳איז שוין וואַרעם גענוג. אגב, ביזט דאָך אַ גוטער שווימער — טאָ וואָס־זשע ליגסטו אין ענגן צימער? דו וועסט זיך מחיה זיין!״...

איך טו זיך אָן, וואַש זיך ארום און באַשליס צו מאַכן אַ שפּאַציר צום טייכל, אויסזוכן אַ פּאַסיקן אָרט צו באָדן זיך. פאַר איין וועג באשליס איך צו מאַכן אַ שפּאַציר צום שלאָס און טאַקע באַטראַכטן אים גענוי ניט נאָר פון דרויסן, נאָר טאַקע זיך אריינכאַפּן אינעווייניק, אפשר וועל איך טאַקע געפינען אַ שפּור פון לעבן וואָס האָט עקסיסטירט מיט הונדערטער יאָרן צוריק. און ווי נאָר איך האָב באַשלאָסן אויף דעם פּלאַן, אזוי האָט עס מיך גענומען ציען ווי מיט אַ מאַגנעט צום טייכל און צום שלאָס.

דאָס איינציקע וואָס האָט מיך געשראָקן זיינען געווען די מחנה הינט, וואָס דרייען זיך ארום ביים טייכל און ביים שלאָס. דורך דער צייט וואָס איך ארבעט דאָ אין פּאַלאַץ האָב איך באוויזן צו באַקאָנען זיך מיט אייניקע פון זיי. איך האָב אפילו געוווסט עטלעכע פון זיי ביי די נעמען און געהאַט די זכיה צו געבן זיי אַ גלעט. איך האָב געהאָפט אז די הינט וועלן מיר דער־קענען און האַלטן פאַר אַן אייגענעם מענטש, און מיך לאָזן צורו.

אָט בין איך שוין ביים טייכל. איך קוויק זיך מיטן ריח פון פרישן וואַסער, באַזעץ זיך אויפן גראָז און הער זיך צו צום כאָר פון די פייגעלעך וואָס פאַרהילכן דעם גאַנצן ארום. איך באַטראַכט די באַטשאַנעס אויפן יענער זייט טייך, וואָס שפּאַצירן אויף זייערע „שטאָלצן״. איך קוק זיך גוט צו ווי

זיי צעפּאַכן זייערע פליגלען אײדער זיי הייבן זיך אויף צו זייערע נעסטן אויף די שפּיצן פון די העכסטעביימער. אין די שנאָבלען האַלטן זיי קליינע פרעש — קאָנטיק אָנבייסן פאַר זייערע קליינוואַרג. איך הייב זיך אויף און לאָז זיך גיין צום שלאָס. אָבער אײדער איך האָב באַוויזן אריינצוגיין אין איי־נעם פון די אריינגענג האָב איך שוין דערהערט אַ ברומען פון הינט... און אַט בין איך שוין ארומגערינגלט פון אַ מחנה פון 16 הינט. איך בין געבליבן שטיין און זיך ניט גערירט פון אָרט...

דער פירשט איז ארויסגעלאָפן פון שלאָס אַ פאַרסאָפּעטער און זיך גע־לאָזט יאָגן נאָך די הינט און געשריען צו זיי אויף אַ לשון, וואָס איך האָב ניט פאַרשטאַנען. ס'איז ניט געווען רוסיש, ניט פּויליש און אוודאי ניט יידיש. שפּעטער האָב איך זיך דערוווּסט, אז מיט זיינע הינט פלעגט דער פירשט ריידן ענגליש, ווייל אַלע זיינע הינט זיינען געבראַכט געוואָרן פון ענגלאַנד. יעדעס מאָל ווען ער פלעגט קומען קיין ענגלאַנד, פלעגט ער זיך איינקויפן אַ הונט, און ווען ער פלעגט פאָרן אהיים פלעגט ער דעם הונט מיטנעמען מיט זיך.

זיי האָבן אויפגעהערט צו בילן. אַפּנים אז דעם פירשטס געשרייען האָט זיי באַרואיקט. זיי זיינען מיר ניט באַפאַלן, נאָר געקוקט אויף מיר און גע־ברומט מיט רוגזה, פּונקט ווי איך וואָלט וועלן זייער פאַרמעגן צורויבן. איך האָב פּרובירט רופן די אייניקע וואָס איך האָב געקענט ביי זייערע נע־מען, אָבער זיי האָבן אפּנים געהאַלטן פון כלל „אחרי רבים להטות" און אויך זיי האָבן זיך פאַראייניקט אין כאָר פון ברומען און געבייזער...

דער פירשט האָט זיך דערנענטערט, אָפּגעטריבן די הינט פון מיר און געבליבן שטיין לעבן מיר, פּנים אל פּנים. איך בין געבליבן שטיין אַ דער־שראָקענער, א ביסל פאַר דער „אסיפה" פון די הינט, און אויך פון דער פלוצימדיקער באַגעגעניש מיטן פירשט. איך בין געווען זיכער, אז ער וועט זיין בייז אויף מיר פאַר מיין העזה ארומצוואַנדערן אליין אין זיין גבול. איך האָב אָבער דערזען אויפן פירשטס פּנים אַ ליבן שמייכל — אנשטאָט בייזקייט. ער האָט מיר פאַרזיכערט אז אין זיין אָנוועזנהייט וועלן די הינט מיר קיין שלעכטס ניט טאָן.

פאַר מיר איז געשטאַנען אַ מאַן מיט אַ געטלעכן פּנים. ער האָט געהאַט אַ ברייט־צעקאַמטע שוואַרצע באָרד, דורכגעוועבט מיט זילבער־פאַסן, וואָס האָט אים צוגעגעבן נאָך מער געטלעכקייט. זיינע אויגן זיינען געווען העל־

בלויע, ווי דער קאָליר פון אַ ניט־פאַרוואָלקנט הימל. ער האָט זיך טיף איינ־געקוקט אין מיינע אויגן און מיט אַ שמייכל האָט ער זיך באַגריסט מיט מיר מיטן העברעאישן „שלום״!

איך בין געשטאַנען צעטומלט. לכתחילה האָב איך געענטפערט „שלום״, אָבער גלייך זיך פאַרכאַפּט מיטן „זדראַסטוויטע וואַשע סיאַטעלסטוואָ״! (זייט געגריסט, אייער הויכקייט!).

ער האָט מיך נאָך אַמאָל באַרואיקט און געזאָגט איך זאָל זיך ניט שרעקן פאַר די הינט. ער האָט מיר דערקלערט — שוין אין רוסיש — אַז די הינט זיינען געלערנטע און פאָלגן אויס יעדן באַפעל זיינעם, אפילו אויפן ווונק. ער האָט מיר גלייך געגומען איבערצייגן אין דעם. ער האָט אָנגערופן יעדן הונט ביים נאָמען און געהייסן עפּעס טאָן: איינעם — געבן אים „שלום״, א צווייטן האָט ער געהייסן זיך שטעלן אויף די הינטערשטע פיס, אַ דריטן האָט ער געהייסן זיך זעצן, א פירטן זיך לייגן אאַ״וו. אלץ אין אַ לשון וואָס איך האָב ניט פאַרשטאַנען. געענדיקט מיט די הינט, האָט ער ווידער גענומען קוקן אין מיינע אויגן און מיט זיין ליבן שמייכל האָט ער מיר געשענקט אַ קאָמפּלימענט:

„איך האָב געטראַכט, אַז מיינע אויגן זיינען זייער שיינע, בלויע — קיין בלויערע אויגן פון מיינע זיינען אויף דער וועלט ניט פאַראַן. און אָט זע איך אַז דיינע אויגן זיינען נאָך מער בלוי, ממש ווי דער הימל און נאָך פיל שענער פון מיינע״.

ער האָט מיך צוגעפירט צו אַ באַנק און מיך געבעטן זיך זעצן נעבן אים. איך האָב זיך געקווינקלט, ניט געהאַט די העזה צו זעצן זיך אויף איין באַנק מיט אַ פירשט און נאָך אַ מיניסטער דערצו... אָבער ער האָט מיט אַ שמייכל מיך באַפוילן זיך זעצן.

די הינט זיינען אַלע ארום אונדז. ער האָט גערעדט צו זיי, אָנווייזנדיק אויף מיר, זיי זאָלן ווערן פריינד מיט מיר. יעדערער האָט גענומען אויס־פירן זיין באַפעל. איז געוואָרן אַ שטופּעריי פון די הינט און זיי האָבן מיר גענומען לעקן און באַשמעקן.... דער פירשט שמייכלט, עס טוט אים הנאה. קאָנטיק ער האָט פאַרגעניגן דערפון. איך אָבער... איך וואָלט אים מוחל זיין די הנאה און די האַרציקייט פון דער מחנה כלבים, כאָטש זיי זיינען געלערנ־טע. אָבער וואָס האָב איך געקאָנט טאָן? איך האָב זיך כלומרשט געמאַכט האַרץ און געשמייכלט, ווי איינער זאָגט: „איך האָב פאַר הינט קיין מורא

ניט״. מיין האַרץ איז מיר אָבער געלעגן אין די פּיאַטעס. ווער ווייס? — זיי זיינען דאָך ניט מער ווי כלבים. טאָמער איז איינער פון זיי אַן אנטיסעמיט און וויל דווקא פארזוכן אַ שטיקל פלייש אָדער אַ טראָפּן בלוט פון אַ יידן?

נאָך דער פריינדלעכער אויפנאַמע פון די הינט האָט מיך דער פירשט אַ פרעג געטאָן צי איך האָב גענוג צייט און צי איך האָב ניט דאַקעגן צו זיצן דאָ און שמועסן מיט אים?

„יאָ״, האָב איך געענטפערט. „היינט איז ביי אונדז יידן ׳שבועות׳ און מיר אַרבעטן ניט היינט״. און איך דערצייל אים, פּאַטעטיש, ווי אַזוי שלאָפנ־דיק אין פּאַלאַץ האָט מיך אַ פויגל־כאָר אויפגעוועקט. איך האָב דערזען דאָס טייכל וואָס שפּיגלט זיך אַנטקעגן מיין פענצטער און ס׳האָט מיך אַ צי־גע־טאָן אַרויסצוגיין אין דרויסן זיך אָנשמעקן מיט די בעז־ריחות און מיטן פרישן וואַסער. זייענדיק שוין אַזוי נאָענט פונעם שלאָס, האָב זיך מיר פאַרגלוסט כאַפּן אַ קוק וואָס עס טוט זיך אין שלאָס גופא, ביז... די הינט האָבן מיר מקבל פּנים געווען. „איך האָב ניט געוווסט, אַז אייער הויכקייט שפּאַצירט דאָרט אליין און איך האָב אייך ניט געמיינט צו שטערן. איך האָף אַז איר וועט מיר אַנטשולדיקן!״

„איך בין זייער צופרידן מיט דער באַגעגעניש״, האָט ער ליבלעך גע־קוקט אויף מיר און געשמייכלט.

לויט זיין ריידן האָב איך געפילט, אַז איך האָב געמאַכט אויף אים אַ גוטן איינדרוק.

„דו שלאָפסט אין פּאַלאַץ? דו געהערסט צו די אַרבעטער וואָס איך האָב אַראָפּגעבראַכט פון סלוצק, יאָ?״ פרעגט ער מיר.

„איך אַרבעט צוזאַמען מיטן חודאַזשניק און מיטן מאַלער. איך אַרבעט פאַר זיי״.

„זייער גוט!״ האָט ער כמעט מיט באַגייסטערונג אויסגערופן. „איצט וועל איך האָבן מיט וועמען צו כאַפּן אַן אָפּטן שמועס. דו ווייסט״, ציט ער ווייטער דעם געשפּרעך, „ווען איך קום צו מיר אהיים, צו מיר אין פּאַלאַץ, פיל איך זיך עלנט — ניט קוקנדיק וואָס דאָ איז מיין היים. דו ווייסט ווער מיינע בעסטע פריינד זיינען דאָ? — מיינע הינט! אָבער ריידן מיט זיי קאָן איך ניט. אַ מענטש דאַרף האָבן אַמאָל מיט וועמען אַ וואָרט אויסצוריידן. אויב ניט ביזטו אַן עלנטער מענטש — ניט געקוקט אויף אַלע מאַיאָנט־קעס וואָס דו פאַרמאָגסט. עלנטקייט איז אַ ביטערע זאַך, וואָס איך ווינטש

עס קיינעם ניט. דערפאַר פאַרברענג איך די מערסטע צייט פון יאָר אין פעטערבורג אָדער אין אויסלאַנד — צוליב מיין עלנטקייט דאָ״.

איך האָב אויף אַלע זיינע רייד צוגעגעבן מיט אַ „זייער ריכטיק, אייער הויכקייט!" און ניט געקוקט וואָס דער פירשט איז געווען זייער פריינדלעך ביי דער ערשטער באַגעגעניש אונדזערער, מ'קען אפילו זאָגן חבריש, האָב איך דאָך זיך ניט געפילט אמבעסטן אין זיין אָנוועזנהייט. איך האָב זיך געדרייט אויפן באַנק און ניט געקאָנט איינזיצן רואיק. דער פירשט האָט עס באַמערקט און געפרעגט אויב איך וויל גיין אין פּאַלאַץ.

„יאָ״! האָב איך זיך אָנגעכאַפּט.

„קום, איך וועל דיר באַגלייטן, ווייל איך גיי אויך אין פּאַלאַץ. איך האַלט אין מיטן פון זייער אַן אינטערעסאַנטן בוך, טאַקע אויף אַ יידישער טעמע״. און גייענדיק אזוי מיט מיר, ארומגערינגלט פון דער מחנה 16 הינט דערציילט ער מיר, אז ער אינטערעסירט זיך זייער מיטן יידישן פאָלק. ער קען זייער גוט די מאַרטירער־געשיכטע פון יידישן פאָלק און ער גלויבט, אז דאָס יידישע פאָלק איז די אריסטאָקראַטיע פון דער מענטשהייט.

ביים פּאַלאַץ האָט ער זיך מיט מיר געזעגנט מיטן דייטשן „אויף ווידערזען" און האָט מיר צוגעזאָגט אָפּצוזוכן אין פּאַלאַץ, אַמאָל נאָך דער אַרבעט אָדער אין אַ רו־טאָג, ווייל ער פילט, אז ער האָט מיט מיר אַ סך צו שמועסן. מיט אַ שאָקל מיטן קאָפּ, ניט געבנדיק מיר די האַנט, איז ער אריין דורך דער „פּאַראַדנער" טיר אין פּאַלאַץ.

מיין באַגעגעניש מיטן פירשט האָב איך דערציילט הללן, סענדערן און די אַנדערע צוויי אַרבעטער מיט אַלע איינצלהייטן. זיי זיינען געווען זייער באַגייסטערט און זיך ניט געקאָנט פאָרשטעלן די פּשטות פון אזא גרויסן מענטשן אין באַצוג צו אַ יידישיינגל, דערצו נאָך אַן אַרבעטער. זיי האָבן מיר שטאַרק מקנא געווען...

# עס אַנטוויקלט זיך אַ פריינדשאַפט צווישן מיר און דעם פירשט

זייענדיק אין סלוצק האָב איך געטראַכט. אז איך בין דער גליקלעכסטער
זייענדיק אין סלוצק האָב איך געטראַכט, אז איך בין דער גליקלעכסטער
יינגל אויף דער וועלט. אָבער איצט, זייענדיק אין הויף פון פירשט, לעבנדיק אין פּאַלאַץ אין אַן אַטמאָספער פון פרילינג, מיט גרינע לאָנקעס און ביימער ארום, מיט בליענדיקע קנאָספּן, — דאָס געבורט פון זייערע פרוכטן — מיט ברייט־צעוואַקסענע בונטן בעז וואָס פאַרשמעקן דעם ארום, און דערצו נאָך די פריינדשאַפט וואָס האָט זיך אנטוויקלט צווישן מיר און דעם ליבן פירשט, האָב איך געהאַלטן אז איך בין איינער פון די גליקלעכסטע ייִנגלעך אויף דער וועלט.

אין שטעטל פלעג איך זייער אָפט אריינקומען. מיין פריינדשאַפט מיט דאָס שטעטלדיקע יוגנט האָט געהאַלטן אין איין וואַקסן... עפּעס אַ קליינ־קייט — דער רעזשיסאָר פון דראַמאַטישן קרייז? יעדער איינער האָט זיך

געחנפעט צו מיר, געוואָלט איך זאָל אים אריינגעמען אין דראַמ.־קרייז. די אינטעליגענץ פון שטעטל האָט זיך גענומען קלעפּן צו מיר און מיך גערן געהאַט. זיי פלעגן באַזוכן די פּראָבעס און שטאַרק הנאה האָבן מיך צו זען רעזשיסירן, אויפקלערן די כאַראַקטערן און באַמיען זיך פּסיכאָלאָגיש ארויס־ברענגען פון ליבהאָבער דעם טיפּ וואָס ער דאַרף מיט זיך פאָרשטעלן. אי־בערהויפּט פלעגט מיין פּרעסטיזש זיך הייבן, ווען אַ פאָרשטעלונג פלעגט פאָרקומען, ווו איך האָב אין מערסטע פאַלן געשפּילט די הויפּט־ראָל.

אין שטעטל און גלייכצייטיק אין פּאַלאַץ פלעג איך זיך אָנזעטיקן מיט פאַרגעניגן. אַרבעטנדיק אַ קורצע צייט מיט הלל דעם חודאָזשניק בין איך געקומען צו דער איבערצייגונג, אז קיין חודאָזשניק וועט שוין פון מיר קיין מאָל ניט ארויסקומען. איך האָב בשום אופן ניט געקאָנט אויפכאַפּן די קונסט פון אַ געמעל, איבערהויפּט פון אַ פיגור. האָב איך טאַקע דערפאַר גערן געהאַט צו ארבעטן מיט סענדערן. מיט אים, האָב איך געפילט, לערן איך אַ פאַך וואָס וועט מיר להבא צונוץ קומען. און איך האָב קיין טעות ניט געמאַכט. איך האָב פון סענדערן אַ סך געלערנט, וואָס עס איז מיר שפּעטער אין מיין לעבן צונוץ געקומען.

דער זומער איז ניט געשטאַנען אויף איין אָרט. טעג, וואָכן און חדשים האָבן געיאָגט איינער דעם צווייטן. אָט איז שוין באלד סוף זומער, די ארבעט אין פּאַלאַץ ווערט פאַרענדיקט און יעדער איז זיך מכין צו פאַרלאָזן דעם פּאַ־לאַץ און פאָרן צו זיך אהיים.

אין דער זעלבער צייט איז די פריינדשאַפט פון פירשט צו מיר גע־וואָרן שטאַרקער. עס איז ניט אריבער כמעט א טאָג, אז דער פירשט זאָל מיך נאָך דער ארבעט ניט אָפּזוכן און פאַרברענגען מיט מיר גאַנצע שעהן. דורך דער צייט האָב איך זיך דערוווּסט איינצלהייטן וועגן דעם פּריוואַטן לעבן פון דעם פירשט. ער האָט קיינמאָל ניט חתונה געהאַט — דאָס האָבן אַלע געוווּסט — אָבער וועגן זיין ליבעראַלן קוק אויפן לעבן, איבערהויפּט וועגן דער יידן־פראַגע, וועגן דעם פלעגט ער מיט מיר אָפט שמועסן. איך האָב זיך אויך דערוווּסט פון אים אז צוליב זיינע רעפאָרמען וואָס ער האָט געוואָלט דורכפירן, איבערהויפּט בנוגע יידן, זייענדיק אינערן־מיניסטער פון רוסלאַנד, האָט ער געמוזט זיך אָנגעבן אין דעמיסיע. איך האָב זיך אויך דערוווּסט פון אים, אז ער באהערשט פיל שפּראַכן, אפילו העברעאיש. עס האָט זייער אָפט געטראָפן, אז ער פלעגט קומען צו מיר אין מיטן דער ארבעט

מיט אַ העברעאיש־רוסישן ווערטער־בוך, מיך פרעגן ווי אזוי מען רעדט ארויס דעם אָדער יענעם וואָרט אין העברעאיש.

פאַרוואָס ער פלעגט קומען מיט זיינע פראַגעס נאָר צו מיר און ניט צו מיינע באַלעבאַטים הלל און סענדער, איז געווען גאַנץ פשוט: ווי גוט הלל איז געווען א קינסטלער, אזוי שוואַך איז ער געווען אין די „שוואַרצע פינ־טעלעך״. דאָס גלייכן סענדער — אַ פשוטער, איינפאַכער ייד, א באַלמעלאָכע. בין איך טאַקע געווען דער איינציקער מיט וועמען דער פירשט האָט געפונען אַן אינטערעס.

ווען די צייט איז געקומען צו פאָרן אהיים איז ביי מיר מיין שטימונג זייער געפאַלן. מיט דעם שטעטל בין איך געווען זייער פארבונדן און בין שוין ביי אַלעמען געווען פאַררעכנט ווי אַן אייגענער. ס׳איז מיר געווען א שאָד איבערצולאָזן אזא פריינדלעכע באַקאַנטשאַפט און אזא היימישע אט־מאָספער. אויסער דעם — די פריינדשאַפט מיט אזא גרויסן, וויכטיקן און ליבן מענטשן ווי דער פירשט. בין איך טאַקע די לעצטע צייט געווען זייער פאַרזאָרגט.

אויף איינעם פון מיינע צוזאַמענטרעפן מיטן פירשט האָט ער דערקענט אויף מיין פנים מיין געפאַלענע שטימונג, און איך האָב אים געמוזט אויפ־קלערן די סיבה וואָס דריקט מיך אויפן האַרצן.

„פאָר ניט אהיים״, האָט ער מיר געעצהט. „איך ווייס, אז דיר וועט זיין שווער צו לעבן איינער אליין ביי מיר אין ׳הויף׳ אָדער אין פּאַלאַץ, ספּעציעל ווינטער, ווען קיין ארבעט וועט פאַר דיר ניט זיין. חוץ דעם איז דאָך באַ־ווּסט אז יעדערן ציט צו זיין שטאָם. דעריבער וואָלט איך דיר געבן אַן עצה: קלייב זיך אריבער אין שטעטל. איך בין זיכער אז דו וועסט צווישן דיינע אייגענע ניט פארלוירן גיין. איך בין דיר תמיד גרייט צו העלפן, ווען דו וועסט זיך נויטיקן. און זומער דארפסטו זיך ניט זאָרגן. ביי מיר אין מיינע מאַיאָנטקעס איז שטענדיק דאָ אַרבעט לרוב. זאָרג ניט, איך וועל דיר ניט פאַרלאָזן. איין זאַך מוזטו מיר צוזאָגן: ווען איך וועל זיין אין דער היים זאָלסטו מיר קומען אָפט באַזוכן. איך וועל שיקן מיין קוטשער נאָך דיר!״ און דער פירשט האָט געהאַלטן זיין צוזאָג. ער האָט טאַקע א סך, זייער אַ סך געטאָן פאַר מיר.

# איך בירגער זיך איין אין שטעטל

ריידנדיק באריכות וועגן „דער־מיר“ מוז מען פעסטשטעלן, אז דאָס שטעטל האָט פאַרמאָגט מערקווירדיקייטן, וואָס קיין אנדער שטעטל אין ווייס־רוסלאַנד האָט דאָס ניט געהאַט. וועגן דער דעמאָקראַטישקייט פון „דער־מיר“ האָב איך שוין געשריבן אין אַ פריערדיקן קאַפּיטל. איצט וויל איך ארויס־ברענגען נאָך איניקע „מערקווירדיקייטן“, וואָס נאָר „דער־מיר“ האָט זיך אויסגעטיילט מיט זיי.

צום ביישפּיל, די מירער „סופרים“ סת״ם. אין יעדער שטעטל איז גע־ווען א סופר סת״ם. דאָס איז געווען אַ גאָטס־פּאַרכטיקער ייד מיט אַ לאַנגער באָרד און פּיאות, א ייד וואָס האָט שטרענג אָפּגעהיט אַלע תרי״ג מיצוות, אַ ייד וואָס האָט זיך ניט געמישט אין שטעטלדיקע ענינים, אַ ייד וואָס האָט געלעבט פאַר זיך אין זיינע דלד־אמות. מיט איין וואָרט — אַן „איש תמים וישר“. אנדערע וועלן איך נאָך דערציילן, אז זייער „סופר“ פלעגט פאַר יעדן „שם“ זיך גיין טובל זיין אין מיקווה...

איך געדענק נאָך ר׳ חאצקל דעם סופר פון קלעצק. ער איז געווען אונדזערס א שכן, א שטוב נעבן א שטוב. געזען האָט מען אים אָבער זייער זעל׳טן — ניט מער ווי צום בית־מדרש און פון בית־מדרש. ער פלעגט ימים ול׳ילה זיצן אין אַ ווינקל פון זיין קליינעם שטיבעלע, ווו עס איז געשטאַנען אַ טישל און אויפן טישל פלעגט ליגן אויסגעשפּרייט א יריעה. א קליין קע־ראָסין־לעמפּל מיט אַן אַבאַזשור, אליין געמאַכט פון פּאַפּיר, פלעגט ברענען סיי בייטאָג און סיי ביינאַכט. דאָס ליכט פונעם לעמפּל האָט געלויכטן נאָר אויף דער יריעה.

ביים שרייבן האָט ער מיט קיינעם ניט גערעדט. אפילו מיט זיין ווייב און קינדער האָט ער קיינע שמועסן ניט פאַרפירט, אפנים פון זיין מויל זאָל ניט ארויסגערעדט ווערן „דברי ניבול פה“. מיט א גרויסן געגדזענעם פע־דער, וואָרשיינלעך אליין פאַרשניצט, פלעגט ער קונציק טונקען אין טינ־טער טינט. אויף די אויגן זיינע שפּאַקולן, און אויפן קאָפּ האָט שטענדיק גערוט אַ בכבודיקע יאַרמולקע. ער האָט געהאַלטן דעם קאָפּ אראָפּגעבויגן, כמעט איינגעגראָבן אין דער יריעה, און קליינע געציקלטע הייליקע אותיות פלעגן געבוירן ווערן אויף דער יריעה. אזוי האָט אויסגעזען אונדזער קלעצ־

קער ר' חאצקל דער סופר, און אזוי, בין איך זיכער, האָבן אויסגעזען אַלע סופרים אין שטעטלעך ווו נאָר אַ סופר האָט געלעבט.

גאַנץ אַנדערש האָבן אויסגעזען מירער סופרים.

אין „דער־מיר" זיינען געווען סופרים בלשון רבים. איבער אַ העלפט פון דער מירער יוגנט זיינען געווען סופרים. „דער־מיר" האָט פאַרמאָגט די הויפּט־אינדוסטריע פון ספרי־תורות, וואָס פלעגן אויסגעאַרבעט ווערן און צעשיקט ווערן אין דער יידישער וועלט — איבערהויפּט קיין אמעריקע. „דער־מיר" און סלאָנים, אַ צווייטע שטאָט אין ווייס־רוסלאַנד, זיינען געווען די פּראָדוצירער און צושטעלער פון ספרי־תורות פאַרן אַמעריקאַנער מאַרק, און אמעריקע פלעגט באַזאָרגן די גאַנצע יידישע וועלט, אַלע פאַרוואָרפענע ווינקעלעך ווו נאָר ס'איז געווען אַ יידישער יישוב, מיט ספרי־תורות.

זיינען אין „דער־מיר" געווען סופרים באַלעבאַטים־אונטערנעמער, וואָס פלעגן צוגרייטן און אויסאַרבעטן יריעות פון פעלן און סופרים אַרבעטער און לערן־יינגלעך, וואָס פלעגן אַרבעטן פאַר די באַלעבאַטים. דאָס גרעסטע טייל יידישע יינגלעך פלעגן ווערן לערן־יינגלעך פאַר סופרים. נאָכן אויסלערנען דעם פאַך, וואָס האָט אגב צו לאַנג ניט געדויערט, פלעגן זיי ווערן אַרבעטער פאַר זיך. קיין פאַראיין פון סופרים איז ניט געווען, מחמת זיי פלעגן אַרבעטן פאַר די באַלעבאַטים פון יריעה, פון שטיק. האָט איינער געהאַט אַ בעסערן געציקלטן, געדרוקטן אות, האָט ער באַקומען פאַר אַ יריעה מער געצאָלט. עס זיינען געווען פאַרויס־באַשטימטע אָפּמאַכן צווישן באַלעבאַטים און אַר־בעטער און קיין סיכסוכים פלעגן ניט פאָרקומען צווישן אַרבעטס־געבער און דעם אַרבעטער. אין מערסטע פאַלן פלעגן די אַרבעטער נעמען זייער אַרבעט צו זיך אהיים.

קיין וואַרשטאַטן האָט מען דערצו ניט געדאַרפט. אַ טישל, אַ שטול, אַ געגענדזענע פעדער, אַ טינטער מיט אַ ספּעציעלן טינט — דאָס איז געווען דאָס גאַנצע געצייג וואָס איינער האָט געדאַרפט צו זיין אונטערנעמונג. דער פאַר־דינסט האָט זיך געווענדעט אַן דער שנעלקייט פון אַרבעט. פלעגט איינער אָנשרייבן 4 יריעות אַ טאָג, האָט ער באַקומען באַצאָלט פאַר די 4 יריעות, האָט איינער מער ניט באַוויזן אָנצושרייבן 3 יריעות, האָט ער באַקומען באַ־צאָלט פאַר 3 יריעות. דעריבער איז גאָר אַ גרויסער טייל פון יוגנטלעכע געוואָרן סופרים.

פאַרשטייט זיך אז די אַלע יונגע חברהלייט האָבן ניט געהאַט קיין בערד

און פּיאות. פּאַרקערט, זיי זיינען געווען גלוחים, און נאָך מער — די גרעס־טע אפּיקורסים זיינען געווען אַט די סופרים. איך דערמאָן זיך מיין ערשטע באַקאַנטשאַפט מיט אַ יונגן סופר, וואָס האָט געהערט צו די חשובע מיטגלי־דער פון דראַמאַטישן קרייז. אַ הויכער, אַ שיינער יונג, קרעפטיק געבויט, וואָס וואָלט אין די ענגליש־ריידנדיקע לענדער געווען אפשר אַ „פּרייז־פיי־טער". ס'איז געווען אַ שבת פרי ווען דער פריער דערמאָנטער חיים־צדק'ס, וואָס האָט מיר באַקאַנט געמאַכט מיטן שטעטלדיקן יוגנט, האָט מיך אריינגע־פירט צו יוסף לייב־בערס אין הויז, מיך באַקאַנט מיט אים אַלס איינעם פון די עלטסטע ליבהאָבער פון דראַמאַטישן קרייז.

יוסף האָט אונדז אריינגעפירט אין זיין צימער, ווו ס'איז געשטאַנען דער סופרישער „וואַרשטאַט מיטן געצייג". אויפן טיש איז געלעגן באַלעבאַטיש־ברייט אויסגעשפּרייט אַ יריעה, און צום גרויסן וווּנדער האָט איך זיך דער־וווּסט, אַז אָט דער הויכער, ברייט־פּלייציקער, שטאַרקער יונג איז דער סופר פון „ספרי־תורות". אַזוי זיינען געווען אַלע יונגע מירער סופרים: אַ פריי־לעכע, אַ זאַרגלאָזע חברה, וואָס קיין איינער פון זיי האָט כמעט קיין מאָל ניט אריינגעשמעקט אין אַ שול אָדער אין אַ בית־מדרש. יעדן שבת אין דער פרי פלעגן זיי און אנדערע יוגנטלעכע, ארבעטער פון אנדערע פאַכן, ווי שניי־דערס, שוסטערס, סטאָליערס און אנדערע זיך צונויפזאַמלען אויפן ווינקל פון קאַמינעצקיס מויער אין מאַרק, און „קיבעצן" אַלץ און אַלעמען...

איינעם פון די הויפּט־„קיבעצערס" איז כדאי צו דערמאָנען. דאָס איז אונדזער דוד דאַנציג, דער רעזשיסאָר פון דער דראַמאַטישער ליבהאָבער גרופּע אין בענאָני (דרום אפריקע). דוד דאַנציג, וואָס לאָזט ניט אָפּשטאַרבן דאָס יידישע וואָרט אין בענאָני, און נאָך איצט — אויף דער עלטער — טרעט ער ארויס מיט פאַרלעזונגען ניט נאָר אין בענאָני, נאָר יעדן סוף־יאָר האָט ער שוין אַ „חזקה" צו געבן יידישע אָוונטן פאַר געזעלשאַפטלעכע צוועקן אין דעם באַוווּסטן דאַטשע־פּלאַץ מיוזענבערג, ווו ער שיט מיט טרעפלעכע גלייכווערטלעך און מיט וויצן. היינט שטעלט זיך פאַר אָט דעם זעלבן דוד דאַנציג, ווען ער איז געווען סך הכל 17—18 יאָר? אַ חוץ וואָס ער איז געווען אַ שיינער בחור פלעגט ער אַלעמאָל גיין אויסגעפּוצט ווי עס פאַסט פאַר אַן אַקטיאָר. ער איז טאַקע געווען דער ערשטער אין שטעטל וואָס האָט אָנגעטאָן פראַנטיש־ווייסע הויזן און איז געגאַנגען אין גאַס אָן אַ היטל.

די ישיבה־לייט מיט די פרומע יידן האָבן אים טאַקע געשיקט רופן צום

רב צוליבן ארומגיין אין גאַס בגילוי ראש בפרהסיה. אָבער ס׳האָט קיין זאַך ניט געהאָלפן. מיט זיין שטענדיקן טרעפלעכן הומאָר האָט ער דאָס גאַנצע שטעטל געמאַכט לאַכן — און ער איז טאַקע געווען פון די ערשטע וועמען איך האָב צוגעצויגן צו דער דראַמאַטישער סעקציע, ווי נאָר איך האָב זי איבערגענומען. איך האָב מיט דעם אויסוואַל קיין טעות ניט געמאַכט. ער האָט זיך ארויסגעוויזן צו זיין זייער פעאיק און איז געווען פאַררעכנט פאַר איינעם פון די בעסטע ליבהאָבער־שוישפּילער.

* * *

נאָך דער רעוואָלוציע, ווען אונדזער טרופּע איז מאָביליזירט געוואָרן צו דער 16טער ארמיי, און דוד דאַנציג איז געווען אין מיליטער ערגעץ טיף אין רוסלאַנד, האָב איך אים ארויסגעפאָדערט, מאָטיווירנדיק אז אָן אים קאָן די טרופּע ניט עקסיסטירן, אז ער איז מיין רעכטע האַנט. און ער איז טאַקע געווען מיין רעכטע האַנט. ער האָט זיך אויסגעצייכנט ניט נאָר אויף דער בינע, נאָר אויך הינטער די קוליסן מיט די דעקאָראַציעס, מיטן אויסשטאַטן די בינע און מיט אַלץ וואָס אַ פּיעסע פאָדערט. ביי אונדז אין דער טרופּע האָט ער זיך באַקענט מיט דער שיינער שוישפּילערין, די טאַלענטירטע חיה־קע בעלסקי. עס האָט לאַנג ניט גענומען און מען האָט געפּראַוועט „אַן אַק־טיאָרישע חתונה״. ביז ניט לאַנג האָט זי, חיהקע דאַנציג, מיטגעשפּילט אין אַלע פּיעסן וואָס איר מאַן האָט אויפגעפירט אין בענאָני, ווו זיי זיינען זייער באַליבט ביים בענאָנער טעאַטער־עולם.

זייער פיל פון מיין דערוואָרבענעם פּרעסטיזש אַלס רעזשיסאָר האָב איך צו פאַרדאַנקען דאָס דאָזיקע פּאָרל — די דאַנציגס. ניט געקוקט וואָס זיי האָבן פאַרנומען אַ זייער חשובן אָרט אין דער טרופּע, האָט קיין מאָל ניט געטראָפן אז זיי זאָלן מיך ווידערשפּרעכן. שטענדיק געהאַלטן דיסציפּלין, זיך צוגעהערט און אויסגעפירט יעדע באַוועגונג, אויסגעפאָלגט יעדע אָנ־ווייזונג. דאָס האָט געגעבן אַ ביישפּיל פאַר אַלע איבעריקע מיטגלידער, און דאָס איז אויך געווען די סיבה פון אונדזער גרויסן דערפאָלג אויפן טעאַטער־געביט.

בכלל איז די מירער יוגנט געווען פון גאָר אַן אנדער טייג געקנאָטן, ניט ווי די יוגנט פון אנדערע שטעטלעך ווו איך בין אויסגעוואַקסן. די מירער יוגנט איז געווען אינטעליגענט, ווייל די אַרבעטער האָבן זיך שטענדיק געמישט מיט דער אינטעליגענץ. און דאָ קאָן אונדז אויך דינען אלס ביישפּיל

אונדזער דוד דאַנציג: אַ שנײדער, אָבער אַן אינטעליגענטער מענטש, פֿאַר־מאָגט אַ פֿײַנע ביבליאָטעק, האָט אַ סך געלײענט און לײענט נאָך אפילו הײַנט, ניט געקוקט װאָס דאָס לײענען קומט אים אָן מיט גרױסע שװעריקײטן צוליב זײַן שװאַכער ראיה. אַזױ איז געװען כמעט יעדער מירער יוגנטלעכער. דאָס שטעטל „דער־מיר" איז געװען פֿאַנאַטיש־רעליגיעז, הױפּטזאַכלעך צוליב דער װירקונג פֿון דער גרױסער „מירער ישיבה". אָבער די יוגנט איז דװקא געװען פּראָגרעסיװ און אװעק װײַט פֿון די דרכים פֿון זײערע טאַטעס. די מירער יוגנט האָט געלעבט װי אײן גרױסע משפּחה, און דאָס האָט אױף מיר גע־מאַכט זײער אַ שטאַרקן אײַנדרוק.

זײַענדיק אין „דער־מיר" אַ קורצע צײַט און באַקענענדיק זיך מיט דער יוגנט, מיט זײער זאָרגלאָזן צוזאַמענלעבן, מיט זײער חברישער פֿרײַנדשאַפֿט צװישן זיך, צי דאָס איז געװען אַ סטודענט, צי אַן אײנפֿאַכער אינטעליגענ־טער אַרבעטער, האָב איך זיך גיך אַרײַנגעפּאַסט אין זײער חברותא אַזױ, אַז איך האָב זיך פּשוט אַרײַנגעװאַקסן אין זײער געזעלשאַפֿט און באַשלאָסן צו מאַכן מײַן הײם אין דעם דאָזיקן שטעטל.

# ביי טרוסן אין קרעטשמע

אין „דער־מיר“ זיינען קיין האָטעלן ניט געווען.ביים אריינפאָר פון גאָראָדייע קיין „דער־מיר“ איז אָנהייב גאַס געשטאַנען „באָגאָטינס גאַסטיני־צע“. אַהער פלעגן פאַרפאָרן חשובע און געהויבענע געסט. אַ צווייטער אריינפאָר־הויז איז געווען אויפן ווינקל פון מאַרק און ווילנער־גאַס — דאָס איז געווען „טרוסעס קרעטשמע“, וואָס אחוץ אַן אריינפאָר־הויז האָט עס אויך געדינט ווי אַ קרעטשמע פאר באַלעגאָלעס. אָט דאָ טאַקע, ביי טרוסן אין דער קרעטשמע, האָב איך געדונגען אַ צימער צום שלאָפן. איך האָב אויך דאָרט געקאָנט עסן ווען נאָר איך האָב געוואָלט.

וועגן פריילעכקייט האָט מען ניט געדאַרפט זאָרגן. אין דער קרעטשמע פלעגן זיך אויפקלייבן אַלע באַלעגאָלעס פון שטעטל און דאָרט איז געווען אַ מין באַלעגאָלעשע „בירזשע“. פון דער קרעטשמע פלעגן ארויספאָרן פאַ־סאַזשירן קיין גאָראָדייע צום באַן, און באַלעגאָלעס פלעגן דאָרט ברענגען

מענטשן פון באַן. שטענדיק איז דאָרט געווען אַ טומל, אַ הו־האַ. ס׳האָט דאָרט שטענדיק געררוישט און געזשומט ווי אין אַ בינשטאָק.

מיר איז דאָרט זייער גוט געווען. איך האָב ליב געהאַט זיך צוקוקן ווי באַלעגאָלעס זיצן ארום אַ גרויסן טיש, אויף וועלכן עס איז כמעט שטענדיק געשטאַנען אַ פלאַש בראַנפן, אַ פּאָר הערינג צוגעפּראַוועטע מיט עסיק און ציבעלעס, גאַנץ אָפט אויך אַ געפּרעגלטע גאַנדז, אַ טעלער גריווענעס אָסיען־צייט און ווינטער. זומער פלעגט שוין דעם טיש באַשיינען גרינע ציבעלעס, גרינע אוגערקעס צו די הערינג און חברה באַלעגאָלעס האָבן געטרונקען, גע־געסן, זיך געווונטשן „לחיים" און דערביי דערציילט מעשיות וועגן יאַזדעס, וועגן פערד, וועגן פאַרשיידענע „פּאַרשוינען" וועמען זיי האָבן געפירט — אָבער שטענדיק רואיק און געלאַסן, ווי ארום טיש וואָלטן געזעסן לומדי תורה...

מירער באַלעגאָלעס האָבן אין גאַנצן געגנט געהאַט אַ שם פאַר אידעלע און פיינע מענטשן. ניט אומזיסט איז אומגעגאַנגען אַ ווערטל אז „אַ מירער באַלעגאָלע האָט געקאָנט זיין אין קלעצק אַ רב". איך פלעג זיך גערן צו־הערן צו זייערע מעשיות און איך האָב זיי ליב באַקומען, אָט די פשוטע, האַרציקע פאָלקס־מענטשן. זיי האָבן מיך אויך גערן געהאַט און ווייל זיי פלעגן זיך באַמיען מיך אריינצוציען אין זייערע „ליאַמעס", ווי זיי פלעגן רופן זייערע „לחיימס", האָט עס זיי זיך ניט איינגעגעבן, מחמת צו יענער צייט האָב איך נאָך ניט געוווּסט דעם טעם פון ביטערן טראָפּן. אָבער דאָס האָט מיר ניט געשטערט צו זיצן מיט זיי און איינזאַפּן אין זיך זייער פאָלקס־טימלעכקייט... דערפאַר טאַקע האָבן פיל קריטיקער זיך ארויסגעזאָגט, נאָכן איבערלייענען מיין ערשטן טייל „קלמן בולאַן", אז ניט אנדערש „מענדל טאַבאַטשניק האָט געמוזט זיין אַ באַלעגאָלע".

אין דער קרעטשמע האָב איך זיך באַקאַנט מיט מיין צוקונפטיקן שותף דוד בריסקער, וועלכער איז געווען דער איינציקער הויז־מאָלער אין שטעטל. ער איז געווען יונג, קליין אין וווּקס, דערצו נאָך אַ דאַרינקער, אַנדערש פון אַלע מאַליאַרעס וועמען איך האָב געקענט. כמעט אומעטום, אין יעדער שטעטל וווּ איך בין געווען, האָט מען געקאָנט דערקענען אַ מאַ־ליער לויט זיין הילוך און זיינע מלבושים. אַ גאַנצע וואָך פלעגן זיי אומגיין פאַרשמירט, פאַרפאַרבט, אז עס פלעגט אָנוואַרפן אַ שרעק. נאָר אויף שבת פלעגן זיי זיך ארומוואַשן, איבערטאָן און אויסזען ווי מענטשן.

סיי שבת, סיי אין דער וואָכן איז דוד בריסקער געווען אָנגעטאָן גרויס־שטאָטיש. ער פלעגט טראָגן א ריינעם גאַרניטער, אַ העמד מיט אַ שניפּס און אַ שליאַפּע — גאָר אויף אַ שטאָטישן אופן, אזוי ווי ער איז געווען גע־ווינט ארומצוגיין אין בריסק. ביי דער ארבעט פלעגט ער אויסטאָן זיינע ריינע בגדים און אָנטאָן אזוינע ספּעציעלע „תחתונים", טאַקע פארשמירטע, אָבער ער פלעגט זיי טראָגן נאָר ביי דער אַרבעט. אין גאַס פלעגט ער גיין אויסגעפּוצט, ארומגעוואַשן, אזוי ווי קיין פאַרב וואָלט גאָר אויף דער וועלט ניט געווען. מיט אים האָב איך זיך באַקאַנט און מיר האָבן זיך נאָענט באַ־פריינדעט און צום סוף געשלאָסן א שותפות, וואָס פאר אונדזביידן האָט עס געלוינט.

* * *

דוד בריסקער איז געקומען קיין „דער־מיר" מיט נאָך איניקע מאַליאַרעס פון בריסק צו מאָלן די שיינע געביידע פון דער מירער ישיבה, וואָס מען האָט נאָר וואָס אויסגעבויט. דאָס שטעטל מיט דער יוגנט איז אים, פּונקט ווי מיר, זייער געפעלן געוואָרן. אזוי ווי אין שטעטל זיינען קיין מאַליאַרעס ניט געווען, האָט ער באַשלאָסן זיך צו באַזעצן דאָ און ער האָט קיין חרטה ניט געהאַט. ער האָט געהאַט זייער א סך ארבעט — סיי זומער און אפילו ווינטער. ניט נאָר פאר אים אליין איז דאָ געווען גענוג ארבעט, נאָר עס איז געווען גענוג פאר נאָך עמעצן... ווער רעדט נאָך ווען איך האָב אים אָנ־געגעבן אין נדן אז דער פירשט אליין האָט מיר פאַרזיכערט, אז זומער־צייט וועט ער האָבן אַ סך אַרבעט פאַר מיר. דאָס האָט אים נאָך מער אָנגעלאָקט אריינצונעמען מיר פאַר זיינעם אַ שותף. אגב, האָב איך אויך אָנגעגעבן אין נדן, אז איך האָב זיך געלערנט צו מאַכן גוטע ארבעט, ווי מאָלן אין אַ פּאַלאַץ טירן וואָס זאָלן שפּיגלען ווי אַ גלאָז, איך האָב אַ גוטע ידיעה אין מאָלן עקיפּאַזשן, פאַיעטאָנען און קאַרעטעס; איך בין פּולקאָם אין מאַכן שילדן... דאָס אַלץ האָט אים אזוי אָנגעלאָקט, אז ער האָט מיר אריינגענומען אַלס אַ שותף, ווי ער וואָלט אין מיר געפונען אַן אבן־טוב — „דאָס גרויסע גע־ווינס".

אונדזער שותפות איז באמת געווען א געלונגענע. מיר זיינען געווען צופרידן איינער מיטן צווייטן. דאָס וואָס ער האָט געקענט, האָב איך ניט גע־קענט, און פאַרקערט: דאָס וואָס איך האָב געקענט, האָט ער ניט געקענט.

צום ביישפּיל, ער איז געווען אַ גרויסער בריה אין קלעפּן טאַפּעטן, וואָס איך האָב וועגן דעם קיין אַנונג ניט געהאַט. ער איז געווען אַ „מיידעם" אין קלע־טערן אויף די העכסטע ערטער, קריכן אויף גלאַטע ווענט, ווי איך האָב מורא געהאַט צו שטעלן אַ טריט... ער איז געווען אַ גרויסער בריה אין קאָלכן ווענט מיט אַזאַ משונהדיקער באַרשט, וואָס איז געווען צוגעבאַגלט צו אַ לאַנגן שטעקן און מען האָט קיין לייטער ניט געדאַרפט נוצן.

פאַר מיר איז דאָס אַלץ געווען ניי. דערפאַר פלעג איך אויסצאַצקען די טירן מיט די פענצטער. מיר האָבן געדונגען אַ קליינעם צימער, ווו איך פלעג מאַכן די שילדן. קיין ארבעט האָט אונדז ניט געפעלט, מיר האָבן גאַנץ פיין פאַרדינט און זיינען געווען צופרידן.

פון מיינע פאַרדינסטן פלעג איך אחוץ זיך קליידן אויך אַ ביסל שפּאָרן און שיקן אהיים, ווו עס איז שטענדיק נויטיק געווען. דערפאַר פלעג איך זיין אַן אָנגעלייגטער גאַסט ווען איך פלעג קומען אויף אַ יום־טוב קיין קלעצק. אַזוי האָבן מיר איבערגעשטופּט דעם ווינטער און אַ שטיק אין זומער. גע־אַרבעט אין שטעטל און אויך ביים פּירשט אין הויף, ווי ער האָט מיר צו־געזאָגט. ווען נאָר דער פּירשט פלעגט קומען אהיים, פלעגט ער שיקן נאָך מיר און אונדזער פריינדשאַפט איז ניט אָפּגעקילט געוואָרן. אַזוי האָט דאָס אָנגעהאַלטן ביזן סוף זומער 1914, ווען די ערשטע וועלט־מלחמה איז אויס־געבראָכן.

אַ חושכדיקע שטימונג האָט אַראָפּגענידערט אויפן שטעטל. אַ סך יונגע־לייט האָבן זיך געמוזט צושטעלן צום מיליטער. אין אַ צייט פון מלחמה איז שוין קיין רייד ניט געווען וועגן ארבעטן ביי אונדזער פאַך, וואָס איז שטענ־דיק געווען פאַררעכנט ווי אַ לוקסוס־זאַך. אונדזער ארבעט האָט זיך לחלוטין אָפּגעשטעלט און איך האָב געמוזט זוכן נייע פלענער ווי אַזוי זיך דורכצולעבן. דער דראַמאַטישער קרייז האָט אָבער אָנגעהאַלטן. ניט געקוקט אויף דער געפאַלענער שטימונג האָט דער קרייז געהאַלטן אין רעפּעטירן און שפּילן טעאַטער. און יידן, כדי זיך אַרויסצושלאָגן די זאָרגן פון זייערע מוחות, פלעגן קומען אין טעאַטער צו פאַרגעסן אויף איניקע שעה דעם מיש־מאַש און די מלחמה־שטימונג. אגב, האָבן מיר שטענדיק געשפּילט לטובת נויטיקע געזעלשאַפטלעכע אינסטיטוציעס, וואָס דאָס שטעטל האָט געפונען פאַר וויכטיק צו אונטערשטיצן.

# איך ווער פאַרליבט

נאָך איינער אַ פאָרשטעלונג, ווען דער טעאַטער איז שוין געווען ליידיק, בין איך געבליבן דער לעצטער הינטער די קוליסן אַראָפּנעמען דעם גרים, אין אָרדענונג ברענגען דעם רעקוויזיט און זיך איבערטאָן צו גיין אהיים. אַראָפּגייענדיק אין זאַל האָב איך געטראָפן אַ יונג מיידל זיך ארומדרייענדיק הין און צוריק אין זאַל. מיר האָבן זיך אָנגעקוקט: איך מיט אינטערעס, זי — פאַרשעמט. פאַר מיר איז געשטאַנען אַ יונג קינד — איר עלטער האָט געמוזט זיין, לויט מיין אָפּשאַצונג, ארום 15—16 יאָר — מיט אַ קיילעכדיק פּנימל, מיט רויטע בעקלעך, טיפע טונקל־ברוינע אויגן, פון וועלכע ס׳האָט ארויסגעקוקט „חכמה״. לויט איר רויטלען זיך און באַנעמונג איז קאַנטיק געווען אז דאָס האָט זי זיך דאָס ערשטע מאָל אין איר יונגן לעבן באַגעגנט פּנים אל פּנים מיט אַ יינגל...

זי האָט ניט גערעדט, נאָר פון צייט־צו־צייט אַ קוק געטאָן אויף מיר און אראָפּגעלאָזט פאַרשעמט אירע אויגן...

„קען איך אייך נעמען אהיים?״ האָב איך איבערגעריסן די שטילקייט.

„ביטע שיין!״ האָט זי זיך באַמיט צו ענטפערן מער אין דייטש ווי אין יידיש.

ס׳איז געווען שפּעט אין דער נאַכט. די גאַס איז שטיל, קיין לעבעדיקן מענטשן זעט מען ניט. איך האָב זיך אָנגענומען מיט מוט און האָב איר גע־נומען אונטערן אָרעם. זי האָט ניט פּראָטעסטירט. און אזוי האָב איך איר געבראַכט צו איר טיר.

איך האָב געפילט, אז זי וויל נאָך ניט אריינגיין אין שטוב און מיר זיי־נען געבליבן שטיין שעמעוודיק און שטיל געשוויגן, ביז זי האָט איבערגעריסן די שטילקייט:

„איר האָט זייער גוט געשפּילט היינט אָוונט. איך בין דאָס ערשטע מאָל אין מיין לעבן אויף אַ פאָרשטעלונג און אויף מיר האָט עס געמאַכט אַ שטאַרקן איינדרוק — איבערהויפּט אייער שפּילן!... דערפאַר האָב איך באַ־שלאָסן וואַרטן אויף אייך, זען ווי אזוי איר זעט אויס אין לעבן, ניט אויף דער בינע. דאָס איז די סיבה וואָס איר האָט מיך געפונען אליין אין זאַל״...

„איך דאַנק אייך פאַרן קאָמפּלימענט און פאַרן אינטערעס וואָס איר ווייזט ארויס אין מיר. איך מוז אייך אָבער זאָגן מיט מיין גאַנצער אויפריכ־

טיקייט, אַז איך בין זייער צופרידן מיט דער באַגעגעניש מיט אייך און איך האָף, אַז מיר וועלן זיך ווידער טרעפן״...

מיר האָבן נאָך לאַנג גערעדט, און ביים געזעגענען זיך האָב איך איר געקושט די האַנט, און האָב דערפילט דעם טעם פון אַ ווייכער וואַרעמקייט. דאָס ערשטע מאָל אין מיין לעבן האָט מיין האַרץ גענומען קלאַפּן שטאַר־קער ווי געוויינטלעך...

* * *

זינט יענעם אָוונט האָבן מיר זיך גענומען טרעפן זייער אָפט. מיר האָבן זיך גענומען אינטערעסירן איינער מיטן אנדערן, ביז עס איז געקומען די צייט, ווען מיר האָבן זיך שוין געמוזט טרעפן ניט נאָר אָפט, נאָר יעדן טאָג. עס האָט אונדז געצויגן איינער צום אנדערן ווי אַ מאַגנעט, אָבער מיר האָבן זיך אָנגעשטויסן אויף אַ סך שטערונגען אין אונדזער טרעפן זיך... אונדזער באַקאַנטשאַפט האָט דערווייל געמוזט זיין בסודי־סודות. איר משפּחה — איר מוטער, אירע עלטערע צוויי שוועסטער און אירע צוויי ברידער מיט זייערע משפּחות, זאָלן זיך דערפון ניט דערוויסן. ווייל אין דער אמתן, ווי קאָן עס גאָר פּאַסן, אַז זי, פייגעלע, די יינגסטע אין דער משפּחה און די באַליבטסטע מוזינקע זאָל זיך שוין אַזוי יונג פאַרדרייען מיט אַ יינגל, ווען אירע אַן עלטע־רע שוועסטער און אַן עלטערער ברודער האָבן נאָך ניט חתונה געהאַט?

איר שוועסטער וואַרט אויף אַ חתן — אַ ישיבה־בחור אָדער אַ רב. די גאַנצע משפּחה איז איינגעטונקט אין „ייחוס־אבות״. איר עלטערע שוועסטער, די חתונה געהאַטע, טראָגט זיך אַרום מיט אַ ייחוס־בריוו פון רבנים אין דער משפּחה. און דאָ — אין מיטן דרינען — זי, די יינגסטע, נאָך אַ קינד כמעט, האָט זיך פאַרדרייט מיט עפּעס אַ יינגל, אַן „אַקטיאָרשטשיק״ און נאָך עפּעס אַ מין באַלמעלאָכע ניט קיין לייטישע... ס׳וואָלט זיך באמת געטאָן חושך אין דער משפּחה!...

זי האָט דיפּלאָמאַטיש געפּועלט ביי איר מאַמען צו שלאָפן און האַלטן קאָמפּאַניע אַן עלטערע פרוי, און דאָס האָט אונדז געגעבן אַ „כשרע״ מעג־לעכקייט זיך צו טרעפן — טאַקע ביי דער פרוי, וווּ מיר פלעגן אָפּזיצן יעדן אָוונט ביז שפּעט אין דער נאַכט. די פרוי האָט געזען און געוווּסט אַז מיר זיינען ניט גלייכגילטיק איינער צום אַנדערן, אָבער זי האָט זיך ניט ווי סנדיק געמאַכט און האָט איר „קאָמפּאַניאָן״ צוגעזאָגט קיינעם וועגן דעם ניט דער־ציילן. „אַ סוד איז אַ סוד״, האָט זי אונדז פאַרזיכערט... און אַזוי איז דאָס

ביי אונדז אָנגעגאַנגען אַ גאַנץ לאַנגע צייט ביז... דער סוד האָט ביסלעכ־ווייז אָנגעהויבן אויסרינען און עס האָט צום סוף אַרויסגעפּלאַצט...

אין איר משפּחה האָט זיך אָנגעהויבן אַ „ויתרוצצו". איר ניט חתונה געהאַטער ברודער, משהל גינזבורג, וואָס איז געווען אויף אַ שטעלע אין דער נאָענטער שטעטל, גאָראָדייע, איז ספּעציעל געקומען צולויפן אהיים אַרומצוריידן דעם „פיינלעכן ענין" מיט דער משפּחה. ראשית האָט ער גע־נומען פירן אונטערהאַנדלונגען מיט זיין באַליבטער שוועסטער, מיט פייגע־לען, מיט גוטן און מיט דיפּלאָמאַטיע... אפשר וועט ער ביי איר פּועלן זי זאָל זיך מער ניט טרעפן מיט מיר. ווען ער האָט זיך איבערצייגט אַז זיין דיפּ־לאָמאַטיע העלפט ניט, איז ער אַריבער מיט בייזן. און ווען דאָס האָט אויך ניט געהאָלפן, האָט ער לחלוטין אויפגעהערט ריידן מיט איר.

עס האָט זיך געטאָן חושך! אַלע אין איר משפּחה זיינען געווען קעגן איר. מיך האָבן זיי באַטראַכט פאַר זייער ערגסטן שונא, וואָס האָט זיך מיט גוואַלד אַריינגעריסן אין זייער פאַמיליע און האָט אַריינגעבראַכט אַ „פלעק" אין זייער גאַנצער „יחוס־אבות". די איינציקע וואָס האָט זיך באַצויגן מיט ליבשאַפט צו אונדז ביידן איז געווען איר עלטערע, ניט חתונה־געהאַטע שוועסטער, מחמת זי האָט געזען און געפילט די גרויסע ליבע צווישן אונדז און האָט געוואָלט זען איר שוועסטער גליקלעך.

איר שוועסטערס פריינדשאַפט צו מיר, איר גוטע מיינונגען וועגן מיר ביי די פאַמיליע־דיסקוסיעס, האָט געבראַכט דערצו, אַז מיט דער צייט האָט די משפּחה ביסלעכווייז גענומען זיך באַציען צו מיר מיט מער פריינדשאַפט. זיי האָבן געהערט, אַז אין שטעטל האָב איך אַ גוטן נאָמען און יעדערער האָט וועגן מיר די בעסטע מיינונג. זיי האָבן זיך דערוווּסט וועגן דער באַציאונג פון פירשט צו מיר, ווי אַזוי ער פאַרברענגט מיט מיר ווי מיט זיינס אַ גלייכן. דאָס אַלץ האָט מיט דער צייט געווירקט אין דער ערשטער ריי אויף איר מאַמען, וועלכע האָט שוין גענומען ענטפערן אויף מיינע באַגריסונגען און האָט שוין גענומען מיר קוקן גלייך אין די אויגן, אָנשטאָט אָפּצוקערן איר קאָפּ ביים באַגעגענען מיך. איך האָב גענומען אין אַ יריד־טאָג אַריינקומען צו זיי אין דער מאַנופאַקטור־געשעפט אַרויסהעלפן מיט וואָס נאָר איך האָב געקאָנט. נאָכדעם האָב איך גענומען שוין אויך אַריינקומען אין די מאַרק־טעג און מיט דער צייט בין איך געוואָרן אַן אָנגענומענער גאַסט, איבערהויפּט ביי מיין געליבטערס עלטערער שוועסטער. און לסוף בין איך אָנגענומען גע־

וואָרן מיט צופרידנקייט ווי אַ גוטער, פריינדלעכער גאַסט — צוערשט אין זייער געשעפט, שפעטער האָט מיך שוין די גאַנצע משפחה אַדאָפּטירט אלס איינעם פון זייערע.

צום סוף האָט זיך איר „ירגזנדיקער" ברודער אויך איבערגעבעטן מיט זיין באַליבטער שוועסטער און אפילו געוואָרן אַ גרויסער און נאָענטער פריינד מיט מיר.

# מלחמה־ווייען

די מלחמה האָט זיך צעפלאַקערט. אונדזער שטעטל האָט דאָס גלייך דערפילט. מיט אַמאָל האָבן זיך גענומען באַווייזן דורכמאַרשירנדיקע עשאַ־לאָנען פון מיליטער — פוסגייער און רייטער — וועלכע האָבן געפירט מיט זיך פולעמיאָטן, האַרמאַטן א.ד.גל.

אונדזער שטעטל איז געוואָרן אַ סטראַטעגישער דורכגאַנג־פונקט פאַר פאַרשיידענע מיליטער אָפּטיילונגען און שפּעטער — אַן אָפּזאָץ־פּלאַץ. די מאַכט האָט די סאָלדאַטן אײַנגעקוואַרטירט אין פּריוואַטע וווינונגען. מיט דער ציווילער באַפעלקערונג האָט מען זיך לחלוטין ניט גערעכנט. מען האָט צונויפגעשפּאַרט גאַנצע משפּחות אין איינצלנע צימערן און די איבעריקע צי־מערן האָט מען באַזעצט מיט מיליטער.

מיך האָט מען געצוווּנגען אָפּצולײידיקן דאָס צימער ביי טרוסן אין קרעטשמע, וווּ איך האָב די גאַנצע צייט געלעבט — כאָטש נעם און צי זיך אַרויס אין דרויסן. אָבער אַ דאַנק מיין געליבטערס שוועסטער און זייער

מוטער, וואָס גאָט האָט זיי געבענטשט מיט אויסערגעווייינטלעכע גאָלדענע נשמות, האָבן זיי מיר אַרייַנגענומען אין זייער ענגער שטיבל, ווו די דריי פרויען האָבן געלעבט. אַזוי אַרום בין איך געוואָרן, קאָן מען זאָגן, אַן אָפּי־ציעלער מיטגליד אין זייער משפחה...

אַרבעט ביי מאָלעריי איז ווי אויסגעטריקנט געוואָרן. ווער האָט אין יענער צייט געקאָנט ליגן אין זינען צו פּוצן זייערע הייזער? איבערהויפּט ווען דאָס רוב רייכע הייזער זיינען געווען אָקופּירט פון סאָלדאַטן. די דראַמאַ־טישע סעקציע האָט אויך אין גאַנצן אָפּגעשטעלט איר טעטיקייט. אייניקע ליבהאָבער זיינען מאָביליזירט געוואָרן אין דער אַרמיי. און בכלל איז די שטימונג פאַר טעאַטער דאַן ניט געווען — ניט ביי די שפּילער און ניט ביים פּובליקום.

עס האָט זיך פאַרשפּרייט אַ קלאַנג אין שטעטל, אַז די סאָלדאַטן פון דער רעגולערער אַרמיי וואָס האָבן זיך געפונען אין שטעטל, זאָלן פאַרביטן ווערן מיט אָפּטיילונגען פון קאָזאַקן. און וואָס דאָס מיינט — קאָזאַקן אין אַ שטעטל — ווו ניינציק פּראָצענט פון אירע איינוווינער זיינען יידן?... פּאָג־ראָמען, פאַרגוואַלדיקונגען, רויבערייען און מערדערייען!... יידן, איבער־הויפּט די פירער פון שטעטל, האָבן זיך געשטעלט אויף די פיס. מען האָט געמאַכט אסיפות, געקליבן דעלעגאַציעס זאָלן גיין צו די מאַכטהאָבער, זיי זאָלן זען פאַרהיטן אַז די קאָזאַקן זאָלן לכל־הפּחות ניט מאַכן קיין פּאָגראָמען. צום סוף האָט מען באַשלאָסן, אַז אַ דעלעגאַציע זאָל גיין צום פּירשט, זיך ווענדן צו אים ער זאָל זען שוינען אונדזערע יידישע לעבנס. ווייל ווער נאָך וועט קאָנען אַזוי ווירקן ווי דער פּירשט? ער האָט דאָך געירשנט פון זיין פאָטער דעם טיטל „קאָזאַקן־אַטאַמאַן". ס'איז אויך באַשלאָסן געוואָרן, אַז איך זאָל זיין דער פירער פון דער דעלעגאַציע, דער „ראש־המדברים", נע־מענדיק אין אַכט די נאָענטע פריינדשאַפט וואָס עקסיסטירט צווישן אונדז.

* * *

איך קום אָן מיט דער דעלעגאַציע אין פּאַלאַץ. דער לאַקיי לאָזט וויסן דעם פּירשט, אַז איך מיט אַ דעלעגאַציע פון שטעטל זיינען אין פּאַלאַץ און מיר ווילן אים זען. מיר זיינען געשטאַנען ביים אַרייַנגאַנג־טיר מיט די היט־לען אין די הענט און אַלע כמעט, אויסער מיר, האָבן געציטערט פון שרעק... עפּעס אַ קלייניקייט — דער פּירשט אַליין? ווער ווייסט אין וואָס פאַר אַ שטימונג מיר וועלן אים טרעפן? דער לאַקיי קומט צוריק און בעט אונדז

אַלעמען אַרייַנגיין אין אויפנאַמס־צימער, דערקלערנדיק אַז דער פּירשט קומט גלייך אַריין אונדז זען.

איך בין שוין גרייט צו באַגעגענען מיין אַלטן, גוטן פריינד מיט אַ שמייכל. אָט הערן זיך טריט, און צו דער דערשטוינונג פון דער דעלעגאַציע, איז ער מיט אַ שמייכל צוגעגאַנגען גלייך צו מיר זיך ווענדנדיק: „דו דאַרפסט צו מיר ברענגען אַ גאַנצע דעלעגאַציע? איז שוין ניט צייט, אַז דו זאָלסט קומען צו מיר אָן צערעמאָניעס ווען דו אָדער דאָס שטעטל נויטיקט זיך אין עפּעס?"

„אייער הויכקייט", האָב איך געענטפערט, „דאָ האַנדלט זיך ניט וועגן מיינעם אַ פּערזענלעכן ענין, דאָס איז אַן אַלגעמיין שטאָטישער ענין און איבערהויפּט — אַ יידישער ענין". און איך גיב איבער אין פּרטים וועגן דעם קלאַנג, אַז קאָזאַקן קומען אין שטעטל איבערצונעמען די פונקציעס פון דער אַרמיי. „און איר פאַרשטייט דאָך ווי מיר יידן פילן... צופיל דאַרף מען דאָך אייער הויכקייט ניט אויפקלערן די סיבה פון אונדזער שרעק. מיר ווייסן אַז איר האָט דעם טיטל ‚קאָזאַקן־אַטאַמאַן', געירשט פון אייער גאָטזעליקן פאָטער, זיינען מיר איבערצייגט אַז איר זייט דער איינציקער צו וועמען מיר קענען זיך ווענדן, אין נאָמען פון אַלע יידן וואָס וווינען מיט אייער דערלויבעניש אין אייער שטעטל, מיט אַ בקשה, איר זאָלט זיך איינשטעלן פאַר אונדז און אויסהיטן אונדז פון אַ פּאָגראָם".

דעם פּירשטס פּנים איז געוואָרן ערנסט און נאָך אַ ווײַלע טראַכטן האָט ער זיך אָפּגערופן:

„איך ווייס שוין, מיינע ליבע פריינד, פון די טרויעריקע נייעס. איידער איר זייט צו מיר געקומען האָב איך שוין וועגן דעם געטראַכט און באַשלאָסן, אַז איך וועל זיך באַמיען צו טאָן פאַר אייך וויפל עס וועט נאָר זיין אין מיינע מעגלעכקייטן. די הויך־ראַנגיקע אָפיצערן וועלן זיין איינגעקוואַרטירט ביי מיר אין הויף. די אייניקע העכסטע אָפיצערן וועל איך אַריינבעמען צו זיך אין פּאַלאַץ". דאָ האָט זיך ווידער אויף זיין פּנים באַוויזן אַ לייכטער שמייכל: „איך וועל זיך מוזן אויספּוצן אין מיין ספּעציעלן קאָזאַקן־אוניפאָרם, ווי עס פּאַסט פאַר אַן ‚אַטאַמאַן'. דאָס וועט מיר געבן מער רעספּעקט אין זייערע אויגן. איך בין איבערצייגט און איך האָף, אַז מיר וועט זיך איינגעבן אָפּצוהאַלטן די קאָזאַקן פון טאָן שלעכטס מיינע יידישע שכנים פון שטעטל. איך וויל אייך אָבער פאָרויס מודיע זיין, אַז ס'וועלן געמאַכט ווערן געוויסע

פאָדערונגען מצד דער מאַכט בנוגע אײנקוואַרטירן די קאָזאַקן, בנוגע עסנ־וואַרג און פאַרשיידענע אַנדערע הצטרכותן, וואָס אַן אַרמײ דאַרף האָבן. איר פון אײער זייט זאָלט זען אויסצומיידן קאָנפליקטן מיט די קאָזאַקן און איר זאָלט אַרויסווייזן צו זײ אַ וואַרעמע, מענטשלעכע באַציאונג״.

„וועגן דעם, אײער הויכקייט, מעגט איר זיכער זיין, אז מיר פון אונדזער זייט וועלן אויספילן אַלע פאַראָרדענונגען וואָס וועט אַרויפגעלייגט ווערן אויף אונדז. צו דעם צוועק וועלן מיר אויסוויילן אַ קאָמיטעט וואָס וועט זיך ספּעציעל דערמיט פאַרנעמען״, האָט געענטפערט איינער פון אונדזערע חשובסטע באַלעבאַטים פון שטעטל, ה׳ שואל ראַזאָווסקי, דער שטאָטישער אַפּטייקער.

„אויב אזוי האָט איר ניט וואָס זיך צו זאָרגן״, האָט דער פירשט געענטפערט צופרידן. „גייט אהיים און שלאָפט רואיק. איך בין איבערצייגט, אז מיט גאָטס הילף וועט אַלץ דורכגיין בשלום אין אונדזער שטעטל, האָט ער פאַרענדיקט מיטן העברעאישן וואָרט, וואָס האָט אויף דער דעלעגאַציע געמאַכט אַ שטאַרקן איינדרוק. „אָבער אידער איר גייט וויל איך אײך בעטן אַנטשולדיקונג. איך וויל אויסנוצן די געלעגנהייט צו האָבן איניקע ווערטער מיט מיין אַלטן פריינד — האָט ער אָנגעוויזן אויף מיר — פּריוואָט. איך וועל אים פאַרהאַלטן בלויז איניקע מינוטן״. ער האָט מיר אָנגעוויזן די טיר פון אַ דערבייאיקן צימער.

ביים אַריינגיין אין צימער איז צווישן מיר מיטן פירשט פאָרגעקומען אַ קליינער סכסוך פאַר די אויגן פון דער דעלעגאַציע. ער איז דורכאויס באַשטאַנען, אז איך זאָל דער ערשטער אַריינגיין אין צימער — פאַר אים. איך האָב אזא העזה ניט געהאַט. „דו ביסט מיין גאַסט״, האָט ער מיך כמעט מיט געוואַלד דעם ערשטן אַריינגעפירט אין צווייטן צימער...

אַריינגייענדיק אין צימער האָט ער אַרויפגעלייגט זיין האַנט אויף מיין אַקסל און צו מיר געזאָגט „פאַרוואָס זאָלסטו זיך ניט אַריבערקלייבן צוריק צו מיר, כאָטש פאַר דער צייט וואָס די קאָזאַקן וועלן בלייבן אין שטעטל? ביי מיר וועסטו דאָך זיין פולשטענדיק זיכער!״

„אײער הויכקייט, איך בין איצט ניט אַליין... איך האָב שוין אַ מיידל און מיר זיינען פאַרליבט״, האָב איך זיך רויטלענדיק געענטפערט.

„טאָ ברענג דיין געליבטער מיידל אויך מיט דיר״, האָט דער פירשט גוטמוטיק און פאָטערלעך צו מיר געזאָגט.

„דאָס מיידל האָט אַ מוטער און אַ שוועסטער. זיי זיינען געווען זייער פיין צו מיר און האָבן מיך אריינגענומען צו וווינען אין זייער שטיבל".

„טאָ ברענג זיי אַלעמען אַהער. איך וועל פאר אייך פריי מאַכן אַן אַפּאַרטמענט און איר וועט זיין פאַרזאָרגט מיט אַלדאָס גוטס!"

„איך צווייפל, אייער הויכקייט, אויב אייער מענטשלעך־האַרציקער פאַרשלאַג קאָן דורכגעפירט ווערן. די דריי פרויען, מיט וועמען איך וווין צוזאַמען, זיינען אידעאַלע מענטשן. זיי וועלן ניט אנטלויפן און איבערלאָזן זייערע ברידער און שוועסטער אין צייט פון נויט. זיי וועלן זיכער וועלן טיילן דעם זעלבן גורל מיט אַלע יידן צוזאַמען".

„איך פאַרשטיי עס זייער גוט", האָט ער געזאָגט. „פונדעסטוועגן רייד איבער מיט זיי מיין פאַרשלאַג און לאָז מיר וויסן אייער באשלוס. איך בין שטענדיק גרייט דיר צו העלפן!"...

אריינקומענדיק צוריק אין צימער וווּ די דעלעגאַציע איז געווען, האָט ער מיך ווידער געצווונגען גיין דער ערשטער. די מיטגלידער פון דער דע־לעגאַציע זיינען געווען אויסער זיך פונעם כבוד וואָס אזא גרויסער מענטש ווי דער פירשט סוויאַטאָפּאָלק־מירסקי האָט מיך אָפּגעגעבן און זיך געהאַלטן מיט מיר ווי מיט זיינס אַ גליכן.

דעם פירשט׳ס פאַרזיכערונג צו דער דעלעגאַציע איז גלייך פאַרשפּרייט געוואָרן איבערן שטעטל. אַלע האָבן גענומען קוקן אויף מיר מיט גאָר אנ־דערע אויגן. א גרויסער טייל יידן פון שטעטל האָבן מיך גראַטולירט מיט אַ „מזל־טוב" און מיך געווונטשן צו האָבן דערפאָלג אין אַלץ וואָס איך וועל אונטערנעמען. מיין געליבטערס ברודער, משה׳ל גינזבורג, ווי אויך חיים זשוק, אַ פּלימעניק פון דער משפחה —ביידע געזעלשאַפטלעכע טוערס — האָבן זיך גענומען גרויסן מיט זייער פריינד, וואָס האָט ביים ווערן אַ מיט־גליד פון זייער משפחה. מיין צוקונפטיקע שוויגער און שוועגערין זיינען געווען אין זיבעטן הימל. ביי זיי בין איך געוואָרן דער העלד פון טאָג. די איינציקע וואָס האָט געשוויגן און קיין וואָרט ניט געזאָגט איז געווען מיין געליבטע, פייגעלע אליין. זי פלעגט שטענדיק האָבן פאַרגעניגן פון „אראָפּ־וואַרפן מיך, ארונטעררייסן מיך". זי פלעגט שטענדיק זאָגן, אז איך בין דער נאַרישסטער, דער מיאוסטער מאַנצביל אויף דער וועלט, אָבער זי קאָן זיך ניט העלפן, זי איז פאַרליבט אין מיר....

צום סוף האָט זיך ארויסגעוויזן, אז דער גאַנצער אויפרודער איז גע־

ווען אַ פאַלשער אַליארם. דער גאַנצער עגמת־נפש און שרעק איז געווען אַן אומזיסטער. מען האָט זיך געריכט און געריכט אויף די קאָזאַקן, מען האָט זיך געשראָקן און געציטערט פאַרן „וואָס וועט זיין ווען זיי וועלן קומען?״ און זיי האָבן אַלעמען אָפּגעטאָן אויף טערקיש און זיינען ניט געקומען. דאָס שטעטל איז אָפּגעקומען בלויז מיט שרעק. אוודאי האָבן יידן געדאַנקט און געלויבט דעם השם־יתברך פאַרן חסד וואָס ער האָט זיי געטאָן.

אויך דער פירשט איז געווען העכסט צופרידן מיטן בשלומדיקן אויס־גאַנג פונעם גאַנצן פיינלעכון ענין.

אין אַ שיינעם פרימאָרגן האָט זיך ביי אונדזער הויז אָפּגעשטעלט אַ גרויסער וואָגן אָנגעפּאַקט מיט קאַרטאָפל, אַ מתנה פאַר מיר און מיינע נאָענטע, מיר זאָלן האָבן וואָס צו עסן פאַר דער צייט ווען עס איז געווען אַ דוחק אין מעל, צוקער, קאַרטאָפל און אַנדערע לעבנס־מיטלען. איך האָב עס מיט גרויס פרייד דערהאַלטן און דורך דעם שליח געלאָזט דאַנקען דעם פירשט זייער האַרציק...

* * *

די מלחמה האַלט זיך אין צעפלאַקערן. אָט ווערט שוין באַלד צוויי יאָר ווי דער כאַר פון האַרמאַטן קלאַפּן אויס זייער טויטן־מאַרש. די רוסישע אַרמייען ווערן צעשמעטערט פון שונא און די מפּלות אויפן פראָנט מערן זיך כסדר. אַנשטאָט 21־יאָריקע, וואָס מ׳האָט ביז איצט גענומען אין מיליטער, איז אַרויס אַ נייער דעקרעט: 20־יאָריקע מוזן זיך מעלדן צום מיליטער און מלחמה־דינסט! מיינע האָפענונגען, אַז ביז איך וועל ווערן 21 יאָר וועט די מלחמה שוין זיין פאַרענדיקט, איז צערונען געוואָרן. איך האָב זיך מיט איין מאָל באַגעגנט מיט דער ווירקלעכקייט — גענומען צו ווערן אין מיליטער...

איך האָב אָנגעהייבן זוכן מיטלען ווי אַזוי באַפרייט צו ווערן פון מילי־טער. מיינער אַ באַקאַנטער האָט מיר געעצהט צו איבן זיך אַזוי, אַז איך זאָל פאַרלירן אַ צאָל (אַן אינטש) פון מיין הויך. דאַן וועל איך ניט גרייכן די הויכ־קייט־נאָרמע, וואָס דער נידעריקסטער סאָלדאַט דאַרף זיין לויטן געזעץ. איך האָב גענומען פּראַקטיצירן די איבונגען און צום סוף האָט זיך עס מיר איינגעגעבן. איך האָב דאָס געמאַכט זייער קונציק, אומבאַמערקטערהייט, און איך האָב געהאָפט אויף אַ שטיקל ישועה... אָבער אין גאַנצן זיכער צי

דאָס וועט זיין געבוג פאַר מיין באַפרייאונג פון מיליטער, בין איך ניט געווען. איך האָב גענומען זוכן און טראַכטן וועגן אַנדערע מיטלען און תחבולות, וואָס איז דאַן געווען פאַרשפּרייט צווישן דער יוגנט, כדי צו ראַטעווען זיך פון אוועקגעבן זייערע יונגע לעבנס פאַרן „צאַר ניקאָליי".

„דער פירשט"! איז מיר אַ געדאַנק ווי אַ בליץ דורכגעלאָפן אין מיין מוח. אפשר וועט ער מיר קאָנען העלפן? איך האָב דעם געדאַנק גוט דורכ־געטראַכט. און וואָס מער איך האָב דערפון געטראַכט, אַלץ מער בין איך געקומען צום באַשלוס, אַז מיין פּלאַן זיך צו טרעפן מיטן פירשט און זיין מיט אים אָפנהאַרציק און בעטן זיין הילף, איז אַ גוטער און וועט האָבן דערפאָלג... ווער באַך קאָן האָבן אַ בעסערן איינפלוס ווי דער פירשט סוויאַטאָפּאָלק־מירסקי, דער געוועזענער אינערן מיניסטער און דער איצטיקער רוסישער אַמבאַסאַדאָר אין גרויס־בריטאַניע, מיט זיין טיטל „קאָזאַקן־אַטאַמאַן"? וועל־כער רוסישער רעגירונגס־באַאַמטער וויס ניט און קען ניט אָט די פּערזענ־לעכקייט?...

איך האָב באַשלאָסן אים אָפּצושטאַטן אַ וויזיט — טאָקע אַ ניט געבעט־טענעם. און דאָס מזל האָט מיך דאָ אויך צוגעשפּילט:

איין פרימאָרגן, ווען איך בין ארויס אין ווילנער גאַס, האָב איך פון דער ווייטנס דערזען דעם פירשטס געשפּאַן מיט זיינע פיר פערד נאַשפּיץ, דער־נענטערט זיך מיר אנטקעגן. מיין האַרץ האָט מיך גענומען שטאַרקער קלאַפּן: גראָדע ווען איך האָב באַשלאָסן גיין צו אים און זיך האַלטן אַן עצה מיט אים, איז ער מיר אריינגעפאַלן אין די הענט אריין. איך בין געשווינד געלאָפן אים אנטקעגן און זיך אוועקגעשטעלט אין מיטן גאַס, אויפגעהויבן מיין רעכטע האַנט — אַ צייכן דער קוטשער זאָל אָפּשטעלן די פערד. דער קוטשער, דערזעענדיק מיך, האָט אָפּגעשטעלט דעם געשפּאַן און געמאָלדן דעם פירשט, אַז דאָס האָט ער צוליב מיר פאַרהאַלטן די פערד, אנדערש וואָלטן די פערד מיך אריבערגעפאָרן.

דער פירשט, אַן איבערגעשראָקענער, האָט מיט אַ צייכן באַוויזן איך זאָל זיך אריינזעצן מיט אים אין זיין קאַרעטע. שווער אָטעמענדיק האָב איך זיך אריינגעזעצט אין דער קאַרעטע קעגנאיבער אים.

„וואָס איז געשען? דערצייל. אַז דו האָסט מיך אָפּגעשטעלט אין מיטן גאַס מוז דאָס מסתמא זיין עפּעס אויסערגעוויינטלעך וויכטיק!"

„זייער וויכטיק, אייער הויכקייט", האָב איך אַ פאַרשוּלדיקטער געענט־

פערט. „אָבער ראשית וויל איך איך בעטן איר זאָלט מיר אנטשולדיקן פאַר אזא העזה וואָס איך האָב זיך דערלויבט".

„נו, דערציילט וועגן וואָס עס האַנדלט זיך". ער האָט אויף זיין פּנים ארויפגעצויגן זיין שטענדיקן שמייכל. „און דו ווייסט דאָך, אויב עס וועט נאָר זיין אין מיינע מעגלעכקייטן דיר צו העלפן, בין איך שטענדיק גרייט!"

מיט אַ געבראָכענער שטימע האָב איך פאַר אים אויסגעגאָסן מיין ביטער האַרץ: „עס דערנענטערן זיך די טעג ווען איך וועל זיך דאַרפן צושטעלן אין ביעסוויזש, ווו איך בין צוגעשריבן לויט מיין געבוירן שטאָט קלעצק, צו דער מיליטערישער קאָמיסיע אָנצונעמען ווערן אין מיליטער און געשיקט צו ווערן אויפן פראָנט". און איך דערציייל אים באריכות מיין לאַגע, אז איך דאַרף שטיצן מיינע עלטערן, ווי אויך פאַרלאָזן מיין געליבטער. און ווער וויל דאָס אזוי יונג גיין אויף דער מלחמה און אוועקגעבן אַ יונג לעבן? בין איך, נאָך אַ לאַנגן יישוב־הדעת מיט זיך אליין געקומען צום באַשלוס, אז „איר, אייער הויכקייט, זייט דער איינציקער מענטש אויף דער וועלט צו וועמען איך קאָן זיך אין דעם פאַל ווענדן נאָך הילף. מיין טאַטע קאָן מיך ניט העלפן. איר זייט איצט מיין טאַטע און איך ווענד זיך צו איך, אייער הויכקייט, מיך קומען צו הילף אין מיין איצטיקער נויט!"

דער פירשט האָט אַ ווײַלע געשוויגן. מיט אמאָל איז זיין פּנים באַלויכטן געוואָרן און זיך באהאַפטן מיט די גאָלדענע זונענשטראַלן, וואָס האָבן זיך אריינגעגנבעט אין דער אָפענער קאַרעטע און זיך צעשפּילט איבער זיין ברייט־צעקאַמטער באָרד.

„יאָ", האָט ער געענטפערט, „איך פאַרשטיי דיין לאַגע און איך בין זיכער, אז איך וועל דיר קאָנען העלפן". ער האָט מיר אָנגעשריבן די דאַטום ווען דער מאַרשאַלעק (פאָרזיצער) פון דער פּריסודסטווא וועט קומען צופאָרן צו אים אין פּאַלאַץ. „שטענדיק, אין די טעג פון דער פּריסודסטווא, געפינט זיך דער מאַרשאַלעק ביי מיר אין פּאַלאַץ. קום דעם זעלבן טאָג אין פּאַלאַץ גאַנץ פרי, אײדער דער מאַרשאַלעק פאָרט ארויס, וועל איך מיט אים האָבן אַ שמועס וועגן דיר. איבערהויפּט וועל איך זיך באַמיען ווירקן אויף אים, ער זאָל דיך דערלויבן זיך שטעלן צום מיליטער אין דער־מיר — אָנשטאָט אין ביעסוויזש. און אויב דאָס וועט זיך מיר איינגעבן, דאַן דאַרפסטו זיך שוין גאָרניט זאָרגן — וועסט שוין אויף דער מלחמה זיכער ניט גיין... גיי אהיים און שלאָף רואיק. גריס דיין מיידל פון מיר! אגב, איז דאָס אַן

עוולה פון דיר: דו האָסט איר נאָך ניט באַקענט מיט מיר!" און ער האָט זיך צעלאַכט.

איך האָב אים האַרציק באַדאַנקט און זיך געזעגנט מיט אים אין אַ פריילעכער שטימונג.

* * *

מיין גורל־טאָג איז געקומען. פון פאַרטאָג איז שוין דער שלאָף פון מיר אוועק. מיינע געדאַנקען זיינען פאַרנומען אין מחשבותן... וועט דער טאָג זיין מזלדיק פאַר מיר? כ'האָב זיך קוים דערוואַרט דער פרימאָרגן זאָל אָנ־הייבן גרויען. דאָס פייגלשע געזאַנג קלינגט אין מיינע אויערן ניט ווי אַלע מאָל. עפּעס הערט זיך אין זייער פריילעכן סוויסטשען ביי מיר אַ טרויערי־עריקע מינאָר באַגלייטונג. מיר, יונגע בחורים, גרייטן זיך צום פּריזיוו, צו מלחמה, צום שלאַכט־פעלד, ווו אומזיסטע לעבנס, אומזיסטע יונגע בלוטן ווערן פאַרגאָסן — און די פייגעלעך? אויך זיי גרייטן זיך, נעמען זיך אָן מיט כוח כדי אויסצוהאַלטן דעם לאַנגן וועג וואָס עס שטייט זיי פאָר: פליען אין די ווייטע, וואַרעמע לענדער.

איך נעם זיך גרייטן צו גיין צום פירשט אין פּאַלאַץ, ווו מיין גורל דאַרף געפּסקנט ווערן דעם פרימאָרגן... אָט בין איך שוין אין פּאַלאַץ. מיט אַ ציי־טערדיק האַרץ טרעף איך אָן דעם לאַקיי און בעט אים ער זאָל מעלדן דעם פירשט, אַז איך בין דאָ און איך וואַרט אויף אים. אין אַ קורצע ווײַלע אַרום באַגריסט זיך דער פירשט מיט מיר מיט זיין געוויינטלעכן שמייכל, באַרו־איקט מיך און הייסט מיר וואַרטן, ביז ער וועט זיך דורכשמועסן מיטן מאַרשאַלעק וועגן מיר.

איך וואַרט... מינוטן ציען זיך ווי אייביקייטן. אָט הערן זיך טריט. דער פירשט קומט אריין מיט א ברייטן שמייכל אויף זיין ליכטיקן פּנים, לייגט אַרויף זיין האַנט אויף מיין אַקסל און גיט פּאַטערלעך צו מיר אַ זאָג:

„זאָלסט זיך דעם טאָג פון דער מעדיצינישער קאָמיסיע צושטעלן, 9 אזייגער פרי, אין דער געביידע פון מירער מאַגיסטראַט. מען וועט דיך שוין דאָרט אויסרופן!" און מיט א פריילעכן ווונק מיט זיינע בלויע, ליכטיקע אויגן געזעגנט ער זיך מיט מיר.

איך שטיי אין דער ריי אַ נאַקעטער, צווישן די ערשטע, מיט אַלע מירער יונגעלייט — יידן און קריסטן. מען רופט אויס מיין נאָמען. מיט אַ קלאַפּנ־דיק האַרץ גיי איך צו דער וואָג זיך אָפּוועגן און דאַן צו דער מאָס. איך נויץ

אויס מיין „קונץ", כ'וועט קלענער און פאַל אראָפּ איין צאָל (אינטש) פון מיין הויך. און ווי נאָר דער „מעסטער" האָט אויסגערופן מיין וואָג און מיין מאָס, האָט זיך דער מאַרשאַלעק אָפּגערופן, אָן קיינע צערעמאָניעס: „ניע גאָ־דיען! (ניט פּאַסיק). ער גרייכט ניט די מאָס!"

דער „ניע גאָדיען" האָט אָפּגעקלונגען אין מיינע אויערן ווי געטלעכע מוזיק. און נאָך איניקע פאָרמאַליטעטן האָט מען מיך געהייסן קומען אויף מאָרגן אין דער „גמינע" (באַצירק־געגנט) וווּ איך וועל באַקומען מיין „ווייסן בילעט" (באפרייאונגס־קאַרטע).

דער שרייבער פון דער „גמינע", אַ יונגער שייגעץ מיט פאַרדרייטע שפּי־ציקע וואָנצעס, אַ באַוווסטער שונא ישראל, האָט מיך דורכגעשטאָכן מיט זיי־נע גרויע, גיפטיקע איגעלעך. איך האָב געשוויגן, קיין וואָרט ניט אַרויס־געריעדט. דער שרייבער האָט אַלע ווײַלע מיך איבערגעפרעגט ווי אַזוי איך רייד אַרויס מיין נאָמען, מיין פאַמיליע־נאָמען און האָט מיט צאָרן געקריצט מיט זיין פעדער. אָבער ער האָט זיך ניט געקאָנט העלפן. נאָכן אַרויפקלאַפּן מיט כעס דעם שטעמפּל האָט ער מיר אָפּגעגעבן מיין „ווייסן בילעט".

* * *

דערמיט האָט זיך אָבער מיין ענין מיליטער־דינסט ניט פאַרענדיקט. צי דער מאַרשאַלעק האָט פאַרגעסן איבערגעבן אין סלוצקער אויעזד (באַ־צירק), אַז אַזאַ איינער, מיט דעם און דעם נאָמען האָט זיך מיט זיין דער־לויבעניש צוגעשטעלט אין דער פּריסודסטוואַ אין „דער־מיר", אָדער דער רוצח, דער שרייבער פון דער „גמינע" האָט אונטערגעטראָגן אַ מסירהלע ווייס איך ניט. אין איינעם אַ שיינעם פרימאָרגן קומט אָן אַ מעלדונג פון דעם פּריסטאַוו פון שטעטל (מיט וועמען איך האָב, אגב, זיך שוין אויך באַפריינ־דעט), אַז איך מוז זיך תיכף ומיד מעלדן צו אים אין דער קאַנצעלאַריע. איינצלהייטן וועט ער מיר דאָרט שוין איבערגעבן...

וואָס דער פּריסטאַוו האָט מיך געדאַרפט אַזוי נויטיק, האָב איך בשום אופן ניט געקאָנט פאַרשטיין. איך ווייס אַז קיין שלעכטס האָב איך קיינעם ניט געטאָן, טאָ פאַרוואָס אַזאַ שטרענגע מעלדונג, אַז איך מוז זיך תיכף ומיד מעלדן צו אים? צופיל חקירהן זיך העלפט דאָ ניט. מ'מוז גלייך גיין און אויסגעפינען. אָט בין איך ביים פּריסטאַוו אין זיין קאַנצעלאַריע און ער לייענט מיר פאָר דעם פּריקאַז (פאַראָרדענונג), וואָס ער האָט באַקומען פון איספּראַווניק: מען זאָל מיך צושטעלן מיטן עטאַפּ (קאָנוואָי) קיין סלוצק צו

אַ געוויסער דאַטע כדי איך זאָל זיך שטעלן צו דער מיליטערישער קאָמיסיע, צי איך בין פּעאיק צו מיליטער דינסט!... א באַזונדער שטראָף דערוואַרט מיר פאַרן ניט צושטעלן זיך אין צייט צום פּריזיוו אין ניעסוויזש, צו דער פּריסטאַוו ווהין איך געהער. אָבער אַזוי ווי ער, דער פּריסטאַוו, קען מיך פּערזענלעך און ער ווייס וועגן דער פריינדשאַפט פון פירשט צו מיר, דערי־בער געטרויט ער מיר, אַז איך וועל זיך אַליין צושטעלן קיין סלוצק צו דער געהעריקער צייט און דאָרט וועט מען מיר צושטעלן צו דער מיליטערישער קאָמיסיע, ווי אויך צום געריכט און מען וועט מיך משפּטן אַלס דעזערטיר...

די וועלט איז פאַר מיר שוואַרץ געוואָרן. מיינע פיס האָבן זיך אונטער־געבראָכן און איך בין קוים דערגאַנגען אהיים. וואָס טוט מען איצט, וואָס הייבט מען אָן צו טאָן?

ניטאָ קיין ברירה! איך לויף ווידער צום פירשט מיט מיינע נייע צרות. דערזעענדיק מיין פאַרצווייפלונג, האָט דער פירשט מיך אַ ביסל באַרואיקט און האָט מיר צוגעזאָגט גלייך אָנצושרייבן אַ בריוו צום מאַרשאַלעק פון דער סלוצקער פּריסטאַוו. אינעם בריוו וועט ער געניי אויפקלערן דעם טעות, וואָס איז געמאַכט געוואָרן מיטן ניט לאָזן וויסן זיי, אַז דו האָסט זיך מיט דער דערלויבעניש פון היגן מאַרשאַלעק צוגעשטעלט צום פּריזיוו אין „דער־מיר" אָנשטאָט ניעסוויזש, און דו ביסט באַפרייט געוואָרן. ער איז זיכער אַז אויף זיין בריוו וועט מען לייגן אכט און מען וועט מיר צום געריכט ניט נעמען פאַר דער באַשולדיקונג פון דעזערטירן פון מיליטער.

אַזוי איז טאַקע געווען: איך בין געקומען קיין סלוצק, זיך צוגעשטעלט צו דער מיליטערישער קאָמיסיע און אַ צווייטן מאָל באַפרייט געוואָרן פון דעם מאַרשאַלעק אין סלוצק, מיטן אויסרייד אַז איך גרייך ניט די פולע מאָס וואָס אַ סאָלדאַט מוז האָבן. אין סלוצק האָב איך ווידער באַקומען אַ „ווייסן בילעט" — אַ צווייטע באַפרייאונג פון מיליטער־דינסט. און פאַר מיין עגמת־נפש האָב איך שפּעטער געהאַט אַ סך נחת. אויף מיין צווייטן „ווייסן בילעט" האָט זיך געראַטעוועט פון דער מלחמה מיין געליבטערס ברודער, וואָס איז מיט מיין „בילעט" אויף מיין נאָמען אוועקגעפאָרן אין טיף רוסלאַנד און איבערגעלעבט די מלחמה ביז דער רעוואָלוציע.

# די רעוואָלוציע

די מלחמה האָט זיך אַלץ מער צעצפּלאַקערט. רוסלאַנד ליידט איין מפּלה נאָך דער צווייטער. די לעבנסמיטלען ווערן פֿון טאָג אַלץ מער איינגע־שרומפּן. ניט נאָר האָט גענומען אויספֿעלן לעבנס־מיטלען פֿאַר דער ציווילער באַפֿעלקערונג, נאָר אַפֿילו אויף די פֿראָנטן, פֿאַר דער אַרמיי, האָט גענומען אויספֿעלן דאָס נויטיקסטע. צווישן די סאָלדאַטן האָבן גענומען ברויזן רע־וואָלוציאָנערע שטימונגען. די רוסישע מאַסן, אַרבעטער און פּויערים, האָבן אַראָפּגעוואָרפֿן פֿון זיך די מורא פֿאַרן צאַר און די אומצופֿרידנקייט האָט זיך גענומען פֿילן איבער גאַנץ רוסלאַנד. ס׳האָבן זיך גענומען הערן שטימען וואָס האָבן אָפֿן געפֿאָדערט ברויט און שלום.

אין לאַנד איז געוואָרן אַ פֿולשטענדיקער הונגער. די פּרייזן פֿאַר לעבנס־נויטיקע אַרטיקלען זיינען געשטיגן פֿון טאָג־צו־טאָג. איבערהויפּט פֿאַר עסנ־וואַרג, ווי אויך פֿאַר זאַלץ, קעראָסין, שוועבעלעך, לעדער, פּאַפּיראָסן און

מאַנופאַקטור. האָט עמעצער פאַרקויפט עפּעס היינט, האָט ער פאַר דעם זעלבן אַרטיקל אין אַ פּאָר טעג אַרום שוין געמוזט צאָלן צוויי מאָל אַזוי פיל ווי ער האָט עס פאַרקויפט. די אומצופרידנקייט מיט דער צאַרישער רעגירונג און די מפּלות אויפן פראָנט האָט דערגרייכט דעם העכסטן קלימאַקס און די רעוואָלוציע איז ספּאָנטאַן אויסגעבראָכן...

די ליבעראַלע און דעמאָקראַטישע פירער אין רוסלאַנד האָבן זיך פאַראייניקט און זיינען צוגעשטאַנען צו די רעוואָלוציאָנערע אַרמייען, און עס איז געשאַפן געוואָרן אַ צייטווייליקע דעמאָקראַטישע רעגירונג מיטן ליבעראַלן דעפּוטאַט קערענסקי בראש. מען האָט ווידער צוזאַמענגערופן די „דומע" (פּאַרלאַמענט), וואָס דער צאַר ניקאָליי האָט פריער צעטריבן...

יידן האָבן אויפגעהייבן זייערע קעפּ, פרייער אָפּגעאָטעמט און זיך אַריינגעוואָרפן אין די רייען פון די רעוואָלוציאָנערן. צווישן די פירער פון דער רעוואָלוציע זיינען מערסטנטייל געווען יידישע נעמען. און וואָס איז דער וווּנדער? נאָך אַזוי פיל יאָרן פון זיין אונטערדריקט, רעכטלאָז, לעבן אין שרעק פאַר פּאָגראָמען און עלילת־דם בילבולים, האָט אַ שטראַל פון פרייהייט און גלייכהייט זיך דורכגעבראָכן דורך די פאַרוואָלקנטע הימלען פון רוסלאַנד. דער חלום פון די יידישע סאָציאַליסטן הייבט אָן צו ווערן אַ ווירקלעכקייט... אפילו בירגערלעכע עלעמענטן האָבן זיך דערנענטערט צו די רעוואָלוציאָנערן און דעמאָנסטרירט צוזאַמען, אָן אונטערשייד — ייד, קריסט, ציווילע באַפעלקערונג, אַרמיי־אָפּטיילונגען. אַלע האָבן געיובלט.

דאָס צוריקגעשטאַנענע רוסלאַנד איז געשטאַנען אויפן וועג פון אַ נייער צוקונפט. די פּאָליציי פון שטעטל, מיטן פּריסטאַוו בראש, זיינען פאַרשוווּנדן געוואָרן און קיינער האָט ניט געוווּסט ווו זיי זיינען נעלם געוואָרן... דאָס שטעטל איז געבליבן אויף הפקר. אָבער גלייך האָט זיך פאָרמירט אַ מיליץ פון דער שטעטלדיקער יוגנט, וואָס איז באַשטאַנען פון יידישע און קריסטלעכע יוגנטלעכע, וואָס האָבן טאָג און נאַכט פּאַטרולירט די גאַסן.

די דאָזיקע לאַגע האָט לאַנג ניט אָנגעהאַלטן. פון אַלע עקן וועלט, ווי אויך פון סיביר, האָבן גענומען זיך צוריקקערן צוריק קיין רוסלאַנד פאַרשיקטע, וואָס זיינען פאַרמשפּט געוואָרן דורך דעם צאַר פאַר פּאָליטישע פאַרברעכנס. לענין איז צוריקגעקומען פון דער שווייץ און לעאָן טראָצקי איז אָנגעקומען פון אַמעריקע. אין אַלע גרויסע שטעט האָבן צענדליקער טויזנטער אַרבעטער און סאָלדאַטן דעמאָנסטרירט. די כוואַליע פון דער רעוואָלו־

ציע האָט ארומגעכאַפּט גאַנץ רוסלאַנד. אויך אונדזער שטעטל האָט זיך אריינגעוואָרפן אין די דעמאָנסטראַציעס. מען האָט געניית רויטע פענער, גע־דרוקט סאָציאַליסטישע לאָזונגען און אַלע צוזאַמען, ווי איין משפחה, האָבן מאַרשירט אין די גאַסן, זינגענדיק רעוואָלוציאָנערע לידער. אזוי ווי ביי אונדז אין שטעטל איז געווען איינגעקוואַרטירט די 16טע ארמיי, האָבן מיר זיך געווענדט צו די העכערע אָפיצערן זיי זאָלן אונדז באהילפיק זיין אין האַלטן אָרדענונג אין שטעטל צוזאַמען מיט דער מיליץ.

גיך איז אָבער געקומען דער סוף צו דער צייטווייליקער דעמאָקראַטיע. לענין און טראָצקי האָבן פאַרכאַפּט די מאַכט און האָבן צעטריבן די דע־מאָקראַטישע „דומע". אָנשטאָט דעם האָבן זיי איינגעפירט ראַטן פון ארבע־טער, פויערים און סאָלדאַטן און אָנשטאָט אַ סאָציאַליסטיש־דעמאָקראַטישע אָרדענונג איז געשאַפן געוואָרן — אַ קאָמוניסטישע דיקטאַטור...

* * *

עס האָט זיך אנטוויקלט א קאַמף צווישן די סאָציאַליסטן־באָלשעוויקעס (קאָמוניסטן) און סאָציאַליסטן־מענשעוויקעס (סאָציאַל־דעמאָקראַטן). פון פעטראָגראַד זיינען אראָפּגעשיקט געוואָרן ספּעציעלע קאָמוניסטישע אַגיטאָ־טאָרן, וואָס האָבן אָרגאַניזירט אַ צוזאַמענפאָר פון דעלעגאַטן פון איניקע ארמייען. דער צוזאַמענפאָר איז פאָרגעקומען ביי אונדז אין שטעטל, אין גרויסן בית־מדרש. זעקס טעג — פון זונטיק ביז פרייטיק — איז דער בית־מדרש געוואָרן אָקופּירט פון די דעלעגאַטן פון די אַרמייען. די ווייבערשע גאַלעריע איז אָפּגעגעבן געוואָרן פאַר דער ציווילער באַפעלקערונג. דער גאַנצער בית־מדרש איז געווען געפּאַקט מיט דעלעגאַטן. לינקס פון ארון־קודש האָט פאַרנומען די באָלשעוויסטישע פראַקציע, און רעכטס — די מענ־שעוויקעס. די דיסקוסיעס האָבן אָנגעהאַלטן פון זונטיק ביז פרייטיק נאָך האַלבן טאָג. האָט גערעדט אַ קאָמוניסט, האָט זיך געדאַכט אז אַלע דעלעגאַטן זיינען איינשטימיק מיט אים. האָט אָבער גלייך נאָך אים גערעדט א סאָציאַל־דעמאָקראַט, האָט ער אַלע דעלעגאַטן אריבערגעצויגן אויף זיין זייט. אזוי זיינען פאַר גאַנצע פינף און אַ האַלב טעג פאָרגעקומען זייער אינטערעסאַנטע און באַלערנדיקע טעאָרעטישע דיסקוסיעס.

די ציווילע אין דער ווייבערשער שול האָבן זיך ניט געקענט אוועק־רייסן אויף קיין איין מינוט פון דעם צוזאַמענפאָר. זיי זיינען געזעסן ווי צוגעשמידטע, פאַרגאַפטע מיט אָפענע מיילער און געלערנט סאָציאַליזם און

קאָמוניזם. זיי האָבן זיך ניט פאַרגונען צו גיין עסן כדי מען זאָל, חס־ושלום, עפּעס ניט דורכלאָזן. וואָס מער דער צוזאַמענפאַר האָט זיך געצויגן, אַלץ מיט מער אינטערעס זיינען מיר אריינגעוואַקסן אין די דעבאַטן. און באמת — די בעסטע און פּעאיקסטע רעדנער פון דער רעוואָלוציע האָבן פאַר אונדז געמאָלן פאַרביקע בילדער פון אַ העלער און גליקלעכער צוקונפט. און איך מוז פעסטשטעלן, אז ביז יענעם צוזאַמענפאַר האָט נאָך קיין איינער פון אונדזערע ציווילע — פון די פאַרשיידענע סאָציאַליסטישע שאַטירונגען — קיינמאָל ניט געהערט פון דער קאָמוניסטישער אידעע. מיטן סאָציאַליזם זיינען מיר מער אָדער ווייניקער געווען באַקאַנט. אָבער ווען א באָלשעוויסטישער רעדנער פלעגט פאַרנעמען די פּלאַטפאָרמע און אָנהייבן ריידן מיט אזוי פיל פּאַטאָס, מיט אזוי פיל איבערצייגונג, פלעגן די מערהייט פון אונדזערע סימפּאַטיעס זיין מיט אים...

די לעצטע שעהן פון צוזאַמענפאַר דערנענטערן זיך. מען לייענט אריינגעבראַכטע רעזאָלוציעס פוןביידע פּאַרטייען און אַט קומט שוין דער קלימאַקס: צוויי לעצטע רעדנער — איינער פאַר די מענשעוויקעס און אייגער פאַר די באָלשעוויקעס — דאַרפן שליסן די דיסקוסיעס פאַרן אָפּשטימען וועלכע ריכטונג דער צוזאַמענפאַר זאָל אָננעמען. ווייל מיט דער אָפּשטימונג פון די רעזאָלוציעס איז, מעגלעך, געהאַנגען דער צוקונפטיקער גורל פון רוסלאַנד. דער מענשעוויסטישער רעדנער האָט פאַרענדיקט און דער פּאָרזיצער מעלדעט אז „דער לעצטער רעדנער פאַר דער באָלשעוויסטישער פראַקציע באקומט דאָס וואָרט דער חבר דערעזשינסקי״.

דער חבר דערעזשינסקי, וואָס האָט פאַר די גאַנצע פינף טעג פון צוזאַמענפאַר זיין מויל ניט געעפנט, נאָר געזעסן אין אַ ווינקל און פאַרצייכנט נאָטיצן, האָט פאַרנומען די פּלאַטפאָרם. אַלעמענס אויגן זיינען געווען געווענדעט צו אים מיט נייגעריקייט און וווּנדער: ווער איז ער דאָס אַזעלכער, וואָס באַוויזט זיך דאָס ערשטע מאָל אויף דער פּלאַטפאָרם?.. אָנגעטאָן אין ציווילע קליידער — א סימן, אז ער איז געשיקט געוואָרן פון דער צענטראַלע, און דאָס האָט ארויסגערופן נאָך מער אינטערעס...

אין בית־מדרש איז געווען שטיל, טאַקע ווי יום־כיפּור צו נעילה און דער חבר דערעזשינסקי האָט אָנגעהויבן זיין רעדע. לכתחילה האָט ער גערעדט שטיל, רואיק און געלאַסן, גאָר ניט ווי זיינע חברים באָלשעוויקעס, וואָס פלעגן פאַרנעמען די פּלאַטפאָרם און גלייך אָנפאַלן מיט געשרייען און זיד־

לערייען אויפן קעגנערישן צד, אויף די סאָציאַליסטישע קאָנטער־רעוואָלו־ציאָנערן אין וועלכע זיי האָבן אריינגענומען די סאָציאַל־דעמאָקראַטן, די סאָ־ציאַליסטן־רעוואָלוציאָנערן, די פוילישע פּ.פּ.ס., דעם יידישן „בונד" און אנד. די גאַנצע צייט פון צוזאַמענפאַר האָט מען געקענט הערן זייער וויניק טע־אָרעטיקער פון דעם לינקן קאָמוניסטישן פליגל. אָבער דער לעצטער רעד־נער, דער חבר דערזשינסקי, האָט גלייך פון אָנהייב פון זיין רעדע פאַרכאַפּט די אויפמערקזאַמקייט פון אַלע דעלעגאַטן — פון לינקס ווי אויך פון רעכטס. וואָס ווייטער ער האָט גערעדט, אלץ מער איז דער גרויסער עולם געוועזן פאַרגאַפט. שפּעטער־צו האָט ער זיך צעוואָרעמט און האָט גענומען פונאַנ־דערוויקלען די גאַנצע קאָמוניסטישע טעאָריע, ווי קאַרל מאַרקס האָט דאָס פאַרשטאַנען. ער האָט געמאָלט פאַנטאַסטישע צויבער־בילדער פון דער צו־קונפט, אויב נאָר די קאָמוניסטן וועלן קומען צו דער מאַכט. ער האָט פשוט אויסגעמאָלן דעם „גן־עדן" אויף דער ערד, ווען די קאָמוניסטן, מיט דער הילף פון דער ארמיי, וועלן איבערנעמען די אָנפירונג פון רוסלאַנד.

גאַנצע צוויי שעה האָט ער גערעדט. קיין איינער, סיי פון די דעלעגאַטן און סיי פון דער ציווילער באַפעלקערונג וועלכע האָט איבערפולט די גאַלע־ריע, האָבן זיך פון אָרט ניט גערירט. אלע זיינען געזעסן ווי צוגעשמידט צו זייערע ערטער, אזוי ווי מומיעס אויסגעקנאָטענע פון אַ סקולפּטאָרס האַנט. יעדערער האָט אינסטינקטיוו געפילט וואָס פאַר אַ באַשלוס דער צוזאַמענפאָר וועט אָננעמען. און טאַקע אַ דאַנק דערזשינסקין, וואָס האָט מיט זיין באַ־גייסטערטער צוויי־שעהדיקער רעדע אריבערגעצויגן אַ סך שטימען פון דער רעכטער פראַקציע, איז די באָלשעוויסטישע רעזאָלוציע אָנגענומען געוואָרן מיט א באַדייטנדיקער מערהייט.

* * *

וואָלט רוסלאַנד געגאַנגען אויף דעם וועג ווי דער חבר דערזשינסקי האָט געמאָלן, וואָלט אפשר רוסלאַנד טאַקע געוואָרן דאָס ערשטע לאַנד, ווו עס וואָלט געהערשט דער „גן־עדן" אויף דער ערד. און עס וואָלט אפשר מקוים געוואָרן ישעיהו הנביאס נבואה: „ושכב זאב עם כבש". אָבער רוס־לאַנד האָט זיך פאַרנומען פונקט אין דער פאַרקערטער ריכטונג.

לענינ'ן און טראָצקי זיינען געקומען צום באַשלוס, אז קודם כל מוז מען אָפּרייניקן און באַפרייען דאָס לאַנד פון אַלע קעגנער פון דער רעוואָלוציע. אונטערן באַגריף „קעגנער" האָבן זיי אריינגענומען אַלעמען: קאַפּיטאַליסטן,

דאָרפישע „קולאַקעס״ (רייכע פּויערים) און אַלע פאַרשיידענע סאָציאַליסטישע פּאַרטייען, װעלכע זיינען ניט געװען איינשטימיק מיט דער באָלשעװיסטישער אידעע. מיטן טערמין „רייניקן״ האָט מען געמיינט פּשוט: „אװעקשטעלן צום װאַנט״, צעשיסן, פאַרשיקן אין סיביר, פאַרפּייניקן און אַנדערע טויט־מיטלען. און טאַקע דער אויבן־דערמאָנטער באַצויבערנדיקער רעדנער פון דער אַרמיי־קאָנפערענץ, דער חבר דזערזשינסקי, איז באַשטימט געװאָרן פאַרן הויפּט־„תליין״ פון די מערדערס.

די צייטװייליקע דעמאָקראַטישע „דומע״, מיטן ליבעראַלן קערענסקין בראש, האָבן די באָלשעװיקעס מיט דער מאַכט פון באַגנעטן צעטריבן. אויף זייער אָרט האָבן זיך געבילדעט ראַטן פון סאָלדאַטן, אַרבעטער און פּויערים. אין יעדער שטאָט און שטעטל זיינען פון די נייע מאַכט־האָבער, פון װעלכע לענין און טראָצקי זיינען געװען די פירער, באַשטימט געװאָרן רעװאָלוציאָנערע קאָמיטעטן („רעװקאָמען״). װעגן קלייבן דעפּוטאַטן פון די „רעװקאָמען״ אויף דעמאָקראַטישע יסודות, איז קיין רייד ניט געװען. אַנשטאָט דעם האָט זיך געשאַפן אַ „דיקטאַטור פון פּראָלעטאַריאַט״.

די ערשטע צייט זיינען טאַקע אין די „רעװקאָמען״ אַריינגעטראָטן ערנסטע סאָציאַליסטן. אָבער ביסלעכװייז האָט די גאַנצע „דיקטאַטור פון פּראָלעטאַריאַט״ געגומען אָפּװייכן פון דעם אמתן סאָציאַליזם און פון דעם „פּאַנטאַזיע־קאָמוניזם״. פאַר די מער ערנסטע און אמתע סאָציאַליסטן זיינען די „רעװקאָמען״ געװאָרן ענג, ביז זיי זיינען אין גאַנצן באַזייטיקט געװאָרן פון דער אָנפירונג און די מאַכט איז געבליבן ביי די װייניק באַװוסטזיניקע אַרבעטער, װעלכע האָבן מיטן כח פון קולאַק און פון דער ביקס גענומען פירן און דערפירט רוסלאַנד צו אַ נייער דיקטאַטור, נאָך אַן ערגערע װי די רוסלאַנד אונטערן צאַר.

* * *

אַלס ביישפּיל פון די ערשטע „רעװקאָמען״, פון זייערע ערנסטע, טאַקטישע אויפטוען קאָן דינען דער פאָלגנדיקער עפּיזאָד, װאָס איז פאָרגעקומען ביי אונדז אין שטעטל:

אונדזער „רעװקאָם״ איז באַשטאַנען פון באַװוסטזיניקע סאָציאַליסטן, אויסגעקליבן פון דער אַרמיי, צוזאַמען מיט אַ צוגאָב פון דער שטעטלדיקער ציװילער באַפעלקערונג, פון װעלכע דער שרייבער פון די שורות איז אויך קאָאָפּטירט געװאָרן. איך האָב אין יענער צייט אַרויסגעװיזן זייער אַ סך

איניציאַטיוו אין דער אַרבעט פון „רעווקאָם". ביים אָנהייב פון דער רעוואָ־לוציע איז אַלץ געווען אין אַ כאַאָטישער לאַגע. די נויטיקסטע לעבנס־מיטלען ווי מעל, צוקער, גאַזע, זאַלץ און אַנדערע לעבנס־נויטיקע אַרטיקלען האָבן אויסגעפעלט, ווייל אַ סך קרעמער האָבן אויסבאַהאַלטן די סחורות אין די קעלערן, כדי אַרויסצופירן די דערמאָנטע אַרטיקלען אין די גרעסערע שטעט, וווּ מען האָט געקאָנט קריגן זייער הויכע פּרייזן. די גרעסטע מערהייט פון שטעטל איז געבליבן אָן ברויט, אָן פּוטער, אָן באַלייכטונג און אָן זאַלץ. עס איז פּשוט געוואָרן אַ הונגער אין שטעטל. מענטשן זיינען געקומען מיט געוויינען צום „רעווקאָם" מען זאָל זיי ראַטעווען, מען זאָל עפּעס טאָן... ווייל אַזוי קאָן עס ווייטער ניט אָנגיין.

די לאַגע איז געוואָרן ערגער פון טאָג־צו־טאָג. מיר האָבן צונויפגערופן אַ דרינגענדע זיצונג צו באַהאַנדלען די זייער ערנסטע לאַגע. און ווי געזאָגט, האָט דאָן קיין ענערגיע און איניציאַטיוו מיך ניט געפעלט, האָט דער „רעוו־קאָם", נאָך לאַנגע דעבאַטן די גאַנצע אָנגעווייטיקטע פראַגע איינשטימיק איבערגעגעבן צו מיר, מיט די נויטיקע פולמאַכטן אין מיין רשות. איך האָב דעם ענין אָנגענומען...

איך האָב געוווּסט, אַז שבת צו נאַכט נאָך הבדלה ווערן גאַנצע אָבאָזן מיט לעבנס־מיטלען אַרויסגעפירט פון שטעטל. האָב איך צוגעגרייט אַן אָפּענסיווע אויף די „אָבאָזניקעס". אויף אַלע אַרויספאָר וועגן פון שטעטל זיינען אוועקגעשטעלט געוואָרן באַוואָפנטע פּאַטרולן, וועלכע האָבן געדאַרפט אָפּשטעלן די אָבאָזן און ברענגען זיי צו אַ באַשטימטער דעפּאָ, וווּ דאָרט וועט מען אויסלאָדן די סחורות, פאַרשרייבן יעדן אַרטיקל צו וועמען עס געהערט און די פּרייזן וויפל יעדער האָט געצאָלט פאַר די אַרטיקלען, און אַרויסגעבן זיי קוויטירונגען.

יענע נאַכט זיינען מיר ניט געשלאָפן. מיר האָבן צוגענומען די געבראַכ־טע סחורות, אַרויסגעגעבן די געהעריקע קוויטאַנציעס צו וועמען יעדער אַר־טיקל האָט געהערט, אָפּגעצייכנט די פּרייזן פון די סחורות און אָפּגעע־שטעמפּלט מיטן שטעמפּל פון „רעווקאָם".

דער דעפּאָ איז גיך פול געוואָרן מיט לעבנס־נויטיקע אַרטיקלען. גענוג געווען צו פאַרטיילן דאָס גאַנצע שטעטל. און דאָס האָבן מיר טאַקע געטאָן. מיר האָבן אויסגעקלעפּט מעלדונגען אין שטעטל, אַז אין דעפּאָ ווערט פאַר־טיילט לעבנס־נויטיקע אַרטיקלען פאַר ביליקע פּרייזן, אָן רווחים. אַזוי האָבן

אַלע, און אין דער ערשטער ריי די אָרעמע, באַקומען פּראָדוקטן פאַר גאָר ביליקע פּרייזן...

די קרעמער, צו וועמען עס האָבן געהערט די פּראָדוקטן, האָבן מורא געהאַט צו פּראָטעסטירן. זיי זיינען געווען צופרידן, אַז זיי האָבן באַקומען אויסגעצאָלט פאַר זייערע סחורות און אָפּגעקומען אָן אַ שטראָף פאַר ספּעקולירן מיט לעבנס־נויטיקע פּראָדוקטן.

דאָס שטעטל האָט געקאָכט. דער גרעסטער טייל פון דער באַפעלקערונג האָט אונדז געלויבט פאַר דעם איינפאַל, און די באַלעבאַטים האָט מען באַצאָלט זייער געלט — אָן ריווח. אַזוי האָט אונדזער „רעווקאָם" געגומען נושא־חן זיין ביי דער באַפעלקערונג — ביי יידן און קריסטן — און איז געוואָרן אַלץ מער און מער פּאָפּולער. דאָס איז אָבער געווען אין אָנפאַנג פון דער רעוואָלוציע. ביסלעכווייז זיינען די מער ערנסטע און באַוווסטזיניקע מיטגלידער באַזייטיקט געוואָרן פון די „רעווקאָמען" און זייערע ערטער זיינען פאַרנומען געוואָרן מיט אַ סך ניט־געוווּנטשענע עלעמענטן.

* * *

אין שטעטל האָבן זיך פאַרשפּרייט קלאַנגען, אַז די דייטשן האָבן געעפנט דעם פראָנט, זיי דרינגען אריין טיפער און רוסלאַנד, און גרייטן זיך צו אָקופּירן אונדזערע געגנטן. די קלאַנגען זיינען באַשטעטיקט געוואָרן. די דייטשע ארמייען האָבן זיך גענומען רירן פון זייערע פּאָזיציעס, ווו זיי זיינען געשטאַנען זייער אַ לאַנגע צייט. זיי האָבן אויסגענוצט די רוסישע רעוואָלוציע פאַר זייער טובה וועגן. זיי האָבן געוווּסט אַז די רוסישע ארמיי איז דיסאָרגאַניזירט. רוסישע סאָלדאַטן האָבן גענומען דעזערטירן פון זייערע איינהייטן. איבער גאַנצע רוסלאַנד האָט מען געקענט זען באַנדעס סאָלדאַטן־דעזערטירן. זיי האָבן זיך געצויגן ווער אהיים צו טאַטע־מאַמע, ווער צו ווייב און קינד, ווער צו אַ געליבטער. די ארמיי איז געוואָרן כאַאָטיש און איז ניט געווען פעאיק מער צו שטעלן דעם קלענסטן ווידערשטאַנד די דייטשן, וועלכע האָבן דעם כאַאָס אויסגענוצט, און אָן אַ ווידערשטאַנד גענומען פאַרנעמען גאַנצע רוסישע געביטן.

די אַרמיי וואָס איז געווען איינגעקוואַרטירט ביי אונדז אין שטעטל האָט זיך גענומען עוואַקואירן. אויפן לעצטן זיצונג פון „רעווקאָם", איידער זיי האָבן פאַרלאָזן אונדזער שטעטל, האָבן זיי איינשטימיק — אין מיין אָפּוועזנהייט, ווייל גראָדע בין איך יענעם אָוונט געווען פאַרנומען מיט אַן אַנדער

וויכטיקער זיצונג — מיך אויסגעקליבן פאַרן פאַרזיצער פון „רעווקאָם״, וואָס איז איצט אריבער אין ציווילע הענט. די אָנפירונג פון אונדזער שטעטל איז איבערגעגעבן געוואָרן אין מיינע הענט. דאָס ערשטע מאָל אין מיין לעבן איז אויף מיינע יונגע פלייצעס ארויפגעלייגט געוואָרן אזא פאראנטוואָרט־לעכער פאָסטן ווי פאַרזיצער פונעם רעוואָלוציאָנערן קאָמיטעט (פרעדסע־דאַטעל רעווקאָמא).

די אָפּטרעטנדיקע ארמיי האָט איבערגעלאָזן אין אונדזער רשות אַ גאַנץ באַדייטנדיקע צאָל ביקסן מיט אמוניציע. מיר האָבן געשאַפן אַ צייטווייליקע מיליץ, וואָס איז געווען באַוואָפנט און געהאַלטן אָרדענונג אין שטעטל.

מיר האָבן געטאָן אלץ אין אונדזערע מעגלעכקייטן, אז קיין עוולות זאָלן ניט באַגאַנגען ווערן אין דער איבערגאַנגס־צייט, ביז אַ געהעריקע מאַכט וועט איינגעשטעלט ווערן. אונדזערע אויגן זיינען געווען אָפן אָפּצוהיטן, אז כוליגאַנעס — איבערהויפּט אנטיסעמיטן — זאָלן זיך ניט פארגלוסטן צו ראַבירן יידיש האָב און גוטס. און עס האָט זיך אונדז איינגעגעבן.

פאַר דער קורצער צייט פון אונדזער רעגירן אין שטעטל האָבן מיר באַקומען א גוטן נאָמען ניט נאָר צווישן יידן, נאָר אפילו צווישן קריסטן. אונדזער פּאָפּולאַריטעט איז דערגאַנגען אזוי וויט, אז מען פלעגט קומען צו אונדז מיר זאָלן אויסגלייכן סיכסוכים — אפילו צווישן מאַן און ווייב. אונדזער אָנגעשטרענגטע ארבעט האָט צו לאַנג ניט אָנגעהאַלטן. אין שטעטל זיינען אָנגעקומען די דייטשן און זיי האָבן איבערגענומען פון אונדז די אָנפירונג.

דאָס ערשטע האָבן זיי אונדז, די מיטגלידער פון דעם ביי־געשאַפענעם „רעווקאָם״ געשיקט רופן, אלס פאַרשטייער פון שטעטל. זיי האָבן אונדז אויפגענומען זייער פריינדלעך, ווי נאָר דייטשן קענען. די ערשטע פאָדערונג צו אונדז איז געווען, מיר זאָלן זיי איבערגעבן דאָס גאַנצע געווען מיט דער אמוניציע וואָס מיר האָבן. דאָס איז גלייך דערפילט געוואָרן. זיי האָבן דאַן באַשטימט אַ יידישן בירגער־מייסטער און דעם „רעווקאָם״ האָבן זיי פונאַנ־דערגעלאָזן. פון מיינע פלייצעס איז אראָפּגענומען געוואָרן זייער א גרויסער יאָך, און איך האָב פרייער אָפּגעאָטעמט.

* * *

די לאַגע אין שטעטל אונטער דער דייטשער הערשאַפט האָט זיך א סך פארבעסערט. ס׳האָבן זיך גענומען באַווייזן לעבנס־מיטלען. די דייטשן האָבן

געוואוינט ארויסגעבן דערלויבענישן צו פאָרן אין די גרעסערע שטעט ווי וואַרשע, ביאַליסטאָק איינצוקויפן סחורה. ס'האָט זיך ווידער אָנגעהויבן דער האַנדל. א טייל סוחרים האָבן אפילו געוואוינט גוט פאַרדינען און יידישע קרע־מער און סוחרים האָבן געבעטן גאָט, אז די לאַגע זאָל אזוי אָנהאַלטן וואָס לענגער. ווייל אונטער די דייטשן איז מען געווען אַ סך זיכערער, אויב נאָר מען האָט ארויסגעפילט זייערע באַפעלן. אָבער ווי איז געווען צו יענעם, וועל־כער האָט עובר געווען דאָס געזעץ און האָט זיך פאַרזינדיקט! יענעם האָבן שוין די דייטשן ניט געשוינט... און שוין דאַן, נאָך אין יענע יאָרן, האָבן די דייטשן אזא איינעם געוויזן וואָס זיי קענען און צו וואָס זיי זיינען פעאיק. ווען אַזאַ איינער איז ארויס פון זייערע הענט מיט גאַנצע גלידער, איז ער געווען געבויט פון אייזן, אָדער אַ נס האָט מיט אים פּאַסירט. זייער פייניקן די קרבנות זייערע איז שוין דאַן געווען ניט קיין מענטשלעכע.

די לאַגע האָט אזוי אָנגעהאַלטן ביז דעם בריסקער שלום־אָפּמאַך צווישן די דייטשן מיט די באָלשעוויקעס. די דייטשן האָבן זיך צוריקגעצויגן פון אונדזער געגנט און די באָלשעוויקעס האָבן ווידער פאַרנומען די מאַכט ביי אונדז אין שטעטל, שוין מער איינגעפעסטיקטע און מיט א ביסל מער דער־פאַרונג. זיי האָבן באשטימט קאָמיסאַרן אין שטעטל און ס'האָט זיך אָנגע־הייבן אַ סדרה מיט נייע פאַראָרדענונגען, נייע באַפעלן, און אויך — נייע ארעסטן.

מיר, די געוועזענע מיטגלידער פון „רעווקאָם", האָבן זיך צוריקגעצויגן פון פּאָליטיק. מיר האָבן דערפילט, אז דער קאָמוניזם האָט זיך פאַרנומען אויף גאָר אַנדערע, ניט געוואונטשענע וועגן.

איך האָב זיך געוואוינט אָפּגעבן בלויז מיט קולטור־ארבעט, א טעטיקייט וואָס האָט ביי דער נייער מאַכט ארויסגערופן סימפּאַטיע און זי האָט דאָס אונטערשטיצט. למען האמת מוז מען זאָגן, אז די ערשטע צייט פון דער קאָמוניסטישער דיקטאַטור האָבן זיי ניט נאָר אונטערשטיצט קולטור־אינס־טיטוציעס, נאָר זיי האָבן זיך אפילו געוואוינט ארויסצוראָטן דעם „אַנאַלפאַבע־טיזם" און אויך בויען נייע קולטור־מוסדות. אזוי ווי לויטן צייטווייליקן שלום־אָפּמאַך איז אונדזער שטעטל ווידער געוואָרן אַ פראָנט־ליניע און די 16טע ארמיי האָט זיך צוריקגעקערט צו אירע פריערדיקע פּאָזיציעס, האָט די מאַכט אויסגעבויט ספּעציעל פאַר דער ארמיי (ווי איך האָב שוין דערמאָנט אין אַ פריערדיקן קאַפּיטל) אַ פּראָוויזאָרישע טעאַטער־געביידע און מען האָט

אַראָפּגעבראַכט דעם מאָסקווער קונסט־טעאַטער צו באַדינען דער ארמיי מיט טעאַטער־פאָרשטעלונגען.

מיר האָבן ווידער באַגייט די ארבעט אין אונדזער דראַמאַטישן קרייז און מיט מער אימפּעט זיך אריינגעוואָרפן אין דער ארבעט צו באַדינען דאָס יידישע באפעלקערונג מיט יידיש־טעאַטער. די מאַכט האָט אונדז געגעבן די גרעסטע מאָראַלישע און אפילו מאַטעריעלע שטיצע ביז... ווי שוין דער־מאָנט, מען האָט אונדז מאָביליזירט אין דער 16טער ארמיי צו באדינען דעם גאַנצן ארום — סלוצקער און נאָוואָגרודקער אויעזדן — מיט יידיש טעאַטער. אונדזער טרופּע איז אָפיציעל פאררעכנט געוואָרן ווי רעגירונג־אָנגעשטעל־טע און מיר האָבן געהאַט די זעלבע פּריווילעגיעס וואָס עס האָבן געהאַט די אראָפּגעבראַכטע מיטגלידער פון מאָסקווער קונסט־טעאַטער.

# מיר האָבן חתונה

דאָס לעבן האָט זיך אַ ביסל גענומען נאָרמאַליזירן. מען האָט זיך גענומען צוגעווינען צו אַלע פאַרבאָטן — וואָס מען מעג און וואָס מען טאָר ניט — און מען האָט זיך גענומען צופּאַסן צו די נייע באַדינגונגען פון לעבן. ווי זאָגט דאָס ווערטל: „אז מען שלאָפט איבער איין נאַכט מיט אַ צרה, געוווינט מען זיך צו איר צו”. ווו מען האָט זיך געדאַרפט קערן און ווענדן האָט מען געמוזט האָבן אַ דערלויבעניש. האָט עמעצער געדאַרפט עפּעס קויפן אָפּיציעל, האָט ער געמוזט באַווייזן מיט „אותות ומופתים”, אז די אַרטיקלען וואָס ער וויל קויפן איז זייער נויטיק פאַר זיין אייגענעם געברויך אָדער פאַר דעם געברויך פון דער באַפעלקערונג.

יידן האָבן זיך ווי עס איז געגעבן אַן עצה. מען איז געפאָרן און מען האָט געהאַנדלט — צי מען האָט געמעגט, צי ניט. מען האָט געשטעלט דאָס לעבן אין סכנה, אָבער מען האָט געהאַנדלט. א סך יידן זיינען אריינגעפאַלן

און פול געמאַכט די טורמעס פאַר „ספעקולאַציע", ווי די מאַכט האָט עס אָנ־גערופן. אָבער ס'איז ניט געווען קיין אנדער ברירה: מען האָט געדאַרפט לעבן און מען האָט געמוזט עסן. און הונגער איז פּעאיק צו ברענגען דעם מענטשן צו פאַרשידענע ריזיקאַלישע אונטערנעמונגען. האָט מען ניט גע־קוקט אויף זיך און איינגעשטעלט דאָס לעבן...

מיין צוקונפטיקע כלה'ס משפחה האָט זיך אויך פאַרנומען מיט האנדל. מען האָט געהאנדלט מיט וואָס עס האָט זיך געמאַכט און מיט וואָס עס איז מעגלעך געווען. איך האָב געהאַנדלט מיט זיי צוזאַמען. כאָטש מיר זיינען שוין ביידע געווען גרייט חתונה צו האָבן, און כאָטש די משפחה איז געווען פולשטענדיק איינשטימיק דערצו, האָט אָבער מיין פייגעלע זיך אנטזאגט חתונה צו האָבן ביז איר עלטערע שוועסטער עלקע וועט חתונה האָבן. און וויפל איר געטרייע שוועסטער עלקע האָט זיך ביי איר געבעטן, זי זאָל זיך ניט רעכענען דערמיט וואָס זי איז יינגער, ניט ווארטן און חתונה האָבן, האָט עס אָבער ניט געהאָלפן און מיר האָבן באשלאָסן צו וואַרטן...

איינמאָל, ווען עלקע איז געקומען פון א געשעפטס־רייזע פון מינסק, האָט זי אונדז געבראַכט די גוטע בשורה אז זי איז אַ כלה געוואָרן פאַר אַ ישיבה־בחור, מיט וועמען זי האָט זיך דאָרט באַקאַנט. זיי זיינען זיך ביידע געפעלן געוואָרן און האָבן געשריבן תנאים.

בעת מעשה איז טאַקע די שמחה געווען גרויס: אַ קלייניקייט? ענד־לעך!... אָבער ווען פייגעלע איז געפאָרן קיין מינסק און האָט זיך געטראָפן מיט איר שוועסטערס חתן, איז זי געווען זייער אַנטוישט. קומענדיק אַהיים איז זי באַשטאַנען אז איר שוועסטער עלקע זאָל גלייך אנולירן די תנאים מיטן ישיבה־בחור. „מיר זיינען גרייט צו וואַרטן נאָך יאָרן, ביז דו וועסט קריגן דיין אמתן באשערטן", האָט פייגעלע געטענהט. עלקע האָט אָבער דערפון ניט געוואָלט הערן. ניט מחמת זי איז געווען שטאַרק פאַרליבט אין אים, נאָר די הויפט־סיבה איז געווען: זי האָט באַשלאָסן חתונה צו האָבן מיטן ערשטן בעסטן מאַן צוליב אונדז. ברענגען זיך אַ קרבן כדי מיר זאָלן, נאָך גאַנצע פינף יאָר פאַרליבט זיין, קאָנען חתונה האָבן.

וויפל די גאַנצע משפחה האָט זיך באַמיט צו ווירקן אויף איר זי זאָל אָפּלאָזן דעם שידוך, האָט עס ניט געהאָלפן. זי האָט אים אראָפּגעבראַכט פון מינסק צו אונדז אין שטעטל און מען האָט באַשלאָסן אז ביידע חתונות זאָלן

פּאַרקומען אין איין צייט, ס׳הייסט צוזאַמען,דעם זעלבן טאָג. און וואָס מער מיר האָבן אַלע באַהאַנדלט דעם ענין חתונה, זיינען מיר געקומען צום באַ־שלוס, אַז יעדע חתונות זאָלן טאַקע פּאַרקומען אין איין און דעם זעלבן טאָג. אָבער ניט ביי אונדז אין שטעטל, נאָר ארויספאָרן אין דער נאָענטסטער שטעטל.

די מאָטיוון פאַרן דורכפירן די חתונות אין אַן אַנדער שטעטל זיינען געווען פאָלגנדע :

מען האָט געלעבט אונטער דעם נייעם באָלשעוויסטישן רעזשים. אַלץ איז געווען פאַרבאָטן. אויף יעדער קלייניקייט האָט מען געדאַרפט האָבן א דערלויבעניש פון אָרטיקן קאָמיסאַר. צוצוקומען צו אַ קאָמיסאַר האָט מען געדאַרפט פריער דורכגיין „שבעה מדורי־גיהנום״, ביז מען האָט זיך דער־שלאָגן צו אים. און ערשט דאַן האָבן זיך אָנגעפאַנגען פאַרשיידענע „שאלות־ותשובות״. נאָך דעם אַלעמען האָט זיך דער אויסגאַנג פון דער דערלויבעניש געווענדט אָן דעם קאָמיסאַרס שטימונג : האָט ער געוואָלט, האָט ער געגעבן די דערלויבעניש, האָט ער ניט געוואָלט, האָט ער געזאָגט „ניעט״. קיינע געזעצן זיינען ניט געווען. שוועריקייטן זיינען געווען פון אַלע זייטן. ועל כולם : וואָלטן די חתונות פאַרגעקומען אין אונדזער שטעטל, וואָלט מען גע־מוזט איינלאַדן דאָס גאַנצע שטעטל, ווייל ווער האָט מיר ניט געקענט אין שטעטל און מיט וועמען בין איך ניט געווען באַפריינדעט ? אין יעדער שטאָ־טישער געזעלשאַפט בין איך געווען פאַרטראָטן און אומעטום געשפּילט אַ באַדייטנדע ראָלע אַזוי, אַז די חתונות וואָלטן אָפּגעקאָסט — ביי יענע באַ־דינגונגען, וואָס קיין איבעריקער רובל איז דעמאָלט ניט געווען — אַ היפּשע אַפּוטיקא. דאָס איז ניט געווען פאַר אונדזערע פאַרמעגנס. דעריבער האָבן מיר באַשלאָסן דורכצופירן די חתונות אין דער נאָענטסטער שטעטל גאָ־ראָדייע, און פאָרן צו די חתונות זאָלן די חתנים מיט זייערע כלות מיט דער מוטער. אָפּשטעלן די חופּות ביים גאָראָדייער רב, אָן קיינע צערעמאָניעס...

אַזוי איז געווען. קיין אָרקעסטער האָט ניט געשפּילט נאָך דער חתונה, קיין טענץ איז אַ זאַל זיינען ניט פאָרגעקומען און קיין דרשה־געשאַנקן האָבן מיר ניט געקראָגן. מיר זיינען אָנגעקומען זאַלבעפינפט אין אַ בויד מיט אַ מירער באַלעגאָלע, פאַרפאָרן אין אַן אכסניה. מען האָט אַראָפּגעבראַכט דעם רב, דעם שמש מיט דער חופּה און מיר זיינען געווען גרייט. אָבער דער רב האָט פאַרלאַנגט פון מיר די „תנאים״, וואָס מיר האָבן קיינמאָל ניט געפראַ־

וועט און ניט געהאַט, ווי אויך אַ מנין יידן. מילא, תנאים האָט שוין דער רב אויפן אָרט אָנגעשריבן. דערווייל בין איך אוועק אויפן מארק זוכן נאָך זעקס יידן וואָס האָט אונדז געפעלט צו שטעלן אַ חופה.

דעם ערשטן וואָס איך האָב געטראָפן אין גאַראַדייע אויפן מאַרק איז געווען פרץ דער בלינדער פון אונדזער „דער־מיר", וואָס איז אהער געקו־מען צו גיין איבער די היזער קלייבן נדבות. א צוויטן יידן, וואָס איך האָב דורך פרצעס „רעקאָמענדאַציע" געטראָפן, איז געווען אַ ייד אַ קאַליקע, וואָס האָט געמאַכט שותפות מיט פרצן צו גיין איבער די היזער: „אין צוויען איז שטאַרקער". אַ דריטער ייד איז געווען א צייטונג־פאַרקויפער; א פערטער — דער גאַראַדייער האָלץ־העקער און נאָך צוויי אָרעמעלייט האָבן מיר גע־נומען פון בית־מדרש. פאַר איינוועגנס האָב איך שוין איינגעהאַנדלט אויפן מארק א פלעשל בראָנפן, אַ פאָר הערינג. א קישקע ווורשט האָט די אכסניה צוגעשטעלט. און ווען דער מנין איז שוין געשטאַנען גרייט, האָט דער רב בחיפזון אָפּגעפּטרט מיט די תנאים און נאָכדעם האָט מען צוערשט געפירט צו דער חופה די עלטערע חתן־כלה. פאַרטיק געוואָרן מיט זיי זיינען מיר, איך מיט פייגעלען — נאָך פינף יאָר זיך ליבן — געשטאַנען אונטער דער חופה און מיט מזל חתונה געהאַט. אויף מאָרגן זיינען מיר געקומען אהיים שוין מאַן און ווייב, כדת משה וישראל...

## דער בירגער־קריג

צו לאַנג האָט מען דער קאָמוניסטישער מאַכט ניט געלאָזן צורו. רוסלאַנדס געוועזענע אַליאירטע, איבערהויפּט אמעריקע און ענגלאַנד, האָבן ניט געקענט שלום מאַכן מיטן געדאַנק, אז דער קאָמוניזם זאָל זיך פאַרפּעסטיקן, פאַר־שפּרייטן און שלאָגן טיפע וואָרצלען. דורך הינטער־קוליסן האָבן זיי גענומען אָרגאַניזירן באַנדעס פון ווייסע־גוואַרדייצעס מיט ווייסע גענעראַלן, וואָס זיי־נען געשטאַנען בראש פון די באַנדעס, ווי קאָלטשאַק, פּעטלורא, דעניקין און מאַכנאָ, וועלכע האָבן גענומען אַטאַקירן דאָס יונגע קאָמוניסטישע רוסלאַנד.

מיט דער הילף פון אמעריקע און ענגלאַנד, וואָס האָבן די ווייסע־גוואַרדייצעס צוגעשטעלט פינאַנסיעלע מיטלען, געווער און אמוניציע, האָט זיך אָנגעהויבן דער בירגער־קריג. ניט געקוקט אויף דעם וואָס די געוועזענע רוסישע ארמיי איז גלייך נאָך דער רעוואָלוציע געווען דיסאָרגאַניזירט און פאַרמאָגט זייער ווייניק געווער, האָט זיך דאָך דער נייער רויטער ארמיי,

אונטער דער אָנפירונג פון לעאָן טראָצקי, איינגעגעבן צו צעקלאַפּן די אַר־מייען פון די ווייסע־גוואַרדייצעס און זיי באַזיגן.

די רויטע אַרמיי האָט ניט געהאַט קיין געווער, אפילו ניט עסן צו דער זאַט. דערפאַר אָבער האָבן זיי געהאַט אַ נייעם געווער — די אידעע פון פריי־הייט. הונגעריקע, באָרוועסע און נאַקעטע, אין פיל פאַלן בלויז מיט שטעקנס אין די הענט, האָבן זיי געקעמפט פאַר דעם אידעאַל ווי לייבן אויף אַלע פראָנטן, ביז זיי האָבן באַזיגט אַלע אונטערגעקויפטע שונאים פון דער רעוואָלוציע.

אַמעריקע און ענגלאַנד, ווי אויך פראַנקרייך האָבן אָבער די אידעע צו באַקעמפן דעם באָלשעוויזם ניט אויפגעגעבן. הינטער די קוליסן האָבן זיי נאָך מער פאַרשטאַרקט די פּאָליטיק פון אונטערצוברענגען די יונגע רעוואָ־לוציאָנערע רעגירונג. מיט פאַראייניקטע כוחות האָבן זיי גענומען אָרגאַני־זירן אַ פּוילישע אַרמיי. זיי האָבן געשאַפן אַ צייטווייליקע פּוילישע רעגירונג און צוגעזאָגט דעם פּוילישן פאָלק זעלבסטשטענדיקייט. דאָס פּוילישע פאָלק, וואָס איז פאַר צענדליקער יאָרן געווען פאַרשקלאַפּט אונטער דער דינאַסטיע פון די ראָמאַנאָוס, האָט זיך מיט לייב און לעבן אריינגעוואָרפן אין קאַמף מיט דער רויטער אַרמיי.

אָנגעפירט מיט דער פּוילישער אַרמיי האָט דער באַוווסטער פראַנצוי־זישער גענעראַל פּאָש. די אַרמיי איז באַפאַלן רוסלאַנד. צי דאָס איז געווען אַן אויסגעאַרבעטע סטראַטעגיע פון דער פּוילישער אַרמיי, אָדער די ערשטע שלאַכטן האָט זיך זיי ניט איינגעגעבן. די רויטע אַרמיי האָט לכתחילה גענומען טרייבן די פּאָליאַקן און פאַרנעמען גאַנצע געגנטן פון פּוילן ביז... ביי וואַרשע האָט געוואַרט אויף דער רויטער אַרמיי אַ גוט־אָרגאַניזירטע און אויסגעשולטע פּוילישע אַרמיי, אויסגעשטאַט מיט די בעסטע תכשיטי־מלחמה, אונטער דער אָנפירונג פון גענעראַל פּאָש. דאָ האָט די רויטע אַרמיי גענומען ליידן איין מפּלה נאָך דער אַנדערער. גאַנצע מחנות רויטע אַרמייער זיינען ארומגערינגלט געוואָרן און גענומען געוואָרן אין געפאַנגענ־שאַפט. מחנות זיינען אין אומאָרדענונג זיך צעלאָפן, איבערלאָזנדיק הינטער זיך אַלץ וואָס זיי האָבן פאַרמאָגט און האָבן זיך קוים מיטן לעבן געראַטעוועט טיפער אין רוסלאַנד...

לענין און טראָצקי האָבן קיין ברירה ניט געהאַט. זיי האָבן זיך ממש געבעטן צו מאַכן שלום און האָבן נאָכגעגעבן אלע פאָדערונגען פון דער פּוי־

לישער רעגירונג. אזוי ארום זיינען גאנצע געגנטן פון געוועזענעם רוסלאַנד, לויט די נייע אויסגעארבעטע שלום־באדינגונגען, אריבער אין די פוילישע הענט, בתוכם אויך אַ גרויסער טייל פון ווייס־רוסלאַנד, ווו אונדזער שטעטל האָט זיך געפונען. אזוי ארום זיינען מיר, וועלכע זיינען געבוירן געוואָרן און דערצויגן געוואָרן אין ווייס־רוסלאַנד, איבער נאַכט געוואָרן... פּאָליאַקן — מיט אַ נייער פוילישער שפּראַך און קולטור, מיט אַ נייער קאָמענדאַנטור און מיט אַ נייער שטרענגער זשאַנדאַרמעריע. נייע פאַראָרדענונגען און געזעצן, און מיט נייע גזירות — פאַר יידן...

# דער פּירשט האָט זיך צוריקגעקערט

איידער די רעוואָלוציע איז אויסגעבראָכן און ווי נאָר ס׳האָבן זיך אָנגעהויבן די אומרוען אין רוסלאַנד, איז דער פּירשט דורך פֿאַרשיידענע אומוועגן אַנטלאָפֿן קיין ענגלאַנד. דאָרט האָט ער איבערגעוואַרט די אומרוען, דעם בירגער־קריג, ביז די פּוילישע אַרמייען האָבן אָנגעהייבן זייער אָפּענסיווע אויף דער רויטער אַרמיי. דאַן האָט ער זיך גענומען דערנענטערן צו זיין היים. זיין ערשטע אָפּוואַרט־סטאַנציע איז געווען וואַרשע. ווען דער שלום־אָפּמאַך צווישן דער פּוילישער רעגירונג מיט די פֿירער פֿון דער רויטער רוסלאַנד איז אונטערגעשריבן געוואָרן און די סכנה פֿאַר זיין לעבן איז אויסגעמיטן געוואָרן, איז ער אָן טומל געקומען צוריק צו זיין היים, צו זיינע גיטער, וואָס די באָלשעוויקעס האָבן צעטיילט צווישן די פּויערים, נאָכדעם ווי זיי האָבן פֿאַרנומען די מאַכט. די פּוילישע רעגירונג האָט די דאָזיקע חלוקה ניט אָנערקענט און האָט אַלע מאַיאָנטקעס צוריקגעקערט צום פּירשט.

איין פרימאָרגן, איך האָב נאָך ניט באַוויזן צו פאַרענדיקן מיין פרישטיק: מען קלאַפּט אין טיר. דעם פירשטס קוטשער. „דער פירשט, זאָגט ער, איז ביינאַכט אָנגעקומען און גליך מיך געשיקט דיר ברענגען צו אים. ער וויל דיך תיכף זען"...

אין דרויסן האָט שוין געוואַרט אויף מיר אַ „קאַלייקע" (אַ וועגעלע אויף פיר רעדער, איינגעשפּאַנט מיט איין פערד און אַן אָרט צו זיצן רייטנדיק פאַרן קוטשער מיט איין פּאַסאַזשיר). דאָס פערדל גאַלאָפּירט איבערן שטעטל־דיקן ברוק, איילט זיך צו ברענגען מיר זיך טרעפן, נאָך אַזאַ לאַנגער צייט זיך ניט זען מיטן פירשט. באַגעגנט האָט ער מיר שוין וואַרטנדיק ביים פראָנט־אריינפאָר צום פּאַלאַץ.

„זדראַסטוואַי, באָלשעוויק!" (פרידן צו דיר קאָמוניסט) האָט ער הויך אויסגעשריען מיט זיין ברייט־צופרידענעם שמייכל. זיין באָרד איז געווען צעקאָמט אויף צווייען. זיינע ליכטיקע בלויע אויגן האָבן געגלאַנצט פאַר פרייד. דערזעענדיק מיך דאָס ערשטע מאָל נאָך אַזוי פיל יאָרן, האָט ער מיר דערלאַנגט זיין האַנט און האָט מיר אריינגעפירט אין פּאַלאַץ און מיך באַזעצט אין זיין קאַבינעט. אָן קיינע הקדמות, אפילו ניט פרעגנדיק וואָס איך מאַך און וואָס מיין משפחה מאַכט, האָט ער אָנגעהויבן זיין שמועס:

„מיר האָט באמת געפרייט און אַמוזירט ווען דער ה' ראַזאָווסקי דער אַפּטייקער, וואָס איז געווען אין וואַרשע גלייך נאָך דעם ווי די פּוילישע ארמיי האָט פאַרטריבן די באָלשעוויקעס פון אונדזער געגנט, האָט מיך באַזוכט און דערציילט, אַז פאַר די ערשטע באָלשעוויקעס גלייך נאָך דער רעוואָלוציע, ביסטו געוואָרן דער קאָמיסאַר פון שטעטל, דער ׳פּרעדסעדאַטעל רעווקאָמאַ׳. און — האָט ה׳ ראַזאָווסקי מיר דערציילט — דו האָסט זיך אויסגעצייכנט אין דיין פירן דאָס שטעטל. ווייזט אויס אַז איך האָב אין דיר קיין טעות ניט געמאַכט, ווען איך האָב מיט יאָרן צוריק דיך אויסגעקליבן פאַר מיין פריינד...

„אַז מען האָט דיך דערהויבן צו אַזאַ פּאָסטן — און איך צווייפל ניט, אַז זיי האָבן געמאַכט דעם בעסטן אויסוואַל — בין איך זיכער, אַז דו ביסט פאַר דער צייט געוואָרן אַ באַוווסטזיניקער קאָמוניסט. דעריבער האָב איך טאַקע מיט אומגעדולד געוואַרט אויף דעם מאָמענט זיך צו טרעפן מיט דיר און טאַקע האָבן אַ שמועס מכח סאָציאַליזם, קאָמוניזם און אַנדערע איזמען..."

„דער אמת איז, האָב איך געענטפערט, אַז ביז דער מלחמה, ביז דער רע־

וואָלוציע און ביז דאָס איבערנעמען די מאַכט פון די באָלשעוויקעס, האָט זיך זעלטן ווער פון אונדז טיף פונאַנדערגעקליבן אין דעם ריכטיקן באַדייט פון סאָציאַליזם און קאָמוניזם. אונדזער יוגנט האָט געהערט צו פאַרשיידענע פּאַרטייען. מיר, די יידישע יוגנט, האָבן געהערט צו יעדער פּאַרטיי וואָס איז געווען קעגן דער צאַרישער דינאַסטיע — און ס'איז פאַרשטענדלעך: לעבנ־דיק אונטער אזעלכע באַדינגונגען פאַרן צאַר ניקאָליי, ניט האָבנדיק קיינע מענטשלעכע רעכט, זייענדיק פאַרצאַמט אין געטאָס און אויסשטיין פאַרשיי־דענע שיקאַנעס פון דער פּאָליציי; לעבנדיק אין שטענדיקער שרעק פאַר פּאָגראָמען און בלוט־בילבולים, איז קיין וואונדער ניט אז מיר, די יידישע יוגנט, האָט זיך מיט לייב און לעבן אריינגעוואָרפן אין די סאָציאַליסטישע פּאַרטייען. אָבער זאָגן אז מיר זיינען געווען טעאָרעטיש באַוווסטזיניק זיך פונאַנדערצוקלייבן אין די פאַרשיידענע פּראָלעטאַריש־סאָציאַליסטישע ריכ־טונגען, איבערהויפּט מיר, אין די קלענערע שטעטלעך — דאָס ניט.

„מיר האָבן אלץ פאַרשטאַנען אויבערפלעכלעך, אָבער ניט גרינטלעך. איצט איז אָבער אנדערש. מיר זיינען דורכגעגאַנגען א סאָציאַליסטישע שול און מיר קלייבן זיך פונאַנדער אין יעדער גרופּירונג. מיר ווייסן וואָס מיר ווילן און פאַר וואָס מיר קעמפן...

„מיר האָבן א סך געלערנט פון די פאַרשיידענע אָראַטאָרן, וואָס דער צענטער פלעגט זייער אָפט שיקן צו דער 16טער ארמיי, ווען זי איז איינגע־שטאַנען ביי אונדז. מיר האָבן אויך א סך געלערנט פון די דיסקוסיעס אויף די צוזאַמענפאָרן, וואָס זיינען ביי אונדז פאָרגעקומען. איצט, קען מען זאָגן, זיינען מיר רייפע סאָציאַליסטן".

„זייער אינטערעסאַנט", רופט זיך אָפּ דער פירשט. „איצט האָף איך, וועל איך האָבן אַ מעגלעכקייט דורך דיר זיך אויסצוקלייבן צו וועלכער סאָ־ציאַליסטישער פּאַרטיי איך זאָל זיך אָנשליסן", האָט ער שמייכלענדיק גע־זאָגט. „איך האָף אויך, אז די טעמע סאָציאַליזם וועט ביי אונדזערע צוזאַמענ־טרעפן פאַרנעמען אַ באַדייטנדיקן אָרט. אָבער קודם כל וואָלט איך וועלן דו זאָלסט מיר אין קורצן זאָגן, אזוי ווי אייער ר' הלל האָט אמאָל פאַרטייטשט, אין וואָס עס באשטייט אייער יידישע אמונה... כ'מיין דעם ואהבת לריעך כמוך — דערקלערן מיר די תורה פון אייער סאָציאַליזם... וואָס האָט דיר גע־בראַכט דערצו, אז דו זאָלסט ווערן א סאָציאַליסט און נאָך אזא הייסער דערצו?!"...

דער פירשט האָט מיט אַ שמייכל געקוקט מיר גלייך אין די אויגן, און עס איז געווען שווער צו דערקענען צי אין זיין פראַגע איז געווען סאַרקאַזם, אָדער ער האָט דאָס געמיינט ערנסט...

אַ קורצע ווײַלע האָבן מיר ביידע געשוויגן. אָבער צו לאַנג האָט ער ניט געלאָזט אָנהאַלטן די שטילקייט. ער האָט באַמערקט אויף מיין פּנים, אז איך קווינקל זיך. אז איך האָב ניט די דרייסקייט ארויסצוזאָגן מיין מיינונג. האָט ער געזאָגט:

„רייד, מיין פריינד, פאַר מיר דאַרפסטו זיך ניט צוימען. דוכט זיך אז דו קענסט מיך שוין גוט דו זאָלסט זיך פאַר מיר ניט זשעניִרן מיט רייד... דו ווייסט דאָך מיין ליבעראַלן קוק אויפן לעבן. אָבער מיך אינטערעסירט צו הערן דיין מיינונג וועגן דער פראַגע. איך גלויב אז דיין מיינונג וועט פאַר מיר זיין מאָסגעבנד. סוף כל סוף ביסטו דאָך געווען איינער פון די פירער פון דער רעוואָלוציע!...“

„יאָ, אייער הויכקייט“, האָב איך זיך אָנגענומען מיט מוט, פּונקט ווי אַ שווימער נעמט זיך אָן מיט לופט פאַרן שווימען, „איך וועל פּרובירן דורך אַ פראַגע צו אייך פאָרמולירן אונדזער אידעע: אָט זיינען מיר צוויי מענטשן — איר און איך. איר זייט איינער אליין, אָן אַ משפחה און איר פאַרמאָגט אזוי פיל אוצרות: 16 גיטער מיט טויזנטער אַרבעטער, וואָס אַרבעטן נאָר פאַר אייך אליין. און די פּראָפיטן פון זייער האָרעוואַניע געניסט נאָר איר אליין. וואָס איר טוט מיט די פּראָפיטן אינטערעסירט אונדז ניט צום מאָמענט, נאָר דאָס גאנצע געלט פאַלט אריין נאָר צו אייך פערזענלעך אין קעשענע. איר אליין געפינט זיך אין אויסלאַנד און אפילו דאָרט זייט איר ארומגערינגלט מיט מענטשן, וועלכע באַדינען אייך; צו אייך געהערט אונדזער שטעטל ‚דער־מיר‘ און אַלע איינוווינער פון שטעטל צאָלן אייך שטייערן פאַר דער ערד אויף וועלכער זיי האָבן אויפגעבויט זייערע הייזער און פאַר די קראָמען וועלכע די קרעמער האָבן אליין אויסגעבויט. איר אליין טוט קיינע פּראָדוק־טיווע ארבעט ניט, נאָר איר טראַכט שטענדיק ווי אזוי אויסצופילן אייער צייט מיט פאַרשיידענע פאַרגעניגנס און לוקסוס!...

„און אָט בין איך — אויך אַ מענטש — און צו מיר און אזעלכע ווי איך זיינען פאַראַן מיליאָנען, וועלכע ארבעטן זייער גאַנץ לעבן מיט שווייס און בלוט, דערשלאָפּן ניט צייטנווייז פון מידקייט, פון צופיל האָרעוואַניע, נאָר פאַר דעם איין און איינציקן צוועק — צו געבן זייערע פאַמיליע אַ דאָך

איבערן קאָפּ און אַ טרוקן שטיקל ברויט, אָפּטמאָל דאָס ניט צו זאַט. אַרבעטן פון פינצטער ביז פינצטער, כדי זייערע קינדער זאָלן קענען אָנטאָן אַן אָפּ־געטראָגענעם בגד אָדער פאַרלאַטעטע שיך צו באַשיצן זיי ווינטער פון קעלט. איז דאָס יושרדיק? איז אַזאַ וועלט וואָס מיר רופן דאָס די קאַפּיטאַליסטישע וועלט געבויט אויף יושרדיקע יסודות? דעריבער קומט דער סאָציאַליזם און וויל עס איבערמאַכן. דער סאָציאַליזם וויל אָט די גרעסטע מענטשלעכע עוולה פאַרריכטן, איינפירן אַ נייע אָרדענונג ווו אַלע מענטשן זאָלן זיין גלייך, ווו אַלע מענטשן זאָלן געניסן גלייך פון דעם, וואָס די נאַטור האָט געשענקט דעם מענטשן. ניט צו איינעם זאָל געגעבן ווערן א סך און צו מיליאָנען — קיין זאַך ניט!"...

דער פירשט האָט מיט ערנסט מיך אויסגעהערט און נאָך אַ היפּשע ווײַלע שווייגן האָט ער שטילערהייט, ווי ער וואָלט מיר א סוד דערציילט, אַ פרעג געטאָן:

„און מיינען טאַקע די סאָציאַליסטן, אַז מען קען אויסגלייכן די וועלט, די מענטשהייט?"...

„אַלנפאַלס, מיר פּרובירן און מיר לייגן אויף דעם גרויסע האָפענונגען", האָב איך אויך שטיל געענטפערט.

דער פירשט האָט זיך אויפגעשטעלט און אָן קיינע דערקלערונגען צו מיר אַ זאָג געטאָן: „קום, לאָמיר גיין!"

* * *

עס איז געווען אַן אָסיענדיקער פרימאָרגן. דער הימל האָט אַראָפּגע־קוקט אַ פאַרכמאַרעטער, אַזוי ווי ער וואָלט געווען ברוגז אויף דער גאַנצער וועלט. די ערד איז געווען פייכט און בלאָטיק נאָך פון דעם נעכטיקן רעגן, וואָס האָט געטריפט אַ גאַנצן טאָג. דער פירשט איז געגאַנגען פאַרויס און האָט אויסגעקליבן די בעסערע שטעגן, עס זאָל גרינגער זיין דאָס גיין און האָט דערביי מיר אָנגעוויזן ווו איך זאָל אים נאָכגיין. וווהין ער פירט מיר און וווהין מיר גייען — וועגן דעם קיין וואָרט ניט.

מיר זיינען צוגעקומען צו אַן איין־שטאָקיקער לאַנגער געביידע, ווו א גרויסער טייל פון זיינע באַדינער (פּאַראָבקעס) לעבן. ער האָט אָנגעקלאַפּט אין אַ טיר. אין אַ ווײַלע ארום האָט אַ פויערטע געעפנט די טיר פאַר אונדז. דערזעענדיק דעם פירשט שטיין פּנים אל פּנים פאַר איר, איז זי אַזוי צע־טומלט געוואָרן, אַז זי האָט זיך בשעת מעשה פאַרלוירן. זי האָט זיך גע־

נומען צלמען און איז געפאַלן אויף די קני, אָנכאַפנדיק דעם פירשטס האַנט און געוואָלט עס קושן. דער פירשט האָט זיין האַנט צוגענומען. מיט אַ וואַ־רעמען שמייכל האָט ער איר געהייסן אויפשטיין און געבעטן ביי איר אַ דערלויבעניש אריינצוקומען פאַר אַ ווילע צו באַטראַכטן איר ווינונג. ווען מיר זיינען געווען אינעווייניק האָט ער מיר דערקלערט, אז ער וויל איך זאָל זייער פּאַרזיכטיק באַטראַכטן די ווינונג, אַלץ ארומקוקן און קיין זאַך ניט דורכלאָזן.

איך האָב גענוי אויסגעפילט זיין בקשה. אָבער צוליב וואָס די גאַנצע פּראָצעדור האָב איך קיין אַנונג ניט געהאַט. די זעלבע פּראָצעדור האָט זיך איבערגעחזרט אין אַ צווייטער ווינונג, עטלעכע טירן ווייטער. ארויסקומענ־דיק פון דער צווייטער ווינונג האָט ער זיך אָפּגעשטעלט און שמייכלענדיק מיך אַ פרעג געטאָן: „איצט וויל איך דו זאָלסט מיר זאָגן וואָס דו האָסט גע־זען אין דער ערשטער ווינונג און וואָס דו האָסט געזען אין דער צווייטער? כ׳מיין, צי דו האָסט באַמערקט עפּעס אַן אונטערשייד און אין וואָס באַשטייט דער אונטערשייד?"

נאָך אַ ווילע טראַכטן האָב איך זיך געכאַפּט. „יאָ", זאָג איך, „כ׳האָב באמערקט זייער א גרויסן אונטערשייד אין די צוויי ווינונגען".

„יאָ?" האָט דער פירשט אונטערגעכאַפּט אַ צופרידענער, „וואָס איז דאָס?"

„אין דער ערשטער ווינונג איז געווען זייער ריין, אויפגערוימט. יעדער קעגנשטאַנד איז געשטאַנען אויפן געהעריקן אָרט און עס איז געווען זייער אָנגענעם צו זיין דאָרט. אפילו די פרוי איז געווען ריין אָנגעטאָן אין א ריינעם ווייסן פאַרטוך, אז ס׳איז געווען אָנגענעם צו קוקן אויף איר. דערפאַר אין דער צווייטער ווינונג איז געווען פּונקט דאָס פּאַרקערטע: אומריין, אַלץ אָנגעוואָרפן, אָנגעשלידערט אין אַן אומאָרדענונג אזוי, אז ס׳האָט זיך גע־וואָלט גלייך ארויסלויפן פון דאָרטן".

„זייער ריכטיק", האָט דער פירשט אַ צופרידענער כמעט ווי אויסגע־שריען. „איצט הער זיך גוט צו. איך האָב אויסגעקליבן דווקא אָט די צוויי ווינונגען דערפאַר, וויל דאָ לעבן צוויי פאַמיליעס פון דער זעלבער גרויס — ביידע פאַמיליעס באַשטייען פון אַ מאַן, אַ פרוי און צוויי קליינע קינדער כמעט אין דעם זעלבן עלטער. זייער געהאַלט איז דער זעלבער, זייער פּאַיאָק (עסנוואַרג) וואָס זיי באַקומען, זיינען פון דער זעלבער מאָס און פונדעסטוועגן

— אזא גרויסער אונטערשייד !... ביי איינעם איז ריין, ציכטיק, אַ פאַרגעניגן אריינצוקומען, און ווי דו האָסט זיך אויסגעדריקט — ס׳האָט זיך גאָרניט גע־וואַלט אַוועקגיין. אוןביים צווייטן : גריאַזנאָ קאַק או סוויניי ! (אומריין ווי אין א חזיר־שטאַל). זאָג מיר, איך בעט דיך, קענסטו מיר אפשר דערקלערן פאַרוואָס דאָס איז אזוי ?״

„גאָר פּשוט״, האָב איך זיך אָפּגערופן, „מענטשן זיינען פאַרשיידן. איי־נעם האָט די נאַטור באַשאַפן זיך האַלטן ריין און דעם צווייטן האָט די נאַטור באַשאַפן פונקט פאַרקערט, אים זאָל ניט אויסמאַכן צו לעבן אין שמוץ. דאָס איז שוין אַ נאַטור־זאַך !״

„אַזא ענטפער האָב איך דערוואַרט״, האָט דער פירשט אַ צופרידענער געזאָגט. „איך וויל אָבער, אז דו זאָלסט האַלטן גוט אין זינען דיין ענטפער. איצט קענען מיר צוריק גיין אין פּאַלאַץ״.

* * *

„איצט וויל איך דו זאָלסט אויפמערקזאַם אויסהערן מיין מיינונג וועגן סאָציאַליזם, קאָמוניזם, קאַפּיטאַליזם און אַלע אנדערע פאַרשיידענע איזמענס. קום אריין צוריק אין קאַבינעט, מאַך זיך באַקוועם און... ווי פלעגט גאָט זאָגן צו משהן : פאַרנעם מיין וואָרט !...

„איינעם האָט די נאַטור באַשאַפן זיך ריין צו האַלטן, און דעם צווייטן האָט די נאַטור באַשאַפן אים זאָל ניט אויסמאַכן צו לעבן אין שמוץ, דאָס איז אַ נאַטור־זאַך. — דאָס זיינען געווען דיינע ווערטער וואָס דו האָסט זיך אויס־געדריקט אין דיין ענטפער צו מיר, און איך בין פולשטענדיק איינשטימיק מיט דיר. לאָמיר אָבער ביי דעם ניט בלייבן שטיין און לאָמיר ווייטער ציען דעם פאָדעם. מיט אנדערע ווערטער — און איך בין זיכער דו וועסט איינ־שטימען מיט מיר — אז אַלץ, דאָס גאַנצע לעבן, דער גאַנצער ארום ווי מענטשן, חיות, פלאַנצן,ביימער, איז אַלץ פון דער נאַטור. אַלע פויגלען, אַלערליי באַשעפענישן וואָס געפינען זיך אין די ימים, אַלע חיות אין די וועל־דער איז פון דער נאַטור. און אוודאי — ווי דו האָסט געזאָגט — אַלע מענטשן זיינען אַ טייל פון דער נאַטור. וויל איך דיר פרעגן : קענסטו מיר אפשר אָנ־ווייזן, אז די נאַטור זאָל האָבן אַלץ און אַלעמען באַשאַפן אין אַ גלייכער מאָס, מיט איין פורעם ? זיכער ניט !

„דאָס איז אַלץ געמעדט געוואָרן ביי שטומע באַשעפענישן, ביי פייגל,

חיות, ביי פיש וכדומה. און אויב אפילו דו וועסט זען פירות אויף ביימער, ווי עפּל, באַרן און אנדערע פּרוכטן, וועלכע פאַרן אויג זעען זיי דוכט זיך אויס אַלע גלייך, אַלע די זעלבע, זיינען זיי אָבער אין טעם פאַרשיידן... מיט איין וואָרט: קיין זאַך האָט די נאַטור ניט באַשאַפן לויט איין מוסטער. לאָ־מיר נעמען, למשל, אזא באשעפעניש ווי דער בחיר־היצירה — דעם מענטש. האָסטו שוין געזען, אז צווי מענטשן זאָלן אין אלע הינזיכטן זיין ווי פון איין פורעם געגאָסן? נעם אפילו אַ צווילינג, וואָס איז ארויסגעקומען פון איין מוטער־טראָכט. זיי קענען אפשר האָבן אַ זייער שטאַרקע ענלעכקייט אין אויסזען, אָבער קיינמאָל ניט אין כאַראַקטער!...

„האָסטו געזען אַ משפחה וואָס קומט ארויס פון איין טאַטע־מאַמע, אז אַלע זאָלן זיין גלייך ווי איין מענטש מיט די זעלבע כאַראַקטערן? ניין. אזוינע זאַכן באַשאַפט ניט די נאַטור. צווי ברידער — איינער איז קלוג, פע־איק, דער צווייטער איז נאַריש און אַ טויגעניכץ. צווי שוועסטער — איינע איז שיין, די צווייטע איז מיאוס. איין קינד איז גוט, אַ צווייטער איז שלעכט. אזוינס קענסטו אויף שריט און טריט טרעפן ביי יעדער משפחה...

„איצט לאָמיר נעמען גרופּן. פאַרשיידענע פעלקער מיט פאַרשיידענע שפּראַכן, מיט פאַרשיידענע זיטן און מינהגים, און צווישן די אַלע גרופּן, צווישן די פאַרשיידענע פעלקער איז אויך קיינמאָל קיין שלום־בית ניט פאַ־ראַן. מען רייסט זיך, מען בייסט זיך, מען קריגט זיך, מען האַלט מלחמות און מען קוילעט אויס איינער דעם צווייטן. דאָס איז אלץ גערעדט וועגן מענטשן, וועמענס הויט באשטייט פון איין קאָליר. די מענטשהייט איז אָבער צעטיילט אין פאַרשיידענע ראַסן: ווייסע, שוואַרצע, געלע און ברוינע. און ביי אַלע ראַסן, ביי אַלע קאָלירן זיינען פאַראַן פאַרשיידנאַרטיקייטן, גרופּירונגען, קלאַסן — און יעדע גרופּע און קלאַס ציט פאַר זיך, און צווישן זיך איז אויך קיין שלום־בית ניטאָ.

„איז געקומען אַ קאַרל מאַרקס און זיצנדיק ביי זיך אין קאַבינעט האָט ער ארויסגעגעבן סאָציאַליסטישע טראַקטאַטן מיט מאַניפעסטן, און אַ רוף פון פּראָלעטאַריער פון אַלע פעלקער פאַראייניקט זיך! און האָט אין גאַנצן איג־נאָרירט די פאַרשיידנאַרטיקייט פון דעם אינדיווידיאום. פרעג איך דיר, קען מען מיט אַ פּראָקלאַמאַציע, מיט אַן אויפרוף אַויסגלייכן אַ וועלט, וואָס באַ־שטייט פון ביליאָנען מענטשן מיט פאַרשיידענע נאַטורן, מיט פאַרשיידענע פעאיקייטן, מיט פאַרשיידענע אינטערעסן, מנהגים און זיטן?“...

* * *

איך בין געזעסן אַ צעטומלטער. איך האָב אויסגעהערט מיט אינטערעס די אַרגומענטן פון צווייטן צד, פון דעם קאַפּיטאַליסטישן צד. איך מוז מודה זיין, אַז דאָס איז געווען דאָס ערשטע מאָל אין מיין לעבן וואָס מיר איז אויס־געקומען אויסצוהערן דעם צד שכנגד. ביז אַהער בין איך געווען פאַרשיכורט פון די שיינע רעדעס וואָס איך האָב זיך אָנגעהערט וועגן דער ליכטיקער צוקונפט וואָס עס שטייט פאַר דעם פּראָלעטאַריאַט, וועגן דעם סאָציאַליס־טישן גן־עדן וואָס וועט קומען...

„איך מוז אייערע אַרגומענטן איבערטראַכטן", האָב איך ווי פאַרשול־דיקט איבערגעריסן דעם פירשט, נאָכדעם ווי ער האָט געמאַכט אַ פּאַוזע אין זיינע רייד. „מעגלעך, אַז אין אייערע אַרגומענטן ליגן געוויסע אמתן וואָס מען טאָר ניט איגנאָרירן".

„דאָס מיינט ניט צו זאָגן, אַז איך בין קעגן דעם מען זאָל דאָס לעבן דעמאָקראַטיזירן, אויסבעסערן די לאַגע פון די אַרבעטנדיקע מענטשן אויף דער וועלט. ווי דו ווייסט, האָב איך זיך שטענדיק אַרומגעטראָגן מיט ליבע־ראַלע אידעען. איך בין שטענדיק געווען קעגן אונטערדריקונגען, ניט נאָר פון יחידים, נאָר אפילו פון נאַציאָנאַליטעטן. זייענדיק אין רוסישן מיניסטאָרן־ראַט האָב איך שטענדיק געפּריידיקט, אַז מען זאָל דעם אַנטיסעמיטיזם פאַר־באָטן, אָדער לכל הפחות פאַרלייכטערן די געזעצן לגבי יידן. דאָס האָט גע־פירט דערצו, אַז איך האָב געמוזט זיך אָנגעבן אין דעמיסיע. פון דער צווייטער זייט אָבער, באַטראַכטנדיק דעם וועג אויף וועלכן אייערע קאָמוניסטן אָדער סאָציאַליסטן האָבן זיך פאַרנומען — דעם וועג פון טעראָריזירן דעם קעגנער ניט מיטן אויפקלערן, נאָר מיטן אוועקשטעלן דעם קעגנער אָדער דעם רייכן צום ווענטל און דערשיסן אָן אָן אויספאָרשונג, אָן אָן אויפקלע־רונג, אָן אַ געריכט, — מיט דעם וועג וועט איר קיין אָרדענונג ניט איינ־פירן... און בכלל — די גאַנצע אידעע פון קאַרל מאַרקס וועגן אויסגלייכן דאָס גאַנצע מענטשהייט, זעט אויס אין מיינע אויגן ווי אַ נאַרישע אוטאָפּיע"...

„ווי געזאָגט, אייער הויכקייט, מוז מען אייערע געדאַנקען גענוי איבער־טראַכטן... איך בין אָבער ניט מסכים מיט אייך, וואָס איר נעמט אַרונטער סאָ־ציאַליזם און קאָמוניזם, אָדער — איך וואָלט בעסער געזאָגט — דעם באָל־שעוויזם מיטן סאָציאַליזם, אונטער איין מאַנטל. איר דאַרפט וויסן, אייער הויכקייט, אַז צווישן די צוויי איזמען ליגט אַ גרויסער תהום, אַ גרויסער

אונטערשייד. ווייל לויטן באַגריף פון די באָלשעוויקעס, זיינען די סאָציאַ־ליסטן פאַררעכנט פאַר די זעלבע שונאים פון דער רעוואָלוציע ווי דער ווייס־גוואַרדייער, דער רייכער פּריץ און דער קאַפּיטאַליסט — זיי אַלע שטייען ביי זיי אויף דער זעלבער מדרגה און זיינען פאַררעכנט פאַר 'שונאים'. די באַ־האַנדלונג פאַר אלעמען איז די זעלבע. דעריבער דאַרף מען קיין טעות ניט מאַכן און ניט פאַרגלייכן אַט די ביידע פאַרטייען, ווי זיי וואָלטן האָבן איין און די זעלבע פּלאַטפאָרמע. איך בין אָבער מיט איך פולשטענדיק מסכים, אַז דער וועג פון טעראָר וואָס די באָלשעוויקעס האָבן אָנגענומען, וועט צו קיין אָרדענונג זיכער ניט פירן. צוליב אָט די טעמים האָב איך זיך צוריקגעצויגן פון אַקטיווער מיטאַרבעט מיט די קאָמוניסטן נאָכדעם ווי זיי האָבן צוריק פאַרנומען אונדזער געביט, נאָכן ברייסקער שלום־אָפּמאַך מיט די דייטשן מיטן אויסרייד, אַז איך בין פאַרנומען מיט קולטור־אַרבעט, און זיי האָבן מיך באַפרייט פון וועלכע ניט איז אַקטיוויטעטן".

איך האָב אים דערציילט וועגן די נייע קולטורעלע מעגלעכקייטן, וואָס עס האָבן זיך געעפנט פאַר אונדזער ידישער יוגנט, ווי דער דראַמאַטישער קרייז און די ידישע פאָלקס־שול פאַר ידישע קינדער, ווו מען לערנט אין גאַנצן אומזיסט. וועגן די נייע פּעדאַגאָגישע מעטאָדן און דערגרייכונגען און דעם וויכטיקן אָנטייל וואָס איך נעם אין די ביידע אינסטיטוציעס.

מיר האָבן זיך זייער פריינדלעך געזעגנט און דער פירשט האָט מיר צוגעזאָגט שיקן נאָך מיר ביי אַ צווייטער געלעגנהייט.

# דאָס נייע פּוילן

נאָטש די נייע פּוילישע רעגירונג האָט פּראָקלאַמירט פרייהייט און גלייכהייט פאַר אַלע פעלקער ווי ווייסרוסן, יידן, טאַטאַרן און אנד., איז דאָס אָבער געווען ניט מער ווי אַ פּאַפּירענע דעקלאַראַציע. איך געדענק, אז שוין ביים ערשטן גרויסן מאַסן־מיטינג, וואָס דער קאָמענדאַנט פון שטעטל האָט צונויפגערופן אין בית־מדרש — אין דעם זעלבן בית־מדרש ווו ס'איז גאָר ניט לאַנג אָנגענומען געוואָרן די קאָמוניסטישע רעזאָלוציע — האָט דער פּוילישער קאָמענדאַנט פייערלעך אויסגערופן, אז יידן קענען אויסוויילן אַ פירערשאַפט, א קהילה, אָבער „קראַמע שעוצי און קראַמע קראַווצי" (נאָר ניט פון שוסטערס אָדער פון שניידערס). און אזוי זיינען אונדזערע יונגע סאָציאַליסטישע חלומות פולשטענדיק אויסגערונען געוואָרן...

פאַר דער וועלט איז די פּוילישע רעגירונג כלומרשט געווען אַ סאָציאַל־דעמאָקראַטישע. והראיה: דער פּרעמיער־מיניסטער פון דער רעגירונג איז

געוואָרן דער אמאָליקער פירער פון דער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי פּ.פּ.ס. ה׳ פּילסודסקי. אין דער אמתן אָבער איז די נייע רעגירונג ניט געווען בע־סער אין זייער אויפפירונג פון די אַלע ביז איצטיקע פאַשיסטישע רעגירונגען.

וואָס שייך דער יידן־פראַגע, איז דער האַס און די באַגרענעצונגען לגבי דער יידישער באַפעלקערונג געוואָרן אַ סך ערגער ווי פאַרן פאַרהאַסטן צאַר ניקאָליי דעם צווייטן... אויסער דעם וואָס מ׳האָט דאָס יידישע באַפעל־קערונג ניט צוגעלאָזט צו גרעסערע האַנדלס־מעגלעכקייטן, האָבן די פּוילישע טשינאָווניקעס — פונעם העכסטן ביזן נידעריקסטן זשאַנדאַר — געהאַט צו זאָגן איבער יידישן פאַרמעגן, איבער יידיש האָב־און־גוטס. אזוי למשל האָט מען גענומען באַשרענקען דאָס ארויסגעבן דערלויבענישן פאַר פאַרשיידענע גרעסערע האַנדלס־אונטערנעמונגען. אפילו פאַר פשוטע באַלמעלאָכעס זיינען אויך געמאַכט געוואָרן פאַרשיידענע שוועריקייטן.

שוסטערס, שניידערס, סטאָליערס, שלאָסערס און אנדערע פאַכן, מיט וועלכע דאָס רוב מנין ורוב בנין יידן האָבן זיך באַשעפטיקט, האָבן מיט אַמאָל געמוזט אויסהאַלטן עקזאַמענס, כדי צו באַווייזן אז זיי זיינען געניט אין זייערע פאַכן.

וויפל שיקאַנירונגען עס זיינען דערביי פאָרגעקומען? אַלטע יידישע באַלמעלאָכעס האָבן געדאַרפט פריער אָפּגעבן זייער עקזאַמען — און נאָך אין פּויליש — דערנאָך האָבן זיי געמוזט געהערן צו פאַרשיידענע צעכן. וויפל כאַבאַר האָט געקאָסט די אָרעמע יידישע ארבעטער כדי צו קריגן אזא צייג־געניש, אז זיי מעגן פאַרדינען כשר זייער אָרעם שטיקל ברויט?

דאָס אלץ איז נאָך ניט געווען גענוג. דער נייער פּוילישער פינאַנס־מיניסטער, דער טרויעריק־באַוווסטער פאַן גראַבסקי, האָט ארויפגעלייגט שטייערן אויף דער יידישער באַפעלקערונג און זיך פאַרנומען אויסצוהונ־גערן סיי דעם יידישן קרעמער און סיי דעם יידישן באַלמעלאָכע און ארויס־נעמען דעם לעצטן ביסן פון זייער מויל. טאָמער האָט איינער ניט געהאַט צו צאָלן דעם שטייער וואָס איז אויף אים ארויפגעלייגט געוואָרן, האָט מען ביי אים צוגענומען דאָס לעצטע קישעלע פון צוקאָפּנס מיטן לעצטן בענקל און איבערגעלאָזט אים — אָפטמאָל אין אַ פינצטערער ווינונג — מיט פוסטע פיר ווענט. אזוי איז די יידישע לאַגע אין פּוילן געוואָרן אומדערטרעגלעך און יעדער איינער האָט געזוכט וועגן און מיטלען ווי אזוי צו אַנטלויפן, עמיגרירן וווהין זיינע אויגן האָבן אים געטראָגן. די דאָזיקע לאַגע האָט דע־

מאָלט געבראַכט צו דער באַוווסטער „גראַבסקי־עליה״ פון פוילן קיין ארץ־ישראל.

* * *

אויב די אַלע עקאָנאָמישע גזירות אויף יידן זיינען געווען ווייניק, האָבן געגומען אויפקומען קאָאָפּעראַטיוון אין פאַרשיידענע שטעט און שטעטלעך אין פוילן. גלייכצייטיק האָט זיך אָנגעהויבן אַ שטאַרקע פּראָפּאַגאַנדע צו דער קריסטלעכער באַפעלקערונג, אַז זיי זאָלן קויפן זייערע אַרטיקלען ניט אין קיין יידישע קראָמען, נאָר אין די פוילישע קאָאָפּעראַטיוון.

„סוואָי דאָ סוואָיעגאָ״ און „זשידי דאָ פּאַלעסטינו!״ („אייגענע צו איי־גענע און יידן קיין פּאַלעסטינע״), איז געווען דער לאָזונג פון די פוילישע פירער. צי האָט זיך דאָס איינגעגעבן דער פוילישער פירערשאַפט איז אַן אַנדער פראַגע. צוליב פאַרשיידענע טעמים האָט די קאָאָפּעראַטיוו־אידעע באַנקראָטירט. און איין קאָאָפּעראַטיוו נאָכן אַנדערן האָבן זיך גענומען פאַרמאַכן...

ערשטנס האָבן די פּאָליאַקן ניט פאַרמאָגט געניג סוחרישע פעאיקייטן, וואָס די יידן האָבן געהאַט. זייענדיק אין גלות אין משך פון דורות און ניט געוואָרן צוגעלאָזט צו פּראָדוקטיווער ערד־אַרבעט, האָבן די יידן קיין ברירה ניט געהאַט ווי צו נעמען זיך צום האַנדל. דערפאַר האָט דער האַנדלס־חוש אין משך פון צייט זיך שטאַרק אַנטוויקלט ביי די יידן. און צווייטנס, איז אין די נייע פאַרנומענע געביטן פון פוילן די מערהייט פון דער באַפעלקערונג באַשטאַנען פון יידן און פון ווייס־רוסן. די ווייס־רוסן זיינען אויך געווען אונ־טערדריקט און זיינען געווען ניט פריינטלעך צו די פּאָליאַקן. האָבן די ווייס־רוסן ווייניק וואָס זיך צוגעהערט צו דער פוילישער אנטיסעמיטישער פּראָ־פּאַגאַנדע פון „סוואָי דאָ סוואָיעגאָ״ און האָבן נאָך אַלץ מער געגרן אָנגעהאַלטן בעסערע באַציאונגען מיט די יידן, איידער מיט די פּאָליאַקן. דאָס האָט סוף־כל־סוף געבראַכט צו דעם אונטערגאַנג פון די קאָאָפּעראַטיוון. אָבער גאָר פון אָנהייב האָט די קאָאָפּעראַטיוו־אידעע שטאַרק אָנגענומען און כמעט אין אַלע שטעט און שטעטלעך זיינען אַזעלכע קאָאָפּעראַטיוון געשאַפן געוואָרן.

אויך אונדזער שטעטל האָט ניט אויסגעמיטן די „קאָאָפּעראַטיוו־צרה״. אונדזער שטעטל „דער־מיר״ האָט געהערט צום פירשט סוויאַטאָפּאָלק־מירסקי, און יעדער יידישער איינוווינער און קרעמער האָט געדאַרפט צאָלן דעם פירשט אַ געוויסן שטייער פאַר זיין הויז אָדער פאַר זיין קראָם. אין די

באַדינגונגען איז פאַר דער פוילישער מאַכט געווען לייכטער ווי ערגעץ אַנ־דערשוווּ זיך אַריינצוקריגן מיט אַ קאָאָפּעראַטיוו, טאַקע אין סאַמע האַרץ פון די רייַען יידישע קראָמען. און גראַדע, צום גליק פון די יידישע קרעמער אין „דער־מיר״, איז דער גורל צוצונעמען אין מיטן צענטער פון די רייען קראָמען פאַר אַ קאָאָפּעראַטיוו אויסגעפאַלן אויף די קראָמען, וואָס האָבן גע־הערט צו מיין משפּחה. אונדזערע קראָמען זיינען באַשטאַנען פון דריי, וואָס זיינען געווען פאַראייניקט דורך דורכגאַנגען צו בײדע זייטן מאַרק.

קיינער האָט זיך ניט געקענט פאָרשטעלן, אַז די אינספּעקציע איבער די יידישע קראָמען, וואָס איז באַשטאַנען פון בירגערמייסטער, „קסיאָנדז״ און אַנדערע חשובע פוילישע פירער, האָט געזאָלט האָבן אַ שייכות מיטן ניי־געשאַפענעם קאָאָפּעראַטיוו. דערוווּסט האָבן מיר זיך שפּעטער, ווען די זעל־בע אינספּעקציע איז אַראָפּגעקומען צו אונדז — באַפולמעכטיקט פון פירשט — מיט אַ באַפעל צו עוואַקויִרן אונדזערע דריי קראָמען, ווייל זיי דאַרפן עס האָבן צו עפענען אַ פוילישן קאָאָפּעראַטיוו.

מיין יונגע ווייבל, איר שוועסטער און זייער מוטער, צו וועמען די דאָזי־קע דריי מאַנופאַקטור־קראָמען האָבן געהערט, זיינען געבליבן צעטומלט און האָבן בשעת מעשה ניט געוווּסט וואָס צו ענטפערן דער שטרענגער דעלע־גאַציע. די טראַגישע נייעס האָט זיך גלייך פאַרשפּרייט אין שטעטל און אָן אָטעם בין איך געלאָפן זיך דערוויסן גענוי וועגן וואָס עס האַנדלט זיך. אויס־הערנדיק דעם בירגערמייסטער מיטן „קסיאָנדז״ האָב איך, פונדעסטוועגן, זיך ניט פאַרלאָרן און האָב זיי קאַטעגאָריש געענטפערט, אַז איך וועל די קראָמען ניט עוואַקויִרן ביז זיי וועלן מיר ניט ברענגען פון פירשט סוויאַטאָ־פּאָלק־מירסקי אַן אָפיציעלן בריוו אַדרעסירט צו מיר פּערזענלעך, אַז די אָנגעוויזענע קראָמען, וועלכע איך מיט מיין משפּחה פאַרנעמען, מוזן ווערן עוואַקויִרט.

די דעלעגאַציע האָט מסכים געווען. זייענדיק זיכער אַז אַזאַ אָפיציעלן בריוו וועלן זיי אָן שוועריקייטן קריגן, האָבן זיי זייער העפלעך מיר צוגעזאָגט ברענגען אין די נאָענטסטע טעג אַזאַ מעלדונג פונעם פירשט. מיט פוילי־שער פאַלשקייט, שמייכלענדיק דערצו, האָבן זיי זיך געזעגנט מיט מיר.

* * *

איך האָב קיין צייט ניט פאַרלוירן און גלייך אַוועק צום פירשט. איך זיץ אין זיין אויפנאַם־צימער און גיב אים איבער אַלע איינצלהייטן: „די אינס־

פּעקציע, וואָס איז באַשטאַנען פון די 'גדולי־העיר' האָבן באַזוכט און דורכ־געקוקט אַלע קראַמען, און גראָדע ביי די דריי קראָמען וואָס געהערן צו מיר און מיין משפּחה, האָבן זיי זיך מער אָפּגעשטעלט, באַזוכט אַ צווייטן מאָל און לסוף געקומען מיט אַ באַפעל פון אייך, אייער הויכקייט, איך זאָל תיכּף עוואַקואירן די קראָמען, ווו זיי האָבן בדעה צו עפענען אַ קאָאָפּעראַטיוו. איך האָב זיי געענטפערט, אַז איך פאַרלאַנג פון זיי אַן אָפּיציעלן דאָקומענט פון אייער הויכקייט, אַדרעסירט צו מיר. איך האָב זיי קאַטעגאָריש דערקלערט, אַז אָן אַזאַ דאָקומענט ריר איך זיך ניט פון אָרט"...

דאָס ערשטע מאָל זינט איך קען דעם פּירשט, האָב איך אים געזען אין אַזאַ אויפגערעקטער שטימונג. ער איז אויפגעשפּרונגען פון אָרט, אַרויפגע־לייגט די הענט אויפן קאָפּ און נערוועז גענומען שפּאַנען הין און צוריק אי־בערן צימער, איבערחזרנדיק די זעלבע פראַזע עטלעכע מאָל:

„באָזשע מאָי, באָזשע מאָי, טשטאָ יאַ סדעלאַל?" (גאָט מיינער, גאָט מיינער, וואָס האָב איך דאָ געטאָן?).

אין אַ ווײַלע אַרום איז ער שטיין געבליבן, און קוקנדיק מיר ערנסט אין פּנים אַריין האָט ער געזאָגט:

„שטעלסטו זיך פאָר, אַז איך האָב דאָס באַוווּסטזיניק אָפּגעגעבן דיינע קראָמען צו דער מאַכט?"

„מיך פאַלט עס גאָרניט איין, אייער הויכקייט", האָב איך מיט דער זעל־בער ערנסטקייט געענטפערט.

און ער גיט מיר דעם ענין געגנוי צו דערקלערן:

„עס איז אַראָפּגעקומען צו מיר אַ דעלעגאַציע אין באַשטאַנד פון ביר־גערמייסטער, דער קסיאַנדז, דער קאָמענדאַנט און נאָך עטלעכע חשובע מלו־כה־אָנגעשטעלטע און מען האָט ביי מיר, אין נאָמען פון דער פּוילישער מאַכט, געבעטן איך זאָל פאַר זיי באַפרייען דריי קראָמען מיט די פאָלגענדע נומערן. (דאָ האָט ער זיך אַנטשולדיקט פאַר מיר, איז אַריין אין זיין קאַ־בינעט און געבראַכט מיט זיך אַ געשריבענע ביטע, אונטערגעחתמעט פון דער אויבן דערמאָנטער דעלעגאַציע און האָט אַרויסגעלייענט די נומערן 9 פון איין זייט, און 17—18 פון דער צווייטער זייט קראָמען, וועלכע זיינען פאַר־אייניקט דורך טירן). זיי האָבן דערקלערט זייער ווענדונג דערמיט, וואָס זיי וועלן אויסמיידן צו ברעכן ווענט און מאַכן רעמאָנט, ווייל די דאָזיקע קראָמען זיינען זייער פּאַסיק פאַר אַ קאָאָפּעראַטיוו, וואָס זיי האָבן בדעה צו

עפענען פאַר דעם נוצן פון דער אָרעמער קריסטלעכער באַפעלקערונג. איז ווי איז דיין מיינונג, האָב איך געקאָנט זיי אָפזאָגן די ביטע און זיך איינרייסן מיט דער מאַכט?"

„געוויס ניט, אייער הויכקייט", האָב איך מיט זאָרג געענטפערט.

„איך האָב אָבער ניט געוווסט און מיר איז גאָר אויפן זינען ניט געקומען, אַז גראָדע די דאָזיקע קראָמען זיינען דיינע. אָבער... וואָס זשע טוט מען איצט? פאַרשטיי מיין לאַגע... קען איך צוריקציען מיין צוזאָג און זיך איינרייסן מיט דער מאַכט?"

„געוויס ניט", האָב איך געמוזט מסכים זיין.

ער האָט ווידער גענומען גיין הין און צוריק איבערן צימער, רײדנדיק צו זיך אליין:

„אָבער מען טאָר זיך ניט פאַרלירן אין אַזוינע סיטואַציעס. מען דאַרף דעם ענין דורכטראַכטן גענוי. אפשר וועלן מיר מיט רויאיקע קעפּ קענען לייזן דעם פּלאָנטער אויפן בעסטן אופן".

פּלוצלונג איז ער שטיין געבליבן לעבן מיר, זיין פּנים איז באַלויכטן געװאָרן געוואָרן און זיין שטענדיקער שמייכעלע האָט זיך ווידער באַוויזן אין זיינע ליכטיקע בלויע אויגן:

„איך האָב אַן אויסוועג! גיי דורך אַלע קראָמען און קלייב זיך אויס וועלכע קראָמען דיר געפעלט און איך וועל עס זיי דיר אוועקגעבן. און אויב מען וועט דאַרפן מאַכן געוויסע ענדערונגען, ווי ארויסנעמען אַ וואַנט וכדומה, זאָג איך דיר אַז אַלץ וועט דערליידיקט ווערן לויט דיין פאַרלאַנג, אויף מיין חשבון. אין דער זעלבער צייט האַלט זיך ביי דיין פאַרלאַנג צו דער מאַכט, אַז זיי מוזן דיר צושטעלן אַן אָפיציעלע ווענדונג פון מיר וועגן אָפּליידיקן די אויבן־דערמאָנטע קראָמען. איך פאַרזיכער דיר, אַז אַזאַ ווענדונג וועל איך זיי ניט ארויסגעבן".

* * *

אויפן אויסגאַנג פון מיין אוידיענץ מיטן פירשט האָבן שוין געוואַרט ניט נאָר מיין משפּחה, נאָר דאָס גאַנצע יידישע שטעטל, איבערהויפּט די קרעמער פון מאַרק. ווייל וואָלט דער פּוילישער מאַכט זיך איינגעגעבן צו עפענען דעם קאָאָפּעראַטיוו אין אונדזערע קראָמען, וואָלט דאָס זיכער אָנגערירט אַלע יידישע קרעמער. דעריבער האָבן אַלע קרעמער מיט אומגעדולד געוואַרט אויף מיין צוריקקער פון פּאַלאַץ.

נאָכן אויסהערן מיין געבויעם באַריכט, איז די ערשטע אַרויסגעקומען מיט אַ קאַטעגאָרישן „ניין" מיין ווייבל פייגעלע. „איך וועל ניט צונעמען ביי יידן דעם ביסן פון מויל און איך וועל קיינעם ניט משיג־גבול זיין. ווייסטו ניט אז יעדער קרעמער האָט אויף זיין קראָם אַ חזקה? און ביי דיר איז רעכט, אז איך זאָל מיט גוואַלד צונעמען יענעמס חזקה" — איז מיין ווייבל אָנגעפאַלן אויף מיר מיט קולות, פונקט ווי דעם פסק־דין וואָלט איך אַרויסגעגעבן און ניט דער פירשט. נאָך לאַנגע אמפּערנישן און דיסקוסיעס איז באַשלאָסן געוואָרן עס זאָלן גיין צום פירשט אַ דעלעגאַציע פון אַלע קרע־מער, און אין דער שפּיץ פון דער דעלעגאַציע זאָלן זיין טאַקע מיין פייגעלע און איך. פייגעלע — האָבן אַלע געטענהט — וועט זיך ניט לאָזן „שפּייען אין דער קאַשע". די דעלעגאַציע זאָל זען פועלן ביים פירשט, אז ער זאָל צוריקציען זיין הבטחה און ניט אריינלאָזן דעם קאָאָפּעראַטיוו צווישן די קראָמען, וואָס דאָס מיינט פשוט דאָס אונטערגאַנג פון אַלע יידישע קרעמער, וועלכע צאָלן אים, דעם פירשט, שטייערן פאַר די קראָמען...

די דעלעגאַציע איז ווידער אין פּאַלאַץ. מיר וואַרטן דער פירשט זאָל אונדז אויפנעמען. דער פירשט האָט זיך זייער דערפרייט און העפלעך באַ־גריסט מיין יונג ווייבל פייגעלען, ווען איך האָב זי פאַר אים פאָרגעשטעלט. זי האָט פאַרן פירשט געלאָזט אין גאַנג איר שאַרפן צינגעלע. זי האָט גענומען אויפקלערן פאַרן פירשט דעם יידישן דין, אז איינער טאָר ביים צווייטן ניט צונעמען דאָס רעכט פון אַן אָרט ווו ער שעפּט חיונה...

דער פירשט האָט זיך מיט אינטערעס צוגעהערט צו מיין ווייבלס אויס־טייטשן דעם יידישן דין. ס'איז קאָנטיק געווען, אז אירע רייד זיינען אים זייער געפעלן געוואָרן. אָבער מיט אַמאָל איז ער ערנסט געוואָרן און האָט זיך אַ קלאַפּ געטאָן אין שטערן: „אוודאי", האָט ער אויסגערופן, ווי ער וואָלט זיך דערמאָנט אָן אַ וויכטיקער געשעעניש — „חזקה"! האָט ער אויס־געטייטשט אין העברעאיש. „מיר איז עס גאָר פון געדאַנק אַרויס".

„יאָ, חזקה", האָט די דעלעגאַציע איבערגעחזרט. „ביי אונדז יידן, צו־צונעמען ביי אַ צווייטן די חזקה פון וועלכער ער ציט זיין חיונה, איז פאַר־רעכנט פאַר אַ גרויסער עבירה", האָט זיך ר' חיים טשאַרני (אַרסעס) אָפּגע־רופן, האַלטנדיק זיין היטל אין האַנט.

„אָבער, מיינע ליבע פריינד", האָט דער פירשט — ווי ער וואָלט זיך וועלן פאַרענטפערן — זיך געווענדעט צו דער דעלעגאַציע, „שטעלט אייך

פאַר, אז איר זייט אין מיין לאַגע. די פוילישע רעגירונג איז גאַר ניט לאַנג אריין אין מאכט און זי הייבט זיך אָן צו באַפעסטיקן. אירע פאַרשטייער קו־מען צו אייך בעטן עפּעס אזוינס, וואָס לויט זייער אויפפאַסונג זעט עס אויס צו זיין אַ קלייניקייט. אין אייערע הענט ליגט דער פּסק־דין, דער אויסגאַנג, און זיי, די העכסטע פאַרשטייער זייערע, זיינען לחלוטין ווייט פון וויסן וועגן אייערע דינים און מינהגים. זיי וויסן ניט, פאַרשטייען ניט און ווילן ניט וויסן און פאַרשטיין וועגן אייער שיינעם מינהג פון חזקה. וואָלט איר גע־קענט ביי זיך פועלן זיי אָפּצוזאָגן אזא קלייניקייט און זיך איינרייסן מיט דער מאַכט ?

„עס איז אמת. איך האָב ניט געוווסט, אז גראָדע די דריי אָנגעמערקטע קראָמען וואָס זיי האָבן אויסגעקליבן, געהערן צו מיין פריינד. וואָלט איך דערפון געוווסט, וואָלט איך זיי ניט צוגעזאָגט די דאָזיקע קראָמען, נאָר איך וואָלט זיי פאָרגעלייגט אויסצוקלייבן אַנדערע קראָמען, וואָס זיי געפעלט אַמבעסטן. אין ערגסטן פאַל וואָלט איך זיי צוגעזאָגט צו מאַכן דעם געהע־ריקן רעמאָנט אויף מיין חשבון. אָבער ווי די לאַגע איז איצט האָב איך קיין אנדער ברירה ניט, ווי אָדער איבערצוגעבן אנדערע קראָמען מיין פריינד טאַבאַטשניק, אָדער בעטן די פאַרשטייער פון דער רעגירונג זיי זאָלן זיך אויסקלייבן אנדערע דריי קראָמען, פאַר וועלכע איך וועל דעקן די הוצאות פון רעמאָנט, לויט זייערע פאַרלאַנגען״.

איצט האָט, אין נאָמען פון דער דעלעגאַציע, גענומען אַ וואָרט דער אַפּטייקער ה׳ שאול ראַזאָווסקי:

„אייער הויכקייט״, האָט ה׳ ראַזאָווסקי אָנגעהייבן אין זיין פּרעכטיקן רוסיש, „דערלויבט מיר אייך אויפצוקלערן גענויער דעם אינהאַלט פון אונד־זער שליחות צו אייך. מיר זיינען געקומען צו אייך אין נאָמען פון אלע יידי־שע קרעמער פון שטעטל, בעטן אייך איר זאָלט אויסווירקן ביי דער מאַכט זיי זאָלן זיך מיט זייער קאָאָפּעראַטיוו ניט באַזעצן אין האַרץ פון די יידישע קראָמען, ווייל דאַן דראָט אונדזערע קרעמער א פולשטענדיקער אונטערגאַנג.

„צי קענט איר זיך פאָרשטעלן אַ קונה זאָל אריינקומען אין איינעם פון אונדזערע רייען קראָמען, וועט אין טיר ווייטער וועט זיך געפינען אַ קאָאָפּע־ראַטיוו, וואָס וועט פאַרקויפן די זעלבע סחורה א סך ביליקער ? דערמיט, נאַטירלעך, וועלן זיי ברענגען אַ חורבן צו אַלע אונדזערע יידישע קרעמער, וועלכע זיצן שוין אזוי פיל יאָרן אין אייערע קראָמען און אין וועלכע אונדזע־

רע אבות אבותינו זיינען נאָך געזעסן אין די זעלבע קראָמען און האָבן אייך געצאָלט פּינקטלעכע שטייערן. אויב דער ציל פון דער מאַכט זאָל ווערן דערפאָלגרייך, מוזן מיר, אַלע יידישע קרעמער, פּשוט אוועקגיין בעטלען איבער די הייזער פאַר אַ שטיקל ברויט. און דאָס ווילן דאָך די נייע מאַכט־האָבער! זיי ווילן צונעמען ביי אונדז דעם ביסן פון מויל. דעריבער זיינען מיר געקומען צו אייך בעטן רחמים, אז איר זאָלט אָפּשרייען די גזירה. זאָלן זיי זייער קאָאָפּעראַטיוו טאָקע עפענען, אָבער ניט אין די רייען פון אונדזערע קראָמען. נאָר איר, אייער הויכקייט, דורך אייער פּערזענלעכקייט, וועט ביכולת זיין מיט פאַרשטענדעניש צו ווירקן ביי דער מאַכט, אז זיי זאָלן אונדז, יידישע קרעמער, ניט צופיל אָנרירן דורך דעם וואָס זיי וועלן איינאָרדענען דעם קאָאָפּעראַטיוו ערגעץ אין אַ זייטיקער גאַס. קיין קונדן וועט דאָך זיי ניט פעלן ווו זיי וועלן ניט זיין".

„איך פאַרשטיי אייך, ליבע פריינד", האָט דער פירשט נאָך אַ ווײַלע טראַכטן זיך אָפּגערופן. „איך האָב באמת אויפן מאָמענט, ווען איך האָב זיי געגעבן מיין צוזאָג, ניט גענומען אין באַטראַכט די קאָנסעקווענצן וואָס וועלן דורך דעם געשאַפן ווערן. איצט געפין איך זיך אין אַ זייער ניט אָנגענעמער לאַגע און איך וועל דעם ענין מוזן גוט דורכטראַכטן. גייט אהיים און זייט רואיק. איך וועל זיך באַמיען ארויסצופּלאָנטערן פון דעם דאָזיקן קאָמפּליצירטן ענין. מיינע ליבעראַלע נייגונגען — איבערהויפּט צו דער יידן־פראגע — דאַרף אייך זיין באַקאַנט. איר האָט שטענדיק געהאַט אין מיר אַ פריינד. לאָזט עס איבער צו מיר. איך וועל זיך אַן עצה האַלטן מיט מיין הויפּט־פאַרוואַלטער און די רעזולטאַטן וועט איר זיך דערוויסן אין איניקע וואָכן ארום".

צו מיר האָט ער זיך געווענדעט, קוקנדיק אויף פייגעלען:

„דו ווייסט, דו האָסט געטאָן זייער אַ גוטן שידוך. אפילו איך וואָלט פאַר דיר קיין שענערע און קליגערע כלה ניט געקענט אויסקלייבן". און מיט אַ העפלעכן בויג פאַר פייגעלען האָט ער זיך מיט אונדז געזעגנט.

* * *

אין אַ וואָך ארום האָט מיך דער הויפּט־פאַרוואַלטער געשיקט רופן. ער האָט מיר איבערגעגעבן, אז דער פירשט האָט דרינגענד געמוזט אָפּפאָרן קיין וואַרשע. איידער ער איז אָפּגעפאָרן האָבן זיי זיך געטראָפן מיטן בירגערמייסטער און געהאַט אַ לענגערע באַראַטונג וועגן דעם ענין קאָאָפּעראַטיוו. דער

פירשט האָט דעם בירגערמייסטער איבערגעגעבן זיין פאַלגנדן באַשלוס:

ער, פון זיין זייט, קען ניט און וועט אין קיין פאַל ניט צונעמען די קראַ־מען פון זיין פערזענלעכן פריינד, דעם ה׳ טאַבאַטשניק. דעריבער קען ער זיי קיין שריפטלעכע באַפולמעכטיקונג וועגן דעם, אז דער ה׳ טאַבאַטשניק זאָל עוואַקוּאירן די קראָמען ניט געבן. צו דער זעלבער צייט קאָן ער אָבער ניט אָפּהאַלטן די אויטאָריטעטן צו באַנוצן זיך מיט דער מאַכט און צווינגען מיט גוואַלד דעם ה׳ טאַבאַטשניק זיך ארויסציען פון די קראָמען, כדי זיי צו מאַכן פריי פאַר דעם געפּלאַנטן קאָאָפּעראַטיוו. אויב אָבער די אויטאָריטעטן וועלן זיך באַנוצן מיט אַזוינע גוואַלד־מיטלען וועט דאָס געוויס זיין קעגן די ווונטשן פון דעם פירשט, וועלכער וועט זיי קיינמאָל ניט מוחל זיין. דעריבער איז זיין פאָרלייג, אז צוזאַמען מיט די שטאָטישע קרעמער זאָלן זיי קומען צו אַ הסכם וועגן דעם פּלאַץ און וועגן די באַדינגונגען פאַר דער שאַפונג פון אַזאַ קאָאָפּעראַטיוו.

איך בין אוועק פון הויפּט־פאַרוואַלטער זייער אַ צופרידענער און גלייך איבערגעגעבן מיין משפחה, ווי אויך דער דעלעגאַציע פון די קרעמער דעם באַשלוס פון פירשט.

פאַרשטייט זיך, אז די פוילישע מאַכט, זיך דערוויסנדיק פון פירשטס באַ־שלוס, האָט ניט געוואָלט זיך שטעלן קעגן זיין ווילן און געלאָזט וויסן די פאָרשטייער פון די ייִדישע קרעמער, אז זיי זיינען גרייט צו פאַרהאַנדלען מיט זיי וועגן אַ פּאַסיקן אָרט פאַרן קאָאָפּעראַטיוו, עס זאָל זיין צופרידנשטעלנד פאַר זיי. נאָך קורצע פאַראַהנדלונגען זיינעןביידע צדדים געקומען צו דער פאָלגנדיקער הסכמה:

די ייִדישע קרעמער שטאָטן אויס אויף זייערע הוצאות אַ הויז אין אַ ווינקל פון מאַרק. זיי וועלן מאַכן דעם געהעריקן רעמאָנט, לויט די אָנווייַ־זונגען פון די אויטאָריטעטן און דאָס הויז גייט איבער אין רשות פון די אויטאָריטעטן פאַר דעם צוועק צו עפענען דאָרט אַ קאָאָפּעראַטיוו צו דינען די אינטערעסן פון דער אָרעמער קריסטלעכער באַפעלקערונג.

אַזאַ קאָאָפּעראַטיוו איז טאַקע געעפנט געוואָרן, אָבער קיין אריכת ימים האָט ער ניט געהאַט. צי דאָס איז געווען צוליב די אינערלעכע מחלוקתן פון די אָנפירערס, צי פון דער ניט־אָרנטלעכער אָנפירונג. ווי די זאַך איז געווען — דער קאָאָפּעראַטיוו האָט זיך גאָר אין גיכן צוגעמאַכט און דער ניט־אָנ־גענומער קאַפּיטל איז געשלאָסן געוואָרן אָן היזק צו די ייִדישע קרעמער.

# קולטור־אויפבלי און באַגרענעצונגען



יקאַנעס און רדיפות זיינען געמאַכט געוואָרן ניט נאָר אויפן עקאָנאָמישן געביט, נאָר אויך אויפן קולטורעלן געביט. אין יעדער קולטור־צווייג זיינען געמאַכט געוואָרן שוועריקייטן און באשרענקונגען. נעמען מיר, צום ביישפיל, דאָס טעאַטער־געביט: אונטער דער צייט פון די באָלשעוויקעס האָט אונדזער דראַמאַטישער קרייז זיך צעבליט און פאַרצווייגט אין כמות און אין איכות. ווען די 16טע אַרמיי איז איינגעשטאַנען אין אונדזער שטעטל — ווי איך האָב שוין דערמאָנט אין אַ פריערדיקן קאַפּיטל — איז אויסגעבויט געוואָרן אַ ספּעציעלער טעאַטער און דער מאָסקווער קונסט־טעאַטער, וועלכן מען האָט אַראָפּגעבראַכט לכתחילה צו באַדינען די אַרמיי, האָט זיך צום סוף געפונען אין אַן אויסזיכטסלאָזער לאַגע. צוליב דעם בירגער־קריג האָבן גרויסע טיילן פון דער אַרמיי פאַרלאָזן אונדזער שטעטל, און די רייען פון דער אַרמיי איז בהדרגהדיק געוואָרן שיטערער.

דער קונסט־טעאַטער האָט זיך פאַר אַ לאַנגער צייט ניט געקענט צו־ריקקערן קיין מאָסקווע און לית־ברירה האָבן זיי געמוזט אַריבערגיין מיט זייער רעפּערטואַר אויף יידישע טעמעס, כדי צוציען צום טעאַטער דאָס יידי־שע באַפעלקערונג. דאָ האָבן זיי געמוזט אָנקומען צו אונדז, צו דער יידישער דראַמאַטישער סעקציע נאָך הילף. איבערהויפּט בין איך, אַלס רעזשיסאָר פון דער סעקציע, זיי שטאַרק צונוץ געקומען. איך פלעג ווערן איינגעלאַדן צו זייערע פּראָבעס און זיי געגעבן צו פאַרשטיין די יידישע כאַראַקטערן, יידישע מינהגים, געוווינהייטן און זיטן, ווו נאָר ס'האָט זיך געפאָדערט.

צום ביישפּיל: ביי זייער אויפפירונג „גאָט, מענטש און טייוול" פון יעקב גאָרדין, האָב איך כמעט גלייך מיט זייער רעזשיסאָר, דעם באַוווסטן שוי־שפּילער ראַשקאָווסקי, זיך באַמיט זיי אויפצוקלערן דעם טיפּ פון סופר ס"ת, הערשעלע דובראָוונער, געשפּילט פון דעם שוישפּילער ווערכאָווסקי. דאָס גלייכן פון דער יידישע אשה צנועה פריידעניו, געשפּילט פון דער באַוווס־טער אַקטריסע מאַסלאָווא.

איך האָב אויך געהאַט די אויפגאַבע איינצושטעלן אַ מלאכים־כאָר, וואָס האָט פון הינטער די קוליסן געעפנט די פאַרשטעלונג מיט אַ לויב־געזאַנג צום בורא־עולם. מיר האָבן זיי אויך געהאָלפן מיטן רעקוויזיט און מיט סטאַטיסטן, ווען עס האָט זיך געפאָדערט. דאָס זעלבע איז געווען מיט דער פאַרשטעלונג „תקיעת כף" פון פּרץ הירשביין, ווי אויך אַנדערע פּיעסן געשפּילט אין רוסיש אויף יידישע טעמעס. מיר זיינען געוואָרן גרויסע פריינד מיט דעם מאָסקווער קונסט־טעאַטער, איבערהויפּט בין איך געוואָרן מיט דער גאַנצער טרופּע אַקטיאָרן אַ חבר און אַ בן־בית.

איך מוז זאָגן, אַז זייענדיק אזוי נאָענט צו זיי, בייזיין ביי יעדע פּראָבע אָנגעפירט פון די באַגאַבטסטע רעזשיסאָרן ראַשקאָווסקי און ווערכאָווסקי, צוקוקנדיק זיך צו די פּראָבן פון דער באַוווסטער רוסישער פּרימאַדאָנע פרוי מאַסלאָווא און דער גאַנצער טרופּע קינסטלער, וואָס האָבן זיך דערוואָרבן, קען מען זאָגן, דעם גרעסטן נאָמען אין אייראָפּע, בין איך דורכגעגאַנגען איי־נע פון די בעסטע דראַמאַטישע שולן, וואָס קיין אוניווערסיטעט וואָלט עס מיר ניט געקענט לערנען...

דערפאַר האָבן זיי אונדז אָפּגעדאַנקט מיטן איבערלאָזן אונדז אַלס מתנה זייערע אַלע דעקאָראַציעס, וואָס איז ספּעציעל געמאָלן געוואָרן פאַר יעדער פּיעסע פון דעם באַרימטן מאָסקווער חודאָזשניק, ה' פּראָכאָנין. די דעקאָראַ־

ציעס ווי אויך אַ טייל פון זייער רייכן רעקוויזיט, וואָס פאַר זיי איז געווען אוממעגלעך מיטצונעמען קיין מאָסקווע, איז אָפיציעל איבערגעגעבן געוואָרן אין אונדזער רשות. איז קיין וווּנדער ניט וואָס אונדזערע שפּעטערדיקע פאַר־שטעלונגען, ביים אָנהייב פון דער באָלשעוויסטישער מאַכט און שפּעטער אפילו פאַר די פּאָליאַקן, האָבן באַקומען דעם געהעריקן אָפּקלאַנג אַזוי, אַז מיר האָבן געשפּילט יידיש־טעאַטער ניט נאָר אין אונדזער שטעטל, נאָר מיר זיינען זייער אָפט איינגעלאַדן געוואָרן צו שפּילן אין די אַרומיקע שטעטלעך.

מיט דער צייט איז דער באַוווּסטזיין וועגן טעאַטער, אַלס אַ צווייג פון דער יידישער קולטור, געוואַקסן צוגלייך מיט דער וווּקס פון דער יידישער ליטעראַטור. מיר האָבן גענומען פאַרשטיין וואָס דאָס יידיש־טעאַטער דאַרף מיט זיך פאָרשטעלן. אויף וועלכע וועגן דאַרף דאָס יידיש־טעאַטער זיך פאַר־נעמען. דעריבער האָבן מיר אָפּגעוואָרפן די אַלע ביז איצטיקע שונד־פּיעסן און מיר האָבן שטענדיק אָפּגעהיט די ריינקייט פון יידישן טעאַטער. מיר האָבן באַטראַכט דעם־אַ קולטור־צווייג ווי אַ שול פאַר דערוואַקסענע און מיר האָבן זיך געהאַלטן ביי די אָנערקענטע יידישע דראַמאַטורגן, אויס־קלייבנדיק זייערע בעסטע פּיעסן און צייטנווייז אויך איבערזעצונגען פון דער גוטער וועלט־ליטעראַטור.

* * *

מיטן אָנקום פון דער פּוילישער מאַכט, זיינען אויך אָנגעקומען קולטור־שוועריקייטן. אויף אונדזער דראַמאַטישן קרייז, וואָס איז געווען אַן אָנער־קענטע אינסטיטוציע, זיינען אויפגעקומען נייע גזירות: די ערשטע פאָדע־רונג פון דער מאַכט איז געווען, אַז יעדע פאָרשטעלונג אונדזערע מוז דורכ־גיין אַ ספּעציעלע צענזור. צו דעם צוועק האָט מען געמוזט צושטעלן כמעט אַ גענויעם אינהאַלט פון דער פּיעסע אין דער פּוילישער שפּראַך. דערביי האָט מען געמוזט ביילייגן אַן אַפּליקאַציע און עס אָוועקשיקן צום בילדונגס־אינספּעקטאָר פון אונדזער באַצירק. און אויב דער אינהאַלט פון דער פּיעסע איז דעם אינספּעקטאָר געפעלן געוואָרן; אויב עס איז געווען גענוג כשר און עס איז חלילה ניט געווען קיין אָנדייטונג וועגן קאָמוניזם, האָבן מיר נאָך לאַנגע אינטערווענציעס וואָס האָט אָפּטמאָל גענומען חדשים, סוף־כל־סוף באַקומען די דערלויבעניש.

ביי דער אויפפירונג פון יעדער פּיעסע זיינען די ערשטע צייט בייגע־

ווען איניקע געהיים־אַגענטן צו קאָנטראָלירן, אויב דער אינהאַלט שטימט מיט דער איבערזעצונג. אזעלכע און נאָך ענלעכע שוועריקייטן האָבן מיר געמוזט אויסשטיין כמעט טאָג־טעגלעך. דאָס האָט אָבער אונדז ניט אָפּ־געהאַלטן פון אונדזער אינטענסיווער, איבערגעגעבענער ארבעט. מיר האָבן זיך באַמיט צו באַזייטיקן אַלע שוועריקייטן און אונדזער ארבעט איז אָנגע־גאַנגען אָן שטרויכלונגען.

דאָס איז געווען א דאנק דער איבערגעגעבענער און מסירת־נפשדיקער ליבשאַפט פון יעדן איינעם פון די יונגע ענטוזיאסטישע און באַגאַבטע ליב־האָבער פון יידיש־טעאַטער. עס וואָלט געווען אַ גרויסע עוולה פון מיין זייט ניט צו דערמאָנען — און במילא פאראייביקן — די נעמען פון אזוינע זעל־טענע ליבהאָבער־טיפּן, וועלכע מיר האָבן פאַרמאָגט און וועלכע האָבן מיט לייב און לעבן בייגעטראָגן צו דעם גרויסן דערפאָלג פון אונדזער דראַמאַ־טישער ליבהאָבער־טרופּע. אָבער מען מוז דאָ אויפן ערשטן אָרט פאראיי־ביקן און דערמאָנען די נאָענטע פריינד, די וועלכע האָבן זיך ניט באַטיי־ליקט אין די אויפפירונגען און אָ דאַנק ווע‏מען די טרופּע, אַלס אזעלכע, האָט געהאַט איר אָנשפּאַר. די גייסטיקע פערזענלעכקייטן ארום אונדזער יידישן טעאַטער, וועלכע האָבן פאַרדינט צוליב זייער געזעלשאפטלעך־קולטורעלע טעטיקייט סיי אויפן טעאַטער־געביט, ווי אויך אויפן געביט פון חינוך, זיי זאָלן דערמאָנט און פאראייביקט ווערן.

## דוד קאַצענעלנסאָן (דאָדזשע)

צו זאָגן אז דאָדזשע קאַצענעלנסאָן איז געווען אַן אויסגעשפּראָכענער ציוניסטישער פירער און במילא אַ שטאַרקער קעגנער פון „בונד“, קען מען ניט. דאָדזשע איז געווען א מענטשן־פריינד, און איבערהויפּט — אַ געזעל־שאַפטלעכער טוער. ער איז קיינמאָל ניט געווען קיין פאַנאַטישער פּאַרטיי־מענטש. ער האָט געהערט כמעט צו יעדער געזעלשאַפטלעכער אָרגאַניזאַציע.

ער איז געווען אַ מיטגליד פון דער קהילה, אַ מיטגליד פון דער פאָלקס־באַנק, אַ מיטגליד פון דער ביבליאָטעק, פון שטאָטישן שפּיטאָל, אַ מיטגליד פון דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע, און אין אַלע אינסטיטוציעס און חברהס וועלכע האָבן עקסיסטירט אין שטעטל. עס איז ארומגעגאַנגען אין שטעטל

אַ ווערטל: „ווען, חס־ושלום, דאָדזשע קאַצענעלנסאָן זאָל אוועקשטאַרבן, וואָלט אין שטעטל אויסברעכן אַן אמתע מגפה. — מען וואָלט געזאָגט: ס׳איז געשטאָרבן דער פאָרזיצער פון דער פאָלקס־באַנק, דער וויצע־פּאָרזי־צער פון ביקור־חולים, עקזעקוטיוו־מיטגליד פון דער שול־פּאַרוואַלטונג, אַ קאָמיטעט מיטגליד פון דער ביבליאָטעק, פון דער פייערלעשער בריגאַ־דע און נאָך, און נאָך...“

אַ מענטש — באמת אַ קורצזיכטיקער — מיט פענסנע וואָס איז אים אַראָפּגעהאַנגען אויף אַ שנירל, האָט מען אים געזען גייענדיק גאַנצע טעג פון איין זיצונג צו דער צווייטער. ביים באַגעגענען האָט ער איך שטענדיק גע־טראָגן אַ שמייכל אנטקעגן און מיט אַלעמען זיך געחברט: האָט עס גע־קענט זיין אַ שוסטער, אַ שניידער, אַ באַלעגאָלע, אַ סטודענט, אַ לערער, אַ למדן צי אַן עם־הארץ — פאַר אַלעמען האָט ער געהאַט אַ גוט וואָרט, דער־ציילט אַ וויץ און מיט אַלעמען געווען „פּאַן־בראַט“.

ווו נאָר אַן אינסטיטוציע האָט געדאַרפט אָנקומען צו „באַטשאַלסטוואָ“, זוכן אַ צוטריט צו אַ „קנעפּל“, אָדער ווען עמעצער האָט סתם געדאַרפט אַ טובה, איז מען געלאָפן צו דאָדזשע קאַצענעלנסאָן. און דאָדזשע האָט קיינ־מאָל ניט געוווסט וואָס דאָס מיינט עמעצן אָפּזאָגן. ער איז אומעטום גע־לאָפן, אַלץ געטאָן באהבה און קיינמאָל איז ער פאַר קיינעם ניט מיד געווען.

און יידן, נעבעך, האָבן געדאַרפט שטענדיק זוכן טובות, און אָרגאַניזאַ־ציעס האָבן זיך שטענדיק געניטיקט אין שתדלנים — איז צו וועמען האָט מען זיך געווענדעט? צו דאָדזשען! דעריבער טאַקע איז דאָדזשע שטענדיק געווען פאַרנומען מיט קהלשע ענינים. פאַרן שטעטל איז דאָס געווען זייער נאַטירלעך אז דאָדזשע וועט שוין אַלץ דערליידיקן. ווי דען אַנדערש? און דאָדזשע האָט טאַקע אַלץ דערליידיקט!...

איז פאַרשטענדלעך, אַז דאָדזשע איז אויך געווען אַ גרויסער פריינד און ליבהאָבער פון יידישן טעאַטער און במילא אויך פון אונדזער דראַמאַ־טישן־קרייז. האָט מען טאַקע די לעגאַלע ארבעט, וואָס איז געווען פאַרבונדן מיט דערלויבענישן פאַרן אויפפירן די אָדער יענע פּיעסע, אַרויפגעוואָרפן אויף דאָדזשען, — איז ביי אים צוגעקומען נאָך אַ פּאַפּיר אין בוזעם־קעשענע, מיט וועלכע ער פלעגט זיך שטענדיק אַרומטראָגן. אַ דאַנק אַזעלכע דאָדזשעס האָבן אינסטיטוציעס געלעבט, געשאַפן און אויפגעטאָן אין יעדער שטאָט און שטעטל. לאָמיר דאָ פאַראייביקן דעם היילקן נאָמען פון דוד קאַצענעלנסאָן,

וועלכער איז אומגעבראַכט געוואָרן פון די ערשטע אויף קידוש־השם, דורך די רוצחישע הענט פון די היטלעריסטישע בעסטיעס, צוזאַמען מיט אַלע מירער יידן.

כבוד זיין אָנדענק!

# זשאַמע יאָסעליעוויטש

וועגן זשאַמע יאָסעליעוויטש האָב איך זייער א סך געהערט. זיין נאָמען איז דערמאָנט געוואָרן מיט גרויס רעספּעקט און יראת הכבוד צווישן אַלע טיילן פון דער מירער יוגנט, ווי אויך פון עלטערע.

עס איז אָבער געווען אַן אונטערשייד אין דעם אופן ווי אַזוי דער על־טערער דור, און איבערהויפּט די ציוניסטן פון שטעטל האָבן זיך באַצויגן צו אים. אויב צווישן די ארבעטער און לינקערע עלעמענטן אין „דער־מיר" איז זשאַמע יאָסעליעוויטש געווען פאַרגעטערט, האָבן די ציוניסטישע עלע־מענטן, ניט געקוקט אויף דעם וואָס זיי האָבן אים געאַכט פאַר זיין אינטע־ליגענץ און וויסן, געזען און געפילט אין דער פּערזענלעכקייט פון זשאַמען אַ שטאַרקן און באַוווסטזיניקן קעגנער.

זשאַמע יאָסעליעוויטש האָט מערסטנטייל ניט געלעבט אין זיין געבוירן־שטעטל „דער־מיר". אים איז ענג געווען אין דעם קליינעם שטעטל, ער האָט דאָרט ניט געהאַט זיין פּאַסיקע סביבה, ווו ער זאָל זיך קענען אויסלעבן. אָבער פון צייט־צו־צייט פלעגט ער זיך באַווייזן אין שטעטל. צי ער פלעגט זיך פאַרבענקען נאָך זיינע אידייאישע תלמידים, צי נאָך זיין משפּחה, וועלכע איז געווען אַ פּאַרצווייגטע אין „דער־מיר" און באַקאַנט געווען אונטערן נאָמען „די לייזונט־הענדלערס", אָבער זיינע באַזוכן פלעגן שטענדיק ארויס־רופן א יום־טובדיקע סענסאַציע.

איך געדענק איינעם אַזא וויזיט, איידער איך האָב אים גוט געקענט: „זשאַמע יאָסעליעוויטש קומט — אַזוי האָט זיין טאַטע געזאָגט"! מיט אוי־סערגעוויינלעכער שנעלקייט האָט זיך די בייעס צעטראָגן צווישן דער פּראָג־רעסיווער יוגנט. די טעמע ביי קאָמינעצקיס מויער יענעם שבת איז געווען זשאַמעס קומען.

דער ערשטער איינדרוק מיינער, נאָכן באַקענען זיך מיטן חבר זשאַמען,

האָט איבערגעשטיגן אַלע מיינע דערוואַרטונגען. דעם אינטעלעקט האָט מען גלייך דערקענט אויף זיין פּנים. אַ מירער אינטעליגענט, אַן עניו, אַזוי פיל פּשטות! קיין סימן פון גרויסווירדיקייט. זיין שטיל ריידן, זיין שמייכל האָט ממש באַצויבערט.

חבר זשאַמע אינטערעסירט זיך מיט אַלע סאָציאַלע און קולטורעלע פּראָבלעמען פון דער מירער אַרבעטערשאַפט, פון דער מירער אָרעמקייט, ווי אויך מיטן יידישן דראַמאַטישן קרייז. מען האַלט אָפּ זיצונגען. זשאַמעס אַנוועזנהייט באַגייסטערט. עס איז אַ יום־טובדיקע שטימונג, ס׳איז יום־טובדיק אויף דער נשמה. אַלע קוקן אַרויף צו חבר זשאַמע, צו הערן זיין וואָרט, זיין מיינונג, פאַרצייכענען זיינע אָנווייזונגען און לערנען פון זיין וויסן און דערפאַרונג. באַזונדערס שמועסט ער מיט מיר וועגן די נייע שטרעמונגען אין יידישן טעאַטער. אויך דאָ גיט ער אָנווייזונגען.

דער מיטינג וואָס איז איינגעאָרדנט געוואָרן אין בית־מדרש, ווו זשאַמע איז אויפגעטראָטן אויף דער טעמע: „יידישע פּראָבלעמען אין ליכט פון וועלטלעכע געשעענישן", איז געווען אַ גרויסער דערפאָלג. ניט נאָר זיינען געקומען אים הערן די פּראָגרעסיווע עלעמענטן, נאָר אויך שטעטלדיקע באַלעבאַטישע יידן וועלכע האָבן אים געקענט, זיינען אים געקומען הערן.

זשאַמע יאָסעליעוויטש איז געווען אַ גלענצנדער רעדנער, כאָטש זיין שפּראַך און אַרט ריידן איז ניט געווען אַזוי לייכט צוגענגלעך פאַר יעדערן. זשאַמע איז ניט געווען קיין מאַסן־רעדנער, קיין פּראָפּאַגאַנדיסט, דערפאַר אָבער איז זיין ריידן שטענדיק געווען באַלערנדיק. איבערהויפּט האָט ער זיך אויסגעצייכנט אין דעבאַטן און אין ענטפערן אויף פראַגעס. ער איז קיינמאָל ניט באַפאַלן זיין אָפּאָנענט, נאָר מיט זיין אייגנאַרטיקן שמייכל און זיינע לאָגישע אַרגומענטן, פאַרוואָרפנדיק זיין קעגנער מיט פּסוקים פון תלמוד און פון תנ״ך, האָט ער מערסטנטייל איבערצייגט זיינע קעגנער.

דער קליינשטעטלדיקער מירער זשאַמע יאָסעליעוויטש האָט געשפּילט אַ באַדייטנדיקע ראָלע צווישן די אַרבעטער־רייען פון די גרעסערע צענטערן ווי מינסק און אַנדערע שטעט. אויך אונדזער דראַם־קרייז האָט געלערנט פון אים.

כבוד זיין אָנדענק!

# בערל־ליפּע מיכאַלעווסקי

באַקאַנט האָב איך זיך מיט אים אַ שבת פרי, ביי קאַמינעצקיס מויער.

אַ דאַרער, אַן אויסגעמאַגערטער מיט אַ בלאַס פּנים, אַטעמענדיק שווער, איז ער געשטאַנען אָנגעשפּאַרט אויף זיין שטעקן צווישן חברה יוגנטלעכע און גערעדט. אַלע האָבן מיט אינטערעס זיך צוגעהערט.

עס האָט זיך געפילט אַן ערנסטע שטימונג. ס'איז שוין ניט געווען די שטענדיקע יוגנטלעכע אַוואַנטוריעס, מיט וועלכע די שבתדיקע פּרימאַרגנס האָבן זיך שטענדיק אויסגעצייכנט ביי קאַמינעצקיס מויער. ניט געווען מער קיין אַנעקדאָטן, וויצן, נאָר אַלע ווי איינער האָבן אויסגעהערט וואָס בערל־ליפּע האָט צו זאָגן. און בערל־ליפּע האָט געהאַט אַ סך צו זאָגן.

בערל־ליפּע איז ניט געווען קיין רעדנער, קיין אָראַטאָר ווי, למשל, זשאַמע יאַסעליעוויטש, אָבער סאָציאַליזם, קלאַסן־צעטיילונג, סאָציאַלע פּראָבלעמען, קולטור־פּראָבלעמען פאַר די אָפּגעשטאַנענע אַרבעטער, די ראָל פון „בונד" אין יידישן לעבן ווי אויך אין דער אינטערנאַציאָנאַלער אַרבעטער־משפּחה — דאָס זיינען געווען זיינע טעמעס אין די שמועסן ביי קאַמינעצקיס מויער, אין פּריוואַטע הייזער, אין בית־מדרש און ביי יעדער געלעגנהייט.

בערל־ליפּע האָט ניט געזוכט און ניט געדאַרפט קיין פאַרזאַמלונגען אָדער מיטינגען. זיינען געשטאַנען איניקע יידן אויפן מאַרק אָדער אויפן שול־הויף און געשמועסט, איז שוין פאַר בערל־ליפּען געוואָרן אַ מיטינג.

בערל־ליפּע איז ניט געווען קיין אַפּנויגער. פון זיינע פּרינציפּן האָט מען ניט געקענט אַראָפּדינגען אפילו קיין „קוצו של יוד". ער האָט זיך געהאַלטן פעסט ביי זיינע איבערצייגונגען. און וואָלט בערל־ליפּע יונגערהייט ניט געווען קיין קרבן פון טובערקולאָז, וואָס האָט אים צוגעשמידט צום בעט פאַר וואָכן און חדשים, וואָלט ער אָן ספק געוואָרן אַ באַדייטנדיקע פיגור צווישן דער אַרבעטער־פירערשאַפט.

בערל־ליפּע איז מיט לייב און לעבן געווען איבערגעגעבן דער אַרבעט פון דער דראַמאַטישער סעקציע. כאָטש אליין האָט ער קיין אַקטיווע הילף ניט געקענט ביישטייערן, האָט ער אָבער מאָראַליש שטענדיק צוגעגעבן מוט און סטימולירונג צו די אָנפירער פון דער טעאַטער־סעקציע.

עס דערמאָנען זיך די לעצטע טעג פון זיין לעבן. מיר, איניקע פריינד זיינע, זיינען אים געקומען מבקר חולה זיין. קיין באַזונדערן צימער האָט ער

ניט געהאַט. די בעט איז געשטאַנען אין אַ צימער וואָס האָט געדינט פאַרן עס־צימער, אויפנאַם־צימער און פאַר אַלע פאַרשיידענע שטוביקע באַדערפעניש. זיין פּנים האָט אויסגעזען געל ווי אַ יריעה־פאַרמעט, אָבער זיינע לאָגישע געדאַנקען האָט די שווידערלעכע קרענק ניט אָנגערירט.

„מיינע טעג, אויב ניט שוין זיינען געציילטע", האָט ער אָנשעפּנדיק לופט, ארויסגערעדט. „אויבן־אויף קען זיך דוכטן: וואָס האָט מיין קראַנקייט פאַר אַ שייכות מיט אונדזער קאַפּיטאַליסטישער סיסטעם? אָבער עס האָט יאָ! בין איך דען ניט קיין קרבן פון אָט דער סיסטעם? וואָלט איך ניט געלעבט אין אַזוינע שווידערלעכע באַדינגונגען, וואָלט איך אפשר צו מיין צושטאַנד ניט געקומען...

„זעט, חברים, האַלט אָן דעם קאַמף אויף אַלע געביטן: אויפן סאָציאַלן, קולטורעלן און פּאָליטישן פראָנט, אויב ניט פאַר אונדז, איז לפּחות פאַר די קומענדיקע דורות. דאָס איז דאָס איינציקע וואָס מיר פאַרמאָגן נאָך דערוויל".

אין איי ניקע טעג ארום האָט בערל־ליפּע מיכאַלעווסקי אויסגעהויכט זיין ריינע נשמה.

# חיים זשוק און משה'ל גינזבורג (קערענסקי)

משה'ל גינזבורג ע"ה איז געווען מיין געוועזענער שוואָגער, מיין ווייבס ברודער, און חיים זשוק איז געווען מיין ווייבס אַ פּלימעניק. ביידע איבערגעגעבענע געזעלשאַפטלעכע און קולטור־טוערס. ביידע גאָר נאָענט צו אונדזער דראַמאַטישער סעקציע און צו דער יידישער פאָלק־שול, וועגן וועלכער מיר וועט נאָך אויסקומען צו דערציילן.

אָפּטיילן זיי באַזונדער קען מען ניט. כאָטש פיזיש זיינען זיי געווען כרחוק מזרח ממערב, זיינען זיי אָבער געווען אַזוי ווי צוויי מענטשן מיט איין גוף און איין נשמה.

דער אונטערשייד אין עלטער איז געווען גאָר אַ קנאַפּער. אויב איך האָב קיין טעות ניט, איז חיים זשוק געווען מיט איי ניקע יאָר עלטער פון משה'ל גינזבורג. דאָך, ווי קאָמיש דאָס האָט ניט אויסגעזען, איז משה'ל געווען „דער פעטער" און חיים — זיין „פּלימעניק".

בײדע זײער פּעאיקע געשעפטס־לײט, בײדע גאַנץ פאַרמעגלעך, דאָך בײדע פאָלקס־מענטשן. זײערע געשעפט־פעאיקײטן האָבן זײ שטענדיק צו־געפּאַסט צו דער געזעלשאַפטלעכער אַרבעט וואָס זײ האָבן געפירט. און אין װעלכער געזעלשאַפט אין „דער־מיר" זײנען זײ ניט געװען פאַרטראָטן?

חיים זשוק און משה׳ל גינזבורג זײנען ניט געװען קײן אױסגעשפּראָ־כענע פאַרטײ־מענטשן, טראָץ דעם װאָס משה׳ל גינזבורג איז געװען אַ פּועלי־ציוניסט. זײ זײנען בײדע געװען מענטשן, װעלכע געהערן צו אַלע פאַרטײען. װוּ נאָר אַ געזעלשאַפט האָט באַדאַרפט טוער איז חיים זשוק געװען און אונטערגעשטעלט אַ פּלײצע. און אַז אין קהלשע טעטיקײטן שטעלט אײנער אונטער אַ פּלײצע, פעלן שױן ניט קײן פעקלעך אַרױפצולײגן אױף זײן פּלײ־צע. דעריבער איז טאַקע קײן װוּנדער ניט, װאָס חיים זשוק איז שטענדיק אַרומגעגאַנגען מיט אַן אױסגעבױגענער פּלײצע — די געזעלשאַפטלעכע אַרבעט האָט געדריקט.

חיים זשוק האָט פאַרמאָגט אַן אײגנאַרטיקע אײגנשאַפט: ס׳איז ניט גע־װען אַ זאַך, אַ געשעעניש — האָט עס געמעגט פּאַסירן אין „דער־מיר", אין באַראַנאָװיטש אָדער אפילו אין װאַרשע — ער זאָל ניט װיסן גענוי, גלײך װי די זאַך איז אָקאָרשט פון דער נאָדל אַרױס. ער איז געװען אַ ניט־געדרוק־טע צײטונג, װאָס האָט פאַרשפרײט נײעס פרײ־מאָרגן און אױף דער נאַכט. און אַז חיים זשוק האָט עפּעס אַנאָנסירט, איז עס געװען „קדוש וטהור".

פון װאַנען און װי אַזױ האָט זיך צו אַ מענטשן גענומען אַזאַ חוש, איז שװער צו דערקלערן. אָבער ס׳איז געװען אַ פאַקט. האָט עמעצער געדאַרפט װיסן װאָס הערט זיך בײם „קניאַז" אין הױף, װאָס הערט זיך אין גאָראָדײע, אין באַראַנאָװיטש, אין װאַרשע, האָט מען זיך געװענדעט צו חיים זשוק, און ער האָט שױן ריכטיק מודיע געװען אױף אַן אױטאָריטעטן אופן.

משה׳ל גינזבורג האָט אַזאַ אײגנשאַפט ניט געהאַט. האָט ער אָבער דערפאַר פאַרמאָגט אַנדערע אײגנשאַפטן, װי: אינטואיציע, געזעלשאַפטלעכע איניציאַטיװ, אײנפאַלן אַא״װ. עס דערמאָנט זיך:

דאָס איז געװען אין אָנהױב פון דער רוסישער רעװאָלוציע. קערענסקיס נאָמען איז געװען דער פּאָפּולערסטער אין גאַנץ רוסלאַנד. מיר, אַן איניציאַ־טיװ־גרופּע פון דער ייִדישער פאָלקס־שול, האָבן צונױפגערופן אַ באַראַ־טונג װעגן גרינדן אַ ייִדישע פאָלקס־שול אין „דער־מיר". מען האָט גערעדט,

זיך געפּילפּולט ווי אַזוי מען הייבט אָן שאַפן אָט די ווײַכטיקע אינסטיטוציע ? ס׳איז ניט געווען קיין פינאַנסן, ניט קיין געביידע, ניט קיין שול־בענק, ניט קיין קינדער. אָבער דערפאַר איז געווען אַ גרויסע און שטאַרקע אָפּאָזיציע: דער רעליגיעזער פּראָנט, די ישיבה און די תלמוד־תורה!

משה׳ל גינזבורג איז געזעסן, געשוויגן, אויסגעהערט, און מיטאַמאָל: „חברים, כל התחלות קשות". און האָט אַרויסגעהייבן אַ קאָנקרעטן פּלאַן פון אַרבעט, אַ התחלה פון אויפבוי, אַז אַלע זיינען נשתומם געוואָרן.

„קערענסקיס קאָפּ", האָט עמעצער באַמערקט. און פון דאַן אָן איז פון משה׳ל גינזבורג געוואָרן „משה׳ל קערענסקי".

ווי געזאָגט זיינען חיים זשוק און משה׳ל גינזבורג (קערענסקי) ניט אָפּ־געטראָטן איינער פון אַנדערן. שטענדיק געגאַנגען צוזאַמען, געווען באַ־שעפטיקט אין קהלשע אַרבעט צוזאַמען, אָבער ווי פאַרשיידן טראַגיש אומ־געקומען...

חיים זשוק איז געווען צווישן די ערשטע געזעלשאַפטלעכע טוערס וואָס זיינען אויף מאָרגן, גלייך ווי די נאַציס האָבן זיך באַוויזן אין שטעטל, באַ־גראָבן געוואָרן לעבעדיקערהייט. און משה׳ל ? אים האָבן זיינע אַזוי גוט־באַקאַנטע פויערים, מיט וועמען ער איז געווען פאַרבונדן אין האַנדל און פריינדשאַפט, מיט גראָבאייזנס און קאָשעס פאַרפייניקט צום טויט.

כבוד זייער אָנדענק!

## דוד דאַנציג און אברהם־מאיר מאַנטאַ

צוויי יונגע שיינע ייִנגלעך, וואָס האָבן זיך געוואָרפן אין די אויגן ביי דער ערשטער באַגעגעניש.ביידע שניידער־געזעלן, האָבן שטענדיק גע־אַרבעט צוזאַמען ביי איין און דעם זעלבן שניידער־טיש. אויסער דעם זיינען זיי געווען אמתע חברים, זיי האָבן זיך קיינמאָל ניט געשיידט איינער פון צווייטן. ניט נאָר ביים שניידער־טיש דורכן טאָג, נאָר אויך נאָך דער אַר־בעט און אפילו ביינאַכט זיינען זיי געווען צוזאַמען.

זייער באַלעבאָס, ר׳ מאיר פּיסעצנער, איז געווען אַ גרויסער לץ און איז ביי זיי געווען פאַררעכנט ניט ווי אַ באַלעבאָס, נאָר ווי אַ דריטער חבר. אַלע דריי האָבן געקאָנט פאַרציען ניט נאָר אַ פאַסטריגע, נאָר אויך אַ גאָר

שיינעם זמרל און וויצן האָבן זיך געשאָטן ביי דער אַ „טראַיקע״ ווי פון די
ארבל פון ניט־פאַרענדיקטע זשאַקעטן...

איך אליין בין אויך ניט געווען פון די פאַרשלאָפענע חברה־לייט, און אָט
די פריילעכע „טראַיקע״ האָט מיך גלייך צוגעצויגן ווי אַ מאַגנעט און איך
פלעג זיין אָן אָפטער אריינגייער צו זיי, כדי צו פאַרברענגען מיט זיי אַ
פאָר פריילעכע שעה.

זייענדיק אין זייער קאָמפּאַניע האָב איך ניט געהאַלטן פון דעם פסוק:
„ובמושב לצים לא ישב״. פאַרקערט, איך פלעג שטאַרק הנאה האָבן פון דער
„פריילעכער חברה״. דער טאָן־געבער איז טאַקע שטענדיק געווען דער באַ־
לעבאָס, ר׳ מאיר אליין. זיין צווייטע האַנט מיט אַ וויץ, מיט אַ חכמה איז
געווען דוד דאַנציג. אברהם־מאיר האָט אויך געקענט געבן אַ „גוטע האַנט״.
דערפאַר בין איך געווען מער צוהערער, געהאָלפן לאַכן אין קוואַרטעט און
אָפּטמאָל פאַרצייכענען אַלץ וואָס איך פלעג זיך אָנהערן...

פאַרשטייט זיך אז אָט די צווי חברה־לייט, דוד און אברהם־מאיר, זיי־
נען געווען די ערשטע וועמען, גלייך נאָכן באקענען זיך מיט זיי, האָב איך
צוגעצויגן צום דראַמאַטישן קרייז און איך האָב זיך מיט זיי ניט אָפּגענאַרט.
זיי זיינען געווען באַגאַבט אויף פאַרשיידענע געביטן און געוואָרן צוויי זיילן
פון אונדזער ליבהאָבער טרופּע.

וועגן דוד דאַנציג האָב איך שוין אין אַ פריערדיקן קאַפּיטל דערמאָנט,
אָבער ניט אינגאַנצן אויסגעשעפּט. ער איז געווען דינאַמיש, רירעווודיק און
לעבעדיק. ער האָט שטענדיק אויסגעפירט די ראָלן פון גאָר יונגע, לעבעדי־
קע חברה־לייט, וואָס די פּיעסע און בינע האָבן געפאָדערט. אויפן שווי־
שפּילערישן לשון הייסט עס: ער האָט שטענדיק געשפּילט „פּאַט־ראָלן״ און
עס אויסגעפירט מיט גרויס דערפאָלג, ווי צום ביישפּיל: זלמנקע אין
„דאָרפס־יונג״ פון ל. קאָברין, הערץ אין די „מענטשן״ פון שלום־עליכם,
מאָטל קאַמזויל אין „200 טויזנט״ פון שלום־עליכם אד״ג. אָבער ניט נאָר
אויף דער בינע האָט ער מיט זיך פאָרגעשטעלט איינעם פון די פונדאַמענ־
טאַלע זיילן פון ליבהאָבער־קרייז, נאָר ער האָט זיך אויך אויסגעצייכנט הינ־
טער די קוליסן מיט דעקאָראַציעס, קאָסטיומען, רעקוויזיטן אאַ״וו.

ווען איך טראַכט איצט וועגן אונדזערע אויפפירונגען, קען איך זיך גאָר
ניט פאָרשטעלן ווי אזוי מיר וואָלטן אויסגעזען, אָדער ווי אזוי מיר וואָלטן
דורכגעפירט אַ פּיעסע אָן דוד דאַנציג. איך בין גליקלעך און צופרידן וואָס

דוד דאַנציגס טאַלאַנט און פעאיקייטן זיינען ניט אַוועק לאיבוד. קומענדיק קיין דרום אפריקע האָט ער פאַרגעזעצט זיין שוישפּילערישע טעטיקייט אין יאָהאַנעסבורג. און ווען ער האָט זיך באַזעצט אין בענאָני האָט ער דאָרט געגרינדעט אַ דראַמאַטישן ליבהאָבער־קרייז, וואָס ער האָט אָנגעפירט און איז נאָך עד־היום דער רעזשיסאָר. דער קרייז פאָרט זייער אָפּט ארויס גאַסטראָלירן אין שכנישע שטעט און שטעטלעך.

זיין לעבנס־באַגלייטערין, חייקע — אויך איינע פון אונדזערע באַגאַבטע ליבהאָבערינס — העלפט אים אַ סך אין זיין דערפאָלג. אפילו נאָך איצט, אויף דער עלטער, טרעט ער אַלע יאָר ארויס אין מיוזנבערג, ווען ער איז אויף וואַקאַציע, און איז מהנה די געסט פון די האָטעלן מיט מאָנאָלאָגן, פאָר־לעזונגען, גלייך־ווערטלעך. און יאָר צו יאָר וואַרט שוין אַ גרויסער עולם מיוזנבערגער געסט אויף דאַנציגס קומען. איך שטאָלציר מיט מיין תלמיד!

אברהם־מאיר מאַנטאַ איז אויך געווען איינער פון די וויכטיקע מיטגלי־דער אין אונדזער דראַמ.־קרייז. זייער באַגאַבט, האָט ער זיך אַממערסטן גע־פילט אין דער היים אין כאַראַקטער־ראָלן, ווי: חאַצע אין „דאָרפס־יונג״, אָדער אברוש אין דער „נבלה״ פון פּרץ הירשביין. אַזעלכע ראָלן זיינען געווען פאַר אים ווי צוגעמאָסטן און ער האָט זיי שטענדיק דורכגעפירט קינסטלעריש און מיט פאַרשטאַנד.

אברהם־מאיר האָט געהאַט אַ געליבטע — אויך אַ ליבהאָבערין פון אונד־זער קרייז — פריילן לאה׳טשע פּיסעצנער. האָבן אירע שוועסטער זי ארי־בערגענומען קיין אמעריקע. האָט שוין אברהם־מאיר געמוזט זוכן וועגן ווי אַזוי זיך צונויפצוקומען מיט זיין געליבטער. קיין צפון־אמעריקע איז געווען שווער זיך אריינצובאַקומען צוליב דער אימיגראַציע־קוואָטע, האָט ער באַ־שלאָסן זיך אוועקצולאָזן קיין דרום־אמעריקע, קיין ארגענטינע. דאָרט איז אים זייער שטאַרק צונוץ געקומען זיינע בינע־דערפאַרונגען. גראָד אין יענע יאָרן האָט זיך דאָרט גענומען פאַרמירן דאָס יידישע טעאַטער. ער איז גלייך אריינגעטראָטן אין דער ערשטער טרופּע וואָס ער האָט אָנגעטראָפן און מען האָט אים דאָרט צוגעכאַפּט ווי אַן „אבן־טוב״. דער „ליטוואַק״ (אַזוי איז ער געווען באַקאַנט צווישן דאָרטיקע אַקטיאָרן) איז גאָר גיך געוואָרן דאָרט „דאָס איבערשטע פון שטייסל״. ביז ער האָט זיך דורכגעשלאָגן זיין וועג קיין ניו־יאָרק און זיך צוזאַמענגעטראָפן מיט זיין געליבטער לאה׳טשען, איז אים באַ־שערט געווען ניט צו הונגערן...

איך מוז צוגעבן אז מיר דריי — דוד, אברהם־מאיר און איך — זיינען גע־וואָרן זייער נאָענטע חברים. די חברשאַפט האָט אָנגעהאַלטן נאָר אויסער די פאַרשטעלונגען און פּראָבן. ווי נאָר מיר זיינען געקומען אויף פּראָבע, איז די חברשאַפט פאַרביטן געוואָרן אויף געהאָרכזאַמקייט, דיסציפּלין און אויף אויסצופירן אַלע אָנווייזונגען, ווי אויספאָלגן אַלע מיינע פאָדערונגען וואָס איז שייך געווען דער פאַרשטעלונג. מיינע חברים האָבן דאָס זייער גוט פאַרשטאַנען און שטענדיק געדינט אַלסביישפּיל פאַר אַלע איבעריקע ליבהאָבער.

לאה׳טשע מיט אברהם־מאירן זיינען שוין ניטאָ צווישן די לעבעדיקע. כבוד זייער אָנדענק!

דוד און חייקע דאַנציג זאָלן נאָך לאַנג לעבן און נחת האָבן פון זייערע קינדער און איניקלעך...

## יוסף מאַזורעוויטש (לייב בערס)

מען דערוויסט זיך אז איך בין אַן אַקטיאָר, אַ ליבהאָבער־רעזשיסאָר. דוד סלאָנימסקי, אַן אריסטאָקראַט אין שטעטל, פירט מיר זיך באַקענען מיט יוסף־לייב בערס.

עס איז אַ קאַלטע ווינטער־נאַכט. מיר קומען אריין צו יוסף־לייב בערס אין הויז. אין אַ חדר מיוחד, ביי דער שיין פון אַ קעראָסין־לאָמפּ זיצט אַ הוי־כער יונגערמאַן, אָנגעטאָן שפּאַקולן מיט אַ יאַרמולקע אויפן קאָפּ איבער אַ יריעה־פּאַרמעט און שרייבט אַ ספר־תורה.

מיר באַקענען זיך. יוסף הייבט אויף זיין מאַסיוון קערפּער, נעמט אראָפּ די יאַרמולקע און בלייבט בגילוי ראש. ער בלאָזט אויס דעם לאָמפּ און מיר גייען. וווהין? צו ראַבע בנימין אליהוס. יוסף פון רעכטס, דוד סלאָנימסקי פון לינקס, איך אַ קליינינקער, אין מיטן צווייי ריזן.

אויפן טיש שטייט שוין אַ פלעשל מיטן רויטן בלעטל, אַ לעבל פרישע ברויט און אַ געבראָטענע גאַנדז. „איך טרינקט ניט", בעט איך זיך ביי זיי, „אויף מיין לעבן ניט פאַרזוכט. איך וועל ווערן שיכור!" דוכט מיר, אז ביי אונדזער ערשטער באַגעגעניש האָב איך געמאַכט אַ שלעכטן איינדרוק אויף יוסף־לייב בערס.

מען שמועסט, מען רעדט וועגן א קומענדיקער פאָרשטעלונג. אין מיין מוח פלאָנטערן זיך געדאַנקען: וואָס קומט דאָ פאָר? דוד סלאָבימסקי, אַ שטאָ־טישער אינטעליגענט, אַ רייכער זונדל און — יוסף־לייב בערס, אַ פּשוטער אַרבעטער. און די מלאכה וואָס אזא איינער האָט זיך אויסגעקליבן! דאָס גאַנצע אַרבעטס־געצייג פון אָט דעם גידול — אַ קליינע גענדזענע פעדער.

קומט ווידער אַרויף אויף מיין געדאַנק מיין געבוירן שטעטל קלעצק. אונדזער שכן — דער איינציקער סופר אין שטעטל — אַ ייד אַן אויסגעמאָ־גערטער, קליין און שוואַך, איינגעבויגן, מיט לאַנגע פּיאות וואָס האָבן זיך אַרויסגעקייקלט פון אונטער זיין יאַרמולקע, וואָס איז באַדעקט מיט אַ היטל. זעלטן ווען דער סופר האָט זיך באַוויזן אין גאַס. מיט יראת הכבוד פלעגן מיר, ייִנגלעך, אים אָפּטרעטן דעם וועג. און דאָ, יוסף לייב בערס אויך אַ סו־פר, וואָס האָט שטאַרק פאַריבל אויף מיר דערפאַר וואָס איך לאָז דאָס פלעשל בראָנפן איבער צו אים און צו זיין חבר דוד סלאָניסמקי און איך האַלט ניט מיט מיט זיי.

* * *

יוסף־לייב בערס איז געווען פאַררעכנט ווי דער טאַטע פון דעם דראַמאַ־טישן קרייז. אויף פּראָבעס שטענדיק דער ערשטער. זעלטן יוסף זאָל פאַר־שפּעטיקן אָדער דורכלאָזן אַ פּראָבע. געהיט דיסציפּלין, שטענדיק זיך אונ־טערגעוואָרפן די אָנווייזונגען פון רעזשיסאָר.

„אפשר דורכגיין נאָך אַמאָל די סצענקע? וואָס איז די אײלעניש?", פלעגט ער זיך בעטן. און אויב יוסף האָט אַמאָל ניט געהאַט קיין פּאַסיקע ראָל אין אַ פּיעסע, איז אַ קורצער אויפטריט אָדער זיין אַ סטאַטיסט אויך גוט, אַבי זיין פאַרבונדן מיט דער פאָרשטעלונג.

שמחת תורה אין שטעטל. אין אָוונט גרייט זיך אַ פאָרשטעלונג. יוסף שפּילט איינע פון די הויפּט־ראָלן. גאַנץ פרי, ווען יידן גייען אין שול אַריין, גייען מיר, די ליבהאָבער פון דראַם־קרייז, צו דער גענעראַל־פּראָבע. ווע־מען וועט עס גאָר איינפאַלן אז נאָך דער פּראָבע וועט יוסף זיך אַריינכאַפּן אין דער דערבייאיקער שול מאַכן אַ „לחיים" און אַזוי אַריבערכאַפּן די מאָס, אז ער וועט ביז האַרט פאַרן שפּילן ניט וויסן פון „אָרור המן ביז ברוך מרדכי?"

מיין געדולד האָט געפּלאַצט. איך האָב געשריען, געטומלט, אָבער עס העלפט ניט. ער וויס ניט אויף וואָסער וועלט ער איז! דאָ איז אויסגעוואַקסן

דוד דאַנציג מיט אַ קאַלטן עמער וואַסער, פריש פון ברונעם ארויס און געגו־מען גיסן אויף אים, ווי ער ליגט אזוי אויסגעצויגן אין בעט — איינמאָל און נאָך אַמאָל. יוסף האָט געעפנט די אויגן, זיך אויסגעטשוכעט און אַ פאַרזינ־דיקטער געלאָפן זיך גרימירן און איז פאַרטיק געווען צום פאָרהאַנג — און טאַקע גוט געשפילט.

איז עפּעס אַ סיכסוך, יוסף איז אין מיטן, מאַכט שלום און הייסט פאָלגן. ער שטעלט זיך פאַר אַ בײַשפּיל. נאָך לאַנגע יאָרן צוזאַמענארבעט איז פאַר־געקומען אַן ערנסטע שפּאַלטונג אין דראַמאַטישן קרייז צוליב דער חלוקה פון די געלטער. איך האָב געפאָדערט אז די גאַנצע הכנסה זאָל זיין פאַר דער ניי־געשאַפענער יידישער פאָלקס־שול, ווו איך בין געווען לערער און פאַרוואַלטער, און אנדערע האָבן געוואָלט עפּעס אראָפּדינגען פאַר אַ צוויי־טער אינסטיטוציע. געדענקט זיך יוספס פּשוטע און האַרציקע ווערטער:

„חברים, וואַרפט אוועק אייער פּאָליטיק. ווי וועלן מיר אויסזען אָן דעם דראַמאַטישן קרייז? וואָס וועלן מיר טאָן? ווי וועט מען קענען לעבן ביי אונדז אין שטעטל אָן אונדז און וואָס וועט דער עולם, דאָס פּובליקום זאָגן?" אָט די פּשוטע ווערטער פון „טאַטן" פון דראַמ.־קרייז האָט געווירקט און מען האָט געשיקט נאָך אַ פלאַש בראָנפן.

עס דערמאָנט זיך מיר אַ צווייטער עפּיזאָד:

יוסף האָט אַפּנים געוואָלט זיך אָפּרעכענען מיט מיר פאַרוואָס איך טרינק ניט. „ווען עס קומט — זאָגט ער — צו אַ ׳ליאַמע׳, זיץ איך און קוק ווי אַ ליימענער גולם. מ׳מוז עפּעס צוטראַכטן, אז ער זאָל ציען א כוסה גלייך מיט אַלעמען!" און ער האָט צוגעטראַכט.

מיר שפּילן אין ניעסוויזש דעם „דאָרפס־יונג" פון ל. קאָברין. איך שפּיל „יענקל בוילע", יוסף שפּילט די ראָל פון „הירש־בער", וואָס איז געווען פאַר אים ווי צוגעשניטן. הירש בער טראָגט זיך ארום אין זיין כאַליאַווע מיט אַ פלאַש שנאַפּס און איז אַלע ווײַלע טועם פון ביטערן טראָפּן, — אזוי זאָגט די פּיעסע. אַלע מאָל האָט יוסף געהאַלטן אין כאַליאַווע אַ פלאַש וואַסער. אָבער דאָ, אין ניעסוויזש, אזוי פיל קלעצקער לאַנדסלייט זיינען אָנגעקומען צו טרעפן און באגריסן זייער לאַנדסמאַן און טאַקע הנאה האָבן פון זיין שפּילן די הויפּט־ראָל, האָט ער מיך אָפּגעטאָן אַ שפּיצל און זיך מיט מיר גאָר פיין אָפּגערעכנט: אָנשטאָט וואַסער האָט ער דאָס מאָל געהאַלטן אין כאַליאַווע אַן אמתע פלאַש בראָנפן.

צום סוף דריטן אַקט איז מיר הירש־בער מכבד געווען מיט איין גלעזל, מיט אַ צווייטער, אַ דריטער: „טרינק, יענקעלע, טראַסציע טוואָיע מאַטערי״, האָלט ער מיר אין איין גיסן. איך פיל אז איך ווער דערשטיקט. איך בין דערצו ניט געוויינט געווען. אַ גאַנצן טאָג געווען פאַרנומען מיט פּראָבע, מיט די דעקאָראַציעס און רעקוויזיט און קיין זאַך אין מויל ניט געהאַט. דער־נאָך דאַרף איך נאָך גלייך באַווייזן וואָס איך קען און זיך אַוועקלאָזן אין אַ טאַנץ, אַ קאַמאַרושקע. איך האָב טאַקע געטרונקען אמתן שנאַפּס אויפן ניכ־טערן מאָגן, געטאַנצט אַ קאַמאַרושקע, אָבער ווי נאָר דער פאָרהאַנג איז גע־פאַלן, בין איך אויך געפאַלן — אין חלשות.

מען האָט אָפּגעהאַלטן מיטן 4־טן אַקט ביז מ׳האָט מיך דערמינטערט. מיט טרערן אין די אויגן איז ער געשטאַנען פאַר מיר אַ פאַרשולדיקטער.

נאָך און נאָך עפּיזאָדן האָט מען געקענט דערציילן וועגן אָט דעם פּשוטן פאָלקס־מענטש און ערנסטן דראַמאַטישן שוישפּילער. כבוד זיין אָנדענק!

# רייזל יאָסעליעוויטש (יעקב מאיר׳ס)

רייזל האָט פאַרדינט מען זאָל איר שטעלן אַ מצבה פאַר איר וווּנדער־באַרער קינסטלערישער אַרבעט אין דעם מירער דראַמאַטישן קרייז.

די מוטער פון יידישן טעאַטער, אסתר רחל קאַמינסקאַ, איז אַרויסגע־הויבן און באַוווּסט געוואָרן איבער דער גאָרער וועלט צוליב איר גרויסן קינסטלערישן טאַלאַנט און צוליב דער אומגעבונג, דער סביבה אין וועל־כער זי האָט זיך געפונען. די גרויסע שטאָט מיט דער אַרומיקער סביבה האָט איר צוגעטוליעט, אויף די הענט אַרויסגעטראָגן, אויסגעכאָוועט, ביז זי האָט דערגרייכט צו דער מדרגה צו ווערן די מוטער פון יידישן טעאַטער.

ווער קען וויסן וואָס פון דער באַשיידענער רייזלען וואָלט געוואָרן, ווען זי וואָלט זיך אויך געפונען אין אזא גרויס־שטאָטישער סביבה, אין דער וואַרעמער געזעלשאַפט פון אַקטיאָרן און קינסטלער? איינס איז קלאָר, קינסטלערישן טאַלאַנט האָט רייזל געוויס פאַרמאָגט, און אין גאָר אַ גרוי־סער מאָס.

ווי אזוי רייזל איז אַריינגעצויגן געוואָרן אין דער דראַמאַטישער סעק־

ציע געדענק איך ניט קלאָר. איך געדענק אָבער דעם קינסטלערישן פאַרגע־ניגן וואָס זי האָט אונדז אַלעמען פאַרשאַפט מיט איר שפּילן. נאָך ביים היינ־טיקן טאָג קלינגט אין מיינע אויערן איר שטימע מיטן גאָלדענעם קלאַנג, איר פאַרשטענדעניש אין איבערגעבן אַ כאַראַקטער — צי דאָס איז געווען פון אַ יונג מיידל ווי „כאַסיע די יתומה", צי דאָס איז געווען די שיקסע אין „אונדזער גלויבן", צי דאָס איז געווען נאַטאַשע אין „דאָרפס־יונג" אָדער דער טיפ פון דער אַלטער, צעבראָכענער קראַנקער פרוי, מיט אַ פאַרשמאָל־צענער פאַטשיילע אויפן קאָפּ, ווי די מוטער אין „אינטעליגענט" פון דוד פּינסקי.

צו דער העכסטער קינסטלערישער הויך האָט זי דערגרייכט אין איר ראָל פון „מירעלע אפרת". איך האָב געזען און שטודירט אסתר־רחל קאַ־מינסקאַ אין איר קרוין־ראָל „מירעלע אפרת" און איך מוז זאָגן, אז רייזלען האָט זיך פולשטענדיק איינגעגעבן נאָכצוקאָפּירן מיט יעדן דעטאַל, מיט אַלע באַוועגונגען אסתר־רחלען — ניט זעענדיק איר שפּילן. נאָך מער חן האָט איר צוגעגעבן דער גאָלדענער קלאַנג פון איר שטים, ווי אויך איר שיינע דיקציע.

ווי ערנסט און רואיק זי האָט אויפגענומען יעדע ראָל וואָס עס איז איר צוגעטיילט געוואָרן. ווי ערנסט זי פלעגט זיך פאַרטיפן און איבערגעבן דעם כאַראַקטער פון דער ראָל. עס איז פשוט געווען אַ נחת־רוח מיטצושפּילן מיט איר. מיט איר אַנוועזנהייט אויף דער בינע האָט זי מאַגנעטיש באַ־ווירקט סיי אירע מיטשפּילער, סיי דעם שטענדיקן עולם — אירע פאַרערער.

אין קליינעם שטעטל איז, צום באַדויערן, פאַרלאָרן געגאַנגען אַ גרויס טאַלאַנט. אין גינסטיקערע באַדינגונגען וואָלט דאָס יידישע טעאַטער פאַר־מאָגט אַ צווייטע אסתר־רחל קאַמינסקאַ.

כבוד איר אָנדענק!



אויבערשטע ריי, פון רעכטס: — אברהם־מאיר מאַנטאַ, אָשר פּראָטאַס, יוסף מאַזורעוויטש און שמואל קוליק.
אונטערשטע ריי, פון רעכטס: — חייקע דאַנציג, אַלטע סאלוצקי, יעקב פּאָזניאַק, מענדל טאַבאַטשניק, דוד דאַנציג, שפרה סינדער (סטריקאָווסקי) און מאַניע שוואַרץ.

# די גרינדונג פון דער יידישער פאָלקשול

אין „דער־מיר“, וואָס האָט געשעמט פאַר אַ מקום תורה, מיט אַ גרויסער וועלט־באַרימטער ישיבה, מיט אַ ישיבה קטנה, חדרים און תלמוד־תורהס, האָט דער פּראָגרעסיווער געדאַנק זיך געלאָזט שטאַרקער פילן ווי אין וועלכער ביט איז אַנדער שטעטל פון דעם גאַנצן אַרום.

אימפּולסיוו, ניט אָרגאַניזירטערהייט האָט זיך אויסגעפורעמט און אַנטוויקלט אַ פּראָגרעסיווע יוגנט, וואָס האָט זיך קעגנגעשטעלט און זיך ניט געלאָזט איינגעשלונגען צו ווערן דורך די אָרטאָדאָקסישע שטרעמונגען. דעריבער איז קיין וווּנדער ניט, וואָס גלייך נאָך דער קערענסקי־רעוואָלוציע, ווען די ערשטע פרייע פריילינגס־ווינטן האָבן דערגרייכט אונדזער שטעטל, איז געגרינדעט געוואָרן אַ יידישע שול — אַ שול, וווּ מירער יידישע קינדער וועלן באַקומען זייער דערציאונג אין זייער מוטער־שפּראַך — יידיש.

מיין זיכרון גרייכט ניט אזוי ווייט צו קענען אויסרעכענען אַלע אָנטייל־נעמער פון דער איניציאַטיוו־גרופּע פון דער פאָלקס־שול. איך געדענק אָבער, אז דער פאָרזיצער פון דער שול־פאַרוואַלטונג איז געווען דער ארי־בערגעקומענער קולטור־טוער יוסף קאַפּלאַן, א ברודער פון אַ מירער באַ־לעבאָס, יעקב קאַפּלאַן. צו דער איניציאַטיוו־גרופּע האָבן אויך געהערט די פריער דערמאָנטע געזעלשאַפטלעכע טוערס: דוד קאַצענעלנסאָן, חיים זשוק, משה׳ל גינזבורג, דער שרייבער פון די שורות און נאָך אנדערע.

די לערן־פּראָגראַם איז אין אָנפאַנג באַשטאַנען פון: יידיש — לייענען און שרייבן; העברעאיש; רוסיש — ווי אַ קעגנשטאַנד; אַריטמעטיק און געזאַנג. אַ חוץ אייניקע אָרטיקע לערערס פאַר העברעאיש, האָבן מיר פאַר די לימודים יידיש, רוסיש און אַריטמעטיק געדאַרפט ברענגען לערערס פון אנדערע שטעטלעך ווי קלעצק, ניעסוויזש. מיט דעם לימוד פון געזאַנג האָב איך זיך פאַרנומען.

די שול האָט ניט געטראָגן קיין פאַרטיי־כאַראַקטער. אין קאָמיטעט זיי־נען געווען פאַרטראָטן אַלע פאַרטייען און ריכטונגען פון יענער צייט. מען קען זאָגן, אז לכתחילה איז עס געווען בלויז א מיידל־שול. יינגלעך האָט מען דער שול מיט איר יוגנטלעכער פאַרוואַלטונג ניט אָנגעטרויט, און מען האָט זיי נאָך געשיקט אין דער תלמוד־תורה.

די צילן פון דער שול זיינען געווען איינפאַכע: געבן עלעמענטאַרע ידיעות אונדזערע מיידלעך, וועלכע האָבן ביז דער גרינדונג פון דער שול זיך געלערנט ביי „מלכה די שרייבערקע״ אָנצושרייבן אַן „אפּאָר״.

נאָך דער אָקטאָבער־רעוואָלוציע, ווען דאָס גאַנצע לעבן און דענקען האָט זיך צונויפגעגאָסן מיט די אידעאַלן פון פרייהייט־באַוועגונגען, האָט אונדזער שול גענומען פּראָקלאַמירן אירע נייע טענדענצן. אויסצולערנען אַ קינד אָנשרייבן א בריוול צו דער באָבען — איז שוין ניט געווען גענוג!

די פירער פון דער שול האָבן זיך גענומען באַקענען מיט די לעצטע פּעדאַגאָגישע דערגרייכונגען. צום ערשטן מאָל אין דער געשיכטע פון אונדזער שטעטל האָבן לערערס און פירערס דערזען און דערקענט דאָס יידי־שע קינד.

אונדזער ציל איז געווען: צוגרייטן דאָס קינד צום לעבן, אויספורעמען פונעם קינד דעם צוקונפטיקן ייד און מענטש. טאַטע־מאַמעס האָבן גענומען באַמערקן עפּעס נייע ענדערונגען אין דער דערציאונג פון זייערע קינדער.

זיי האָבן דערזעען זייערע קינדער לויפן מיט גרויס חשק און פרייד אין שול אריין. קינדישע שטימעלעך האָבן פאַרהילכט דעם ארום מיט יידישע געזאַנגען און יידישע הייזער זיינען פול געוואָרן מיט קינדישער פרייד.

עס האָט זיך געשאַפן אַ קאָנטאַקט פון שול און היים, פון לערער מיט טאַטע־מאַמעס. קינדער האָבן מיט אַמאָל דערפילט אינעם לערער ניט דעם שטרענגן און בייזן רבין פון חדר, נאָר אַ געטרייען, איבערגעגעבענעם עלטערן חבר. מער דרייסטע טאַטעס האָבן געמאַכט דעם ערשטן שריט און גענומען שיקן זייערע יינגלעך אין דער יידישער שול. אין דעם דערציאונגס־סיסטעם פון דער „עיר־התורה" איז אויסגעבראָכן אַ רעוואָלוציע...

* * *

דער בירגער־קריג האָט זיך פאַרענדיקט. אונדזער שטעטל איז לויטן שלום־אָפּמאַך איבערגעגעבן געוואָרן צו פוילן

די צענטראַלע יידישע שול־אָרגאַניזאַציע אין פוילן האָט שוין עקסיסטירט און האָט אויסגעבויט אַ גאַנצע נעץ פון יידישע שולן. נאָך קורצע אונטערהאַנדלונגען האָט אונדזער שול איינגעשטימט זיך צוצופּאַסן צו די פאָדערונגען פון דער צענטראַלע און איז אפיליאירט געוואָרן צו דער צ.י.ש.א. אין וואַרשע.

אַ נייע עפּאָכע הייבט זיך אָן אין אונדזער שול. מיר הייבן אָן צו באַקומען פינאַנציעלע אונטערשטיצונג פון דער צ.י.ש.א. דערפאַר אָבער מוזן מיר זיך אונטערוואַרפן די אָנווייזונגען און אויספירן די רעגולאַמינען פון דער צענטראַלער יידישער שול־אָרגאַניזאַציע.

צו אונדזערע לאָקאַלע לערערס קומען צו געשיקטע לערערס פון דער צענטראַלע. עס וואַקסט די צאָל קינדער. די שול ווערט אַ 6־קלאַסיקע. עס באַטייליקן זיך שוין דאַן די פאָלגנדע לערערס: בערטאַ דמשק — די פרוי פון ד"ר באָגעלמאַן, רעדאַקטאָר פון „פּאָרווערטס", ניו־יאָרק; אייזיק דמשק — אַ באַקאַנטער פּעדאַגאָג; סאָניע גילימאָווסקי און איר ברודער; לייזער סלוצקי און זיין פרוי סאָניע; די שוועסטערס מאַניע און סאָניע זאַבלודאָווסקי, פון ביאַליסטאָק; בערל פיקוס און אַנדערע.

דער שרייבער פון די שורות, וועלכער האָט זיך פאַרנומען מיט די לימודים פון געזאַנג און גימנאַסטיק, איז אויך פון אָנהייב געווען דער טעכנישער פאַרוואַלטער פון דער שול.

# איך פאָר קיין וואַרשע אויף לערער־קורסן

ניט געקוקט וואָס אונדזער שול האָט שוין געהערט צו דער צ.י.ש.א. אין וואַרשע, האָבן מיר דאָך געמוזט דורכמאַכן אַ פּעריאָד פון עקספּערי־מענטן. די יידישע פאָלק־שול בכלל איז געווען נײַ אויף דער יידישער גאַס. ס׳זיינען ניט געווען קיין איינהייטלעכע, אויסגעאַרבעטע כּללים און פּראָגראַמען. אפילו די צענטראַלע יידישע שול־אָרגאַניזאַציע האָט אין אָנ־הייב פון איר עקסיסטענץ אויך געגוג געבלאָנדזשעט און געזוכט נײַע פּעדאַ־גאָגישע וועגן און מעטאָדן.

נאָך אַ גאַנצער ריי עקספּערימענטן האָבן מיר, לויט דער רעקאָמענדאַ־ציע פון וואַרשע, זיך אָפּגעשטעלט אויף דעם „קלאַסן־סיסטעם״, דאָס הייסט: אַז איין לערער דאַרף זיך פאַרנעמען מיט איין און דעם זעלבן קלאַס און דער געגעבענער לערער דאַרף מיט זיי דורכפירן די גרעסטע טייל לי־מודים. אַזוי, למשל, האָבן די אַלע לימודים וואָס ווערן געלערנט אין דער יידישער שפּראַך אין יעדן קלאַס, ווי יידיש, יידישע געשיכטע, ליטעראַטור, געאָגראַפיע און אַריטמעטיק, געדאַרפט געפירט ווערן פון איין און דעם זעלבן לערער. העברעאיש און פּויליש — פון ספּעציעלע לערערס.

איבערהויפּט האָט מען מקפּיד געווען, אַז דער אָנפאַנגער־קלאַס — פאַר די 6־יאָריקע קינדער — מוז געגעבן ווערן דעם לערער מיט די בעס־טע פּעדאַגאָגישע קוואַליפיקאַציעס. דעריבער האָט אונדזער אָנפאַנגער־קלאַס איבערגענומען די באַגאַבטע פּעדאַגאָגין וואָס מיר האָבן דאַן פאַר־מאָגט — די לערערין בערטאַ דמשק.

אין אָנפאַנגער־קלאַס האָט מען ניט געלערנט קיין העברעאיש און פּוי־ליש אַזוי, אַז די קינדער האָבן קיין אַנדער לערער ווי די דערמאָנטע בערטאַ דמשק ניט געהאַט. האָט זיך געטראָפן, אַז די לערערין דמשק איז פּלוצלונג קראַנק געוואָרן און איר קלאַס איז אין גאַנצן געבליבן אָן אויפזיכט. נאָך אַ קורצער באַראַטונג פון פּעדאַגאָגישן ראַט איז באַשלאָסן געוואָרן, אַז איך — ווי דער לערער פון געזאַנג, גימנאַסטיק און שפּיל — זאָל איבערנעמען דעם אָנפאַנגער־קלאַס פאַר דער צייט פון דמשק׳ס אָפּוועזנהייט.

און דאָ האָט געטראָפן עפּעס אויסערגעוויינלעכס:

איך בין אַריינגעקומען אין קלאַס־צימער און אויף אַ קינדישן אופן גע־נומען פאַרפירן מיט די קינדערלעך שמועסן. און וואונדער איבער וואונדער...

די קינדערלעך זיינען אזוי אריינגעצויגן געוואָרן אין די שמועסן מיט מיר, זיי האָבן זיך אזוי פיל פאראינטערעסירט, אז ווען דער גלאָק האָט נאָך 45 מינוט גערופן פאַר דער הפסקה, האָבן זיך די קינדערלעך ניט גערירט פון אָרט און אלע האָבן בקול־רם געשריען: „לערער, מיר ווילן ניט קיין הפסקה, רעדט צו אונדז נאָך און נאָך!"

די לערערס האָבן געזען, אז איך מיט מיין קלאַס זיינען נאָך ניט ארויס צו דער הפסקה, האָבן זיי געגומען זיך אריינשלייכן אין מיין קלאַס־צימער. אויך זיי זיינען געבליבן פאראינטערעסירט, דערזעענדיק די ליכטיקע פנימ־לעך פון די פריילעכע קינדערלעך, ביז דער גלאָק האָט ווידער גערופן אָנ־צוהייבן די לימודים. דער ערשטער טאָג פון מיין נייער „פראַפּעסיע" אלס לערער איז דורכגעגאַנגען מיט אן אומדערוואַרטעטן דערפאָלג...

די לערערין דמשק איז קראַנק געווען אַ גאַנצע וואָך. איך האָב דורך דער וואָך גענומען מאַכן עקספּערימענטן מיט די 6־יאָריקע קינדער ווי אזוי בעסער דורכצופירן דעם לימוד פון אריטמעטיק. איך האָב באַנוצט מערסטנ־טייל שפּיל צוזאַמען מיט צאָלן. איך האָב זיך באַנוצט מיט זאַכן וואָס זיינען נאָענט פאַרן קינד, ווי: בלייפעדערס, העפטן, קלעצעלעך, שטיקלעך קאָליר־טע פּאַפּיר, קנעפּלעך און אלץ וואָס עס איז געקומען אונטער דער האַנט. אזוי איז די גאַנצע וואָך דורכגעגאַנגען מיט שמועסן, מיט שפּיל, געזאַנג, מיט אינטערעסאַנטע מעשהלעך און די קינדערלעך זיינען צו מיר אזוי צו־געבונדן געוואָרן, אז זיי האָבן מיך ניט געוואָלט אָפּלאָזן פאַר קיין איין מינוט.

די לערערין דמשק, קומענדיק צוריק אין שול און דערוויסנדיק זיך פון מיין דערפאָלג אלס לערער מיט די 6־יאָריקע קינדערלעך, האָט זיך שטאַרק פאראינטערעסירט מיט מיר פערזענלעך. בשתיקה האָט זי מיר געגומען געבן פּריוואַטע לעקציעס אין פאַרשיידענע לימודים. זי איז געווען פאַראינטערע־סירט איך זאָל האָבן געגוג וויסן, כדי איך זאָל זיין צוגעגרייט פאַר העכערע לערער־קורסן. ווען זי האָט דערגרייכט איר ציל האָט זי אריינגעטראָגן אַ פאָרשלאַג צום פּעדאַגאָגישן ראַט ווי אויך צו דער שול־פאַרוואַלטונג, אז מען זאָל מיך אומבאַדינגט שיקן קיין וואַרשע אויף דערגאַנצונג־לערער־קורסן.

די שול־פאַרוואַלטונג האָט איינשטימיק אָנגענומען דעם פאָרשלאַג פון פּעדאַגאָגישן־ראַט און דעם קומענדיקן סעמעסטער בין איך שוין געווען אין וואַרשע און איינגעזאַפּט אין זיך אַ סך ידיעות, וואָס זיינען נייטיק פאַר אַ מאָדערנעם פּעדאַגאָג.

אויף די לערער־קורסן האָב איך זיך זייער אויסגעצייכנט און גלייך פאַר־נומען דאָרט אַן אָרט אין סאַמע אויבן־אָן. איך בין אויסגעקליבן געוואָרן אין קאָמיטעט פונעם לערער־פאַרוואַלטונג. אין אַלע אָפּצווייגן פון די קורסן האָב איך אָנטייל גענומען. איך פלעג זיך געפינען אין אַלע דעלעגאַציעס פון לערער־קאָמיטעט און זייער אָפט קאָנפערירן מיט די לעקטאָרן וועגן פאַרשיידענע לעקציעס. ניט געקוקט אויף דעם שלל פון זייטיקע ארבעט וואָס מען האָט אויף מיר ארויפגעלייגט, בין איך דאָך געווען פאררעכנט פאַר איינעם פון די בעסטע לערער־קורסאַנטן.

* * *

קומענדיק אהיים פון די לערער־קורסן, שוין מיט מער פעדאַגאָגישער דערפאַרונג, מיט אָנגעזאַפּטע טעאָרעטישע און פּראַקטישע ידיעות, האָב איך זיך מיט נייער ענערגיע אריינגעוואָרפן אין דער שול־ארבעט. איך האָב איבערגענומען דעם ערשטן קלאַס. אויסער דעם האָב איך אָנגעפירט מיט דאָס געזאַנג און גימנאַסטיק פון אַלע קלאַסן. שפּעטער־צו בין איך אָפיציעל באַשטימט געוואָרן פאַר דעם לייטנדן פאַרוואַלטער פון דער מי־רער יידישער פאָלקס־שול.

אונדזער שול האָט פּראָגרעסירט פון טאָג־צו־טאָג. זי איז מיט דער צייט געוואָרן אזוי פּאָפּולער אין שטעטל, אז די איינציקע תלמוד־תורה, וואָס איז געווען אונטער דער השגחה פון אונדזער באַוווסטן רב, הרב קמאי, איז צוגעמאַכט געוואָרן. אונדזער פאָלק־שול האָט אריינגענומען אַלע יינג־לעך, געוועזענע תלמידים פון דער תלמוד־תורה.

דער ניצחון האָט אָנגעהאַלטן איין־יקע יאָר. די כלי־קודש האָבן אָבער דורך דער צייט ניט געשלאָפן. עס איז געוואָרן אַ טומל אין שטעטל, מען האָט שבת ניט געלאָזט לייענען, מען האָט גערופן אסיפות, ביז איין טאָג האָט מען אראָפּגעבראַכט אַ פאַרוואַלטער פון וואַרשע, אַ מענטש מיט אַ סך וויסן און פעדאַגאָגישער דערפאַרונג, און די תלמוד־תורה איז נאָך אַ לאַנגער צייט זיין געשלאָסן, מיט גרויס שוועריקייטן ווידער געעפנט געוואָרן. אָבער דער פאַקט אליין, אז די תלמוד־תורה מיט די אַלט־מאָדישע רביים זיינען אין דער ניי־געעפנטער תלמוד־תורה שוין ניט געווען — זייערע ערטער האָבן פאַרנומען מאָדערנע תרבות־לערערס — איז די נייע תלמוד־תורה, צוליב דער קאָנקורענץ פון אונדזער פאָלק־שול, געוואָרן אַ מאָדערנער לערן־אנשטאַלט. דאָס אליין איז געווען דער גרעסטער טריאומף

פאַר אונדז, פירער פון דער פאָלק־שול. מיר האָבן געוווּנען דעם קאַמף פאַרן יידישן קינד.

דעם גרעסטן טייל קינדער אין שול־עלטער — ייִנגלעך און מיידלעך — האָבן מיר געהאַט אונטער אונדזער השגחה. און ווי געזאָגט, האָבן מיר אומדירעקט אויך באַאיינפלוסט די תלמוד־תורה, ווו ס'האָבן שוין געהערשט מער צוגענגלעכע פעדאַגאָגישע באַדינגונגען.

* * *

צו יענער צייט האָט די פּוילישע רעאַקציאָנערע מאַכט דערזען אין דעם יידישן שול־וועזן אין פּוילן אַן אינסטיטוציע מיט פּראָגרעסיווע אידייען און האָט זיך גענומען שרעקן פאַר איר. די רעזולטאַטן פון דער „הבה נתחכמה"־פּאָליטיק האָט געבראַכט צו דיסקרימינאַציעס. מען האָט גענומען פאַר־פּאָלגן דאָס גאַנצע יידישע שול־וועזן אין פּוילן. מען האָט גענומען רעקווי־זירן שול־לאָקאַלן, מען האָט זיך גענומען אריינמישן אין דעם לערן־פּראָג־ראַם. יעדע שול האָט געמוזט אַנגאַזשירן אַ פּוילישן פּאַרוואַלטער (קיעראָוו־ניק) און יעדער לערער האָט געמוזט אָפּגעבן אַן עקזאַמען אין דער פּוילי־שער שפּראַך.

מען האָט גענומען נאָכשפּירן יעדן לערער באַזונדער אויף וויפל ער איז כשר אין זיין פּערזענלעכער אויפפירונג. די לאַגע איז געוואָרן ענג און אומ־דערטרעגלעך, אָבער די טויער פון דער שול האָבן די הענט ניט אַראָפּגע־לאָזן. וואָס שטאַרקער דער דרוק פון דער מאַכט איז געוואַקסן, אַלץ אינ־טענסיווער האָט געאַרבעט די שול־פּאַרוואַלטונג און דער פּעדאַגאָגישער ראַט. מיר, די לערערס, האָבן מיט שטאָלץ געטראָגן אויף זיך די אחריות. מיר האָבן אָפּגעשלאָגן אַלע אַטאַקעס וואָס זיינען געפאַלן אויף אונדז — סיי פון דרויסן און סיי פון אינעווייניק...

עס איז אונדז שטענדיק אויסגעקומען צו פירן אַ קאַמף מיט דער פּוילי־שער מאַכט, ווי אויך מיט דער יידישער רעאַקציע פון שטעטל. אָבער דער זיג איז געווען אויף אונדזער זייט.

אונדזער שול איז געוואָרן איינע פון די וויכטיקסטע אינסטיטוציעס ביי אונדז אין שטעטל. עס האָט זיך מיט איר גערעכנט ניט נאָר דאָס יידישע באַ־פעלקערונג, נאָר אויך די פּוילישע מאַכט, ניט קוקנדיק אויף די אַלע רדיפות וואָס עס האָבן זיך געשאָטן אויף אונדזערע קעפּ. די פּוילישע לערערס, זע־



מירער יידישע פאָלקשול, 1920. אונטער דער באַצייכענונג × — מענדל טאַבאַטשניק.

ענדיק אונדזער דערפאָלג, האָבן זיך גענומען פאַראינטערעסירן מיט אונדזער פּעדאַגאָגישן סיסטעם און פון צייט־צו־צייט פלעגן קומען פאָרשטייער פון דער פּוילישער שול באַזוכן אונדזערע לעקציעס און אוועקגיין מיט פיל באַגייסטערונג פון אונדזערע דערגרייכונגען.

ביי דער געלעגנהייט איז כדאַי צו פאַרצייכענען דעם פאָלגנדיקן עפּיזאָד, וואָס האָט זיך אָפּגעשפּילט אין אונדזער שטעטל אינעם יאָר 1924:

ווי געזאָגט, זיינען טאַקע די לערערס פון דער פּוילישער שול געווען באַגייסטערט פון אונדזערע דערגרייכונגען. אין דער זעלבער צייט אָבער זיינען זיי געווען באַהאַלטענע, פאַרביסענע אַנטיסעמיטן, ווי נאָר פּאָליאַקן זיינען געווען, און דערצו נאָך — גרויסע שונאים פון אונדזער שול.

אין יאָר 1924 זיינען פאָרגעקומען שול־פּייערונגען איבער דער גאַנצער פּוילישער מדינה. אונדזער שטעטל איז באַשטימט געוואָרן פאַר אַ צונויפקום־פּונקט פאַר די שול־פּייערונגען אין אונדזער געגנט. דער צונויפקום האָט געזאָלט פאָרקומען ביי אונדז אין אַ וואַלד, וואָס איז געלעגן אייניקע וויאָרסט פון שטעטל און יעדע פּוילישע שול פון דעם גאַנצן געגנט האָט געדאַרפט אָנטיילנעמען מיט אַן עפנטלעכן אַרויסטריט.

די פּוילישע שולן האָבן געפּיבערט גאַנצע חדשים. מען האָט זיך געגרייט אויפצונעמען די הויכע געסט, רעגירונגס־באַמאַטע, גלחים, בירגערמייסטערס און פּאָליציי־פירער. דעם פאַרוואַלטער פון דער פּוילישער שול ביי אונדז אין שטעטל איז איינגעפאַלן אַ געדאַנק צו דיסקרעדיטירן אונדזער יידישע פאָלק־שול. קיינעם פון אונדז איז גאָר אויפן געדאַנק ניט געקומען, אַז צו די אויבנדערמאָנטע פּייערונגען וועט מען אויך איינלאַדן אונדזער יידישע שול. אָבער פּונקט דריי טעג פאַר די פּייערונגען האָבן מיר באַקומען אַן אָפיציעלע איינלאַדונג פון דער רעגירונגס שול־קוראַטאָריום, אַז אויך אונדזער שול מוז אָנטיילנעמען... דאָס איז באַטירלעך געטאָן געוואָרן בייזוויליק, כדי מיר זאָלן ניט האָבן קיין צייט ווי געהעריק זיך צוגרייטן.

אויף דעם שרייבער פון די שורות איז געפאַלן דער גורל צו באַהערשן די סיטואַציע. איך האָב אָפּגעקליבן די קלענסטע 16 קינדערלעך, אַלע זעקס־זיבן יאָריקע, און איך האָב איינגעשטודירט מיט זיי גימנאַסטישע נומערן מיט שפּיל און געזאַנג, אונטער די קלאַנגען פון אונדזער פייערלעשער־אָרקעסטער (צאַלקע דער קלעזמער ע״ה, מיט זיין קאַפּעליע, זיי זאָלן אַלע רוען אין גן־עדן). זיי זיינען געשטאַנען צו מיין דינסט די גאַנצע דריי טעג, ווען נאָר

איך האָב זיי נייטיק געהאַט. און צו דער געהעריקער צייט זיינען מיר גע־
ווען צוגעגרייט.

עס ציט זיך אַ פּראָצעסיע קינדער פון פאַרשיידענע פּוילישע שולן —
צוזאַמענגעקומענע פונעם גאַנצן ארומיקן געגנט — צום וואַלד, אונטער די
קלאַנגען פון מוזיק. דער יידישער שול האָט מען צוגעטיילט דעם „כבוד"
צו גיין גאָר פון די לעצטע. הינטער דער פּראָצעסיע פון די שול־קינדער
גייט דאָס גאַנצע שטעטל. אָט איז מען שוין אָנגעקומען אין וואַלד, מען
פאַרנעמט פּלעצער. דער צערעמאָניע־מייסטער עפנט דעם יום־טוב.

די יידישע שול ווערט ארויסגערופן די ערשטע אויף דער פּראָגראַם.
די אויסרעכענונג איז געווען אַ פּשוטע: די פּוילישע אנטיסעמיטן זיינען
געווען זיכער אז די יידישע שול האָט ניט געהאַט קיין צייט זיך צוצוגרייטן,
און מיט דעם וואָס זיי וועלן אויפטריטן די ערשטע אויף דער פּראָגראַם וועלן
זיי פאַרשעמט ווערן. איך בין געווען גרייט. אַ פּייף! זעכצן קינדערלעך
— אַלע אָנגעטאָן אין בלוי־ווייסע קליידער — קינדערלעך מיט פריידיקע
פּנימלעך, אַלע כמעט אין איין און דאָס זעלבע הויך, רינגלען מיך ארום. עס איז
שטיל אין וואַלד. הונדערטער מענטשן וואַרטן מיט שפּאַנונג. און הונדער־
טער יידישע הערצער, פון גרויס ביז קליין, זיפּצן מיט פאַרכאַפּטע, איינגע־
האַלטענע אָטעמס...

אַ ווונק — און אין וואַלד דערהערט זיך עכט יידישע קינדערשע מעלאָ־
דיעס, וועלכע מישן זיך אויס אין אַקאָרד מיטן אָרקעסטער. ווי דורך אַ צויי־
בער־שטעקעלע בייגן אויס יידישע קינדערלעך פאַרשיידענע גימנאַסטישע
פיגורן מיט זייער גופימלעך. יידישע קינדערלעך מיט חנעוודיקע שטימעלעך
באַהעפטן זיך מיט יידישע ניגונים, אין איינקלאַנג מיט אַ יידישן אָרקעסטער,
אויספירנדיק דערביי פאַרשיידענע ריטמישע שפּילן...

נאָך דרייסיק מינוט שטילקייט און אָנגעשטרענגטקייט האָבן ייד און
קריסט, קליין און גרויס, אויסגעבראָכן מיט דונערדיקע אַפּלאָדיסמענטן.
דער וואַלד האָט נאָך אזוינס ניט געהערט זינט זיין באַשאַף.

די איבעריקע נומערן פון דער פּראָגראַם, אויסגעפירט פון די פּוילישע
שולן, האָט שוין אויסגעזען אומגעלומפּערט און חלשותדיק... אזוי האָבן די
פּוילישע שול־פירער צוגעגרייט אַן עפנטלעכן דערפאַלג פאַר דער יידישער
שול און אַ הונדערט פּראָצענטיקן דורכפאַל פאַר זייערע פּוילישע שולן.
אויף זיי איז גילטיק דער פּסוק: „בור כרה ויחפירהו".

קיין פּרייזן־פאַרטיילונגען — ווי מען האָט פאַרויסגעזאָגט — זיינען ניט פאָרגעקומען, ווייל די אָנפירערס פון דעם יום־טוב וואָלטן קעגן זייער ווילן געמוזט באַשטימען דעם ערשטן פּרייז פאַר דער יידישער שול. און דאָס האָבן זיי ביי זיך ניט געקענט פועלן...

* * *

אונדזער שול איז פּעדאַגאָגיש געשטאַנען אויף אַ הויכער מדרגה און געווען פאַררעכנט ביי דער צענטראַלער יידישער שול־אָרגאַניזאַציע אלס איינע פון אירע מוסטער־שולן. נאָך דעם ווי די צ.י.ש.א.־אינסטרוקטאָרן, פּאָליאַק און ווערעביאווסקי, האָבן באַזוכט אונדזער שול איניקע מאָל און פלעגן אויפקפּאָרן באַגייסטערטע, האָט די צענטראַלע שול־אָרגאַניזאַציע גע־נומען שיקן צו אונדזער שול יונגע לערערינס פון פאַרשיידענע שטעט און שטעטלעך צו פּראַקטיצירן.

פינאַנציעל אָבער איז אונדזער שול שטענדיק געווען הינטערשטעליק. וועלכע יידישע פאָלק־שול אין פּוילן איז ניט געווען איינגעטונקט אין דע־פיציטן? אויסער דעם וואָס דער שכר־לימוד איז געווען אַ נישטיקער, האָט כמעט דער גרעסטער טייל קינדער אין גאַנצן געלערנט אומזיסט. אויך די שטיצע פון דער צ.י.ש.א. איז געווען זייער קליין. דערפאַר אָבער איז דער דראַמאַטישער קרייז שטענדיק געשטאַנען צום דינסט פון דער פאָלק־שול.

אונדזערע לערערס פלעגן אַרבעטן פאַר אַ הונגער־לוין. דער לערער־עלעמענט פון אַלע יידישע פאָלק־שולן איבער גאַנץ פּוילן איז באַשטאַנען פון אידעאַליסטן. גאַנץ אָפט ניט דערעסן, אין צעריסענע שיך און ביליקע קליידער, איז מען געשטאַנען אויפן פּאָסטן און מען האָט געאַרבעט מיט מסירת־נפש. און עס איז קיינמאָל ביי קיינעם ניט געווען די פראַגע וועגן צוריקציען זיך.

ווען עס האָט זיך געהאַנדלט וועגן געהאַלט פאַר די לערער, איז דער פאַרוואַלטער תמיד געווען דער לעצטער אין דער ריי. מיר זיינען שטענדיק געווען אין אַ דעפיציט. די עטלעכע זלאָטעס וואָס פלעגן אריינפאַלן — צי דאָס איז געווען פון שכר־לימוד, צי פון דער צ.י.ש.א., צי פון דער דראַמאַ־טישער סעקציע — איז צום ערשטן געגאַנגען פאַר די לערערס. דער פאַר־וואַלטער איז דאָך געווען אַן אַרטיקער, און זיין יונג ווייבל האָט געהאַט אַ מאַנופאַקטור־געשעפט. איז ווער איז געווען בילכער צו באַקומען דאָס גע־

האַלט? פאַרשטייט זיך — דער לערער אָדער די לערערין! וויפל מאָל פלעג איך קומען מיט אַן אומעטיקער מינע צו מיין ווייב: „פייגעלע, וואָס טוט מען? די לערערינס פעלט היינט אויס צו קויפן אַ פונט פוטער". און פייגעלע פלעגט שוין אַרויסהעלפן. — אַ ברירה האָט זי געהאַט?...

# אויסצוגן פון אַן אַרטיקל, געשריבן פון מיינעם אַ שילער, שמחה רעזניק, אין „ספר־מיר", אונטערן קעפל: מענדל טאַבאַטשניק

מירער פון איצטיקן דור, וואָס האָבן געלעבט אין „דער־מיר" ביז דעם יאָר 1927, אָדער ביז מענדל טאַבאַטשניקס אָפּפאָר קיין דרום־אפריקע, איז שווער זיך פאָרצושטעלן ווי אזוי עס וואָלט אויסגעזען דאָס געזעלשאַפטלעכע לעבן, ווי אויך זייער פּערזענלעך לעבן, אָן מענדלס ביַיזיין און טעטיקייט אין „דער־מיר".

מענדל טאַבאַטשניקס טעטיקייט אויפן געביט פון קולטור און דערציאונג אין „דער־מיר" איז געווען באַקאַנט דער גאַנצער יידישער באַפעלקערונג. אמת, פאַר אַ געוויסן טייל — ניט צום גוטן. נעמלעך, פאַר דעם טייל וואָס האָט פיינט געהאַט פרייהייט פון געדאַנק... (דאָ קומען אויסגערעכנט אַ ריי ביאָגראַפישע נאָציטן).

אין יאָר 1913 איז ער דערשינען אין „דער־מיר", און האָט זיך באַלד אריינגעוואַקסן אין דער מירער יוגנט. ביים אויסברוך פון דער מלחמה אין יאָר 1914, נעמט ער זיך ווידער צום לערנען. דאַן האָט ער חתונה מיט פייגל גינזבורג. אין יאָר 1917 שטייט מענדל בראש פון די גרינדער פון דער יידישער פאָלק־שול. די דעמאָלטדיקע לערערס זיינען באַשטאַנען פון סטודענטן, וואָס האָבן געלערנט אין די רוסישע אוניווערסיטעט־צענטערס, און די מלחמה האָט זיי צוריקגעבראַכט צו זייערע היימען. מענדל טאַבאַטשניק איז געוואָרן אַ לערער אין דער שול, אונטער דער לייטונג פון דער באַוווסטער פּעדאַגאָגין בערטאַ דמשק, פירערין פון דער פועלי־ציון פאַרטיי אין „דער־מיר", אַ געבוירענע אין ניעסוויזש. (שפּעטער חתונה געהאַט מיט ד"ר ל. פאָגעלמאַן, רעדאַקטאָר פון „פאָרווערטס", ניו־יאָרק).

שפּעטער איז מענדל געפאָרן קיין וואַרשע אויף לערער־קורסן פון דער

צ.י.ש.אָ. און געענדיקט מיט אויסצייכענונגען. מענדל ווערט דער פּאַרוואַלי־טער פון דער שול, ביז זיין אָפּפאָר קיין דרום־אפריקע.

ווער עס איז געווען אַ שילער אין פאָלק־שול אין יענער צייט, קאָן מיט ווערטער ניט איבערגעבן מענדלס ליבשאַפט און איבערגעגעבנקייט צו די קינדער, און פון די קינדער — צו אים.

אַלס לערער פון יידישער ליטעראַטור פלעגט ער אונדז דערציילן און פאַרלייענען מעשה׳לעך און דערציילונגען פון די ידישע קלאַסיקער, איבער־הויפּט מיט נאַציאָנאַלע און סאָציאַלע מאָטיוון. דערמיט האָט ער אין אונדז איינגעפלאַנצט אַ ליבשאַפט צו דער סביבה, צו אַרבעט און ארבעטער. מענדל איז אַ געוויסע צייט געווען אַ בונדיסט. אָבער מיט זיין היים יידיש־נאַציאָנאַלן האַרץ און מיט זיין נאַטירלעכן דראַנג צו גערעכטיקייט, האָט ער אויפגעוועקט ביי אונדז, קינדער, ווי אויך ביי דער יוגנט, די ציוניסטישע וועלט־אידייע.

זייענדיק אַ באַגאַבטער מוזיקער, איז ער אויך געווען לערער פון גע־זאַנג אין אונדזער שול, און מיט זיין אויסוואַל פון די לידער, וואָס ער האָט מיט אונדז געלערנט, האָט ער ביי אונדז אויפגעוועקט ליבע צו אונדזער פאָלק און זיינע טראַדיציעס. (דאָ רעכנט ער אויס אַ גאַנצע ריי לידער).

דער פּאָליטישער ציוניזם און זיינע פאַרווירקלעכער: פּועלי־ציון, החלוץ און החלוץ־הצעיר, האָט געפונען פאַר זיין זריעה אַ צעאַקערט פעלד, וואָס מענדל טאַבאַטשניק האָט ביי אונדז פאַרזייט...

ווען מענדל טאַבאַטשניק איז געווען פאַרוואַלטער פון דער שול, איז קיין איין קינד ניט ארויסגעשיקט געוואָרן פון שול פאַרן ניט באַצאָלן שכר־לימוד. און שלעכטע צייטן פאַר מירער יידן האָבן ניט אויסגעפעלט. דער פינאַנציעלער יאָך אויסצוהאַלטן דעם לערער־אַנסאמבל, לאָקאַל און לערן־מכשירים, אָן דער שטיצע פון דער רעגירונג און אָן דער שטיצע פון דער יידישער קהילה, איז געפאַלן אויף מענדלס פּלייצעס...

מענדל טאַבאַטשניק, אַלס רעזשיסאָר פון יידישן ליבהאָבער־קרייז, האָט מיט זיינע חברים מיט גרויס דערפאָלג אויסגעפירט פּיעסן פון ערשטראַנ־גיקן ליטעראַרישן ווערט פון יידישע קלאַסיקער און פון דער אַלגעמיינער ליטעראַטור. די הכנסה איז געווען לטובת דער יידישער פאָלק־שול, ווי אויך לטובת אונדזער יידישער שטאָט־ביבליאָטעק.

פון דער פּריסטער יוגנט נאָך האָט שוין מענדל געשפּילט טעאַטער און־

טער דער רעזשי פון באַוווסטן יידישן אַקטיאָר און רעזשיסאָר אין יענער צייט, ה׳ ס. ברין.

נאָך דער רוסישער אָקטאָבער־רעוואָלוציע, ווען די באָלשעוויקעס קו־מען צו דער מאַכט, איז די מירער ליבהאָבער־טרופּע מאָביליזירט געוואָרן צו דער 16טער ארמיי, כדי צו באַדינען קולטורעל די סלוצקער און נאָוואָ־גרודקער קרייזן מיט יידישע פאָרשטעלונגען. נאַטירלעך, מענדל שטייט בראש פון אָט דער מירער טרופּע. אגב, זיינען זיי אויך געווען באפרייט פון צו זיין פראָנט־קעמפער אין דער ארמיי. שפּעטער טרעפט זיך מענדל מיטן באוווסטן רעזשיסאָר דוד הערמאַן און זיין ווילנער טרופּע, און לערנט אַ סך פון אים.

מענדל טאַבאַטשניק איז אויך דער גרינדער פון דער ספּאָרט־אָרגאַניזאַ־ציע „מכבי״, בראש פון וועלכן עס שטייט ד״ר סקווירסקי. מענדל טאַבאַטש־ניק פאַרנעמט אויך אַ חשובן אָרט בראש פון די אינסטרוקטאָרן און פון ספּאָרט־איבונגען.

אָבער „דער־מיר״ האָט ניט קיין יסודות און צוקונפט פאַר יידישער קולטור־ארבעט אין ברייטערן זין פון וואָרט — און מענדל וויל פאַרלאָזן „דער־מיר״. ער בעט פון דער מירער אלגעמיינער ציוניסטישער אָרגאַניזאַ־ציע אַ סערטיפיקאַט עולה צו זיין קיין ארץ־ישראל, אָבער מען זאָגט אים אָפּ. לית ברירה עמיגרירט ער קיין דרום אפריקע. אין יאָהאַנעסבורג פאַר־נעמט ער זיך מיט שפּילן טעאַטער, רעזשיסירט פּיעסן מיט ליבהאָבער־קרייזן. פירט אויך אָן מיט דער יידישער פאָלקס־שול אין יאָהאַנעסבורג. שפּעטער ווערט ער אַן אונטערנעמער אין דער בוי־אינדוסטריע. גלייכצייטיק פאַרנעמט ער זיך אויך מיט ליטעראַרישער טעטיקייט: ער לייענט פאַר לעקציעס, טרעט אָפּט ארויס אויף קאָנצערטן פון וואָרט און געזאַנג. ער איז אויך אַ מיטאַרבעטער אין פאַרשיידענע צייטונגען און זשורנאַלן אין דרום־אפריקע.

מענדל טאַבאַטשניק האָט איינציקע מאָל באַזוכט ישראל און איז זייער באַגייסטערט פון דאָרטיקן אויפבוי און אנטוויקלונג. כה לחי!

# איך גרייט זיך צו עמיגרירן

די עקאָנאָמישע לאַגע פון די יידן אין פוילן האָט גענומען ווערן ערגער פון טאָג־צו־טאָג. גראָבסקיס שטייערן האָבן פולשטענדיק רואינירט די עקאָנאָמישע פּאָזיציעס פון דעם מיטלשטאַנד, ווי אויך פון דעם באַלמעלאָכע. עס איז געוואָרן אַ בהלה. מען האָט גענומען לויפן פון פוילן ווּהין עס האָט זיך נאָר געלאָזט: קיין פּאַלעסטינע, דרום־אמעריקע, קאַנאַדע און דרום־אפריקע. די גאַנצע עקאָנאָמישע עקסיסטענץ פון די יידן האָט זיך גענומען וואַקלען און בתוכם — אויך אונדזער שול.

איך האָב אויך גענומען טראַכטן און מאַכן פּלענער וועגן עמיגרירן. איך האָב געפילט בחוש, אַז אין דער אנטיסעמיטישער אַטמאָספער פון פוילן איז קיין צוקונפט ניטאָ פאַרן יינגערן יידישן דור. איך האָב גענומען טראַכטן וועגן מיינע דריי קליינע קינדער, וואָס קען ווערן פון זיי ווען זיי וועלן אויס־וואַקסן? צו קיין העכערע בילדונג לאָזט מען קיין יידיש קינד ניט צו. וועגן

אַ פּאַך און מסחר קען מען שוין ביי די היינטיקע באַדינגונגען אויך ניט טראַכטן. איך האָב פעסט באַשלאָסן צו פאַרלאָזן פּוילן.

די מיטגלידער פון מיין משפחה, וועלכע האָבן אויסגעוואַנדערט נאָך פאַר דער ערשטער וועלט־מלחמה, האָבן זיך געפונען אין די פאַראייניקטע־שטאַטן. אָבער קיין אַמעריקע איז געווען אוממעגלעך זיך צו דערשלאָגן צוליב דער קוואָטע. צו ערשט האָב איך מיינע אויגן געווענדעט צו פּאַלעסטינע. אָבער אויך דאָ זיינען געווען שוועריקייטן. מען האָט דאַן געדאַרפט האָבן אַ סערטיפיקאַט אַריינצוקומען אין לאַנד, און דאָס אַרויסגעבן סערטיפיקאַטן איז געלעגן אין די הענט פון דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע. אַזוי ווי איך בין געווען אַן אויסגעשפּראָכענער יידישיסט — עפּעס אַ קלייניקייט! דער פאַרוואַלטער פון דער מירער יידישער פאָלק־שול! — האָט זיך דער ציוניסטישער ועד פאַר מיר זייער געשראָקן: גאָט ווייס, איך וועל נאָך אין פּאַלעסטינע איינפירן יידישיזם און עס וועט חס־וחלילה ווערן אויס מיט העברעאיש! מען האָט מיך דעם סערטיפיקאַט אָפּגעזאָגט, ניט געקוקט אויף דעם וואָס אין ועד זיינען געווען מיינע פּערזענלעכע פריינד.

איך האָב גענומען טראַכטן וועגן אַן אַנדער „מקום־מקלט“. איך האָב גענומען שרייבן בריוו צו באַקאַנטע אין דרום־אַפריקע, וועלכע האָבן גלייך נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה זיך דאָרט באַזעצט, און וועלכע האָבן מיך גוט געקענט.

ס׳האָט לאַנג ניט גענומען און איך האָב באַקומען זייער אויפמונטערנדיקע בריוו, אַז איך וועל אין דרום אַפריקע ניט פאַרלאָרן גיין, אַז דאָס לאַנד נייטיקט זיך אין אַזעלכע מענטשן ווי איך, און טאַקע נאָך אַ קורצן יישוב־הדעת האָב איך באַשלאָסן: איך פאָר קיין אַפריקע!...

איך האָב גענומען פירן אַן אָפטע קאָרעספּאָנדענץ מיט מיינע אַמאָליקע חברים און גוטע פריינד, וועלכע האָבן געלעבט אין יאָהאַנעסבורג: מיט חזן אידל קאַמינער ע״ה און מיט מיין געוועזענעם סופליאָר פון אונדזער דראַמאַטישן קרייז, חיים פּאָרטנוי, וועלכער האָט מיר טאַקע אַרויסגעשיקט אַן אַרויספאָדערונג, אַז ער נעמט מיך אַריבער אויף זיין פאַראַנטוואָרטלעכקייט קיין דרום אַפריקע. איך האָב זיך גענומען גרייטן אין וועג אַריין.

# איך געזעגן זיך מיטן פירשט

איך האָב געפונען פאַר מיין חוב צו געזעגענען זיך מיט מיין פריינד, דעם פירשט סוויאַטאָפּאָלק־מירסקי. ווען איך בין געקומען אין פּאַלאַץ האָבן מיר די באַדינערס זייער פיין אויפגענומען. דער פירשט האָט זיך זייער דערפרייט מיט מיר און דערוויסנדיק זיך אז איך פאַרלאָז פוילן און פאָר קיין דרום אפריקע, האָט ער אויף דעם באַמערקט:

„דאָס וואָס דו פאַרלאָזט פוילן, טוסטו ניט קיין נאַרישקייט. דאָ איז פאַר אייך יידן קיין צוקונפט ניטאָ, איבערהויפּט פאַר דיינע דריי יונגע קינדערלעך. אָבער דיין אויסוואַל צו פאָרן קיין דרום־אפריקע איז, לויט מיין מיינונג, ניט פון די בעסטע. ווייל...״ דאָ האָט ער איבערגעריסן און זיך פאַרטראַכט. „אין דרום אפריקע איז אויך ניטאָ קיין זיכערע צוקונפט פאר אייך. אין דרום אפריקע, לויט מיין מיינונג, וועלן אין משך פון ארום פערציק יאָר פאַרקומען אומרוען און פּילייכט שחיטות. איך מיין ניט קיין אנטי־סעמיטישע אומרוען — נאָר ראַסן־אומרוען. די שוואַרצע וועלן ארויסטרעטן קעגן דער ווייסער הערשאַפט, און דאָס קען אמאָל ברענגען צו שחיטות.

„אָבער, ווי איך פאַרשטיי איז עס דאָך ביי דיר שוין אַ באַשלאָסענע זאַך. דאָס איינציקע וואָס איך קען דיר ווינטשן איז אַ סך גליק!״ ער האָט ארויסגענומען פון זיין קעשענע אַ גאָלדן 20 רובלדיקע מטבע און האָט דאָס מיר געגעבן. אויף אַ פּאַפּיר האָט ער אָנגעשריבן עפּעס אין ענגליש, האָט עס מיר געגעבן און געזאָגט: „אויב דיר וועט זיין גוט אויפן האַרצן און דו וועסט זיך אָן מיר דערמאָנען, קויף פאַר מיר דאָס דאָזיקע בוך וואָס דער נאָמען איז אָנגעשריבן אויפן פּאַפּיר. דאָס בוך רופט זיך: דהי היסטאָרי אָוו סאַאוטה אפריקא — די געשיכטע פון דרום אפריקע. דאָס בוך דאַרף קאָסטן אומגעפער אַן ערך איייניקע שילינגס. שיק דאָס מיר אָפּ מיט אַ פּאָר ווערטער ווי אַזוי דיר גייט אין דעם נייעם לאַנד וואָס דו האָסט באַשלאָסן צו מאַכן פאַר דיין היים. דאָס רעשט פונעם געלט נעם פאַר זיך אַלס מתנה פון מיר צו דיין אָפּפאָר״.

ער האָט מיך געדריקט די האַנט און געווונטשן אַ גליקלעכע רייזע.

„אייער הויכקייט״, האָב איך געזאָגט מיט אַ געבראָכענער שטים, „איך וועל אייך קיינמאָל, קיינמאָל ניט פאַרגעסן. כל־זמן איך וועל לעבן וועל

איך געדענקען אייער פריינדשאַפט וואָס איר האָט מיר ארויסגעוויזן און די גוטע מעשים וואָס איר האָט פאַר מיר געטאָן. זייט געזונט און גאָט זאָל אייך בענטשן מיט אַ סך לאַנגע און גליקלעכע יאָרן". מיט די לעצטע כחות האָב איך זיך קוים איינגעהאַלטן פון אויסצוברעכן אין אַ געוויין...

דאָס איז געווען דאָס ערשטע מאָל, ווען איך האָב דערפילט אז איך שטיי טאַקע באמת אויפן וועג. אז מיט דעם לאַנד, ווו איך בין געבוירן און דערצויגן געוואָרן, מוז איך זיך אויף אייביק געזעגענען. מיט אַ געבראָכן געמיט האָב איך פאַרלאָזט דעם פּאַלאַץ...

## איך פאַר זיך געזעגענען מיט מיין משפּחה

ראשית, אַ פּאָר ווערטער אין אַלגעמיינע שטריכן וועגן מיין משפּחה:

ווי איר וויסט שוין פון מיינע ערשטע קאַפּיטלען האָב איך פאַרלאָזן מיין געבוירן־שטעטל קלעצק ווען איך בין נאָך געווען זייער יונג. זינט דאַן — ביז איך האָב חתונה געהאַט — פלעג איך נאָך זיין אין קלעצק אַן אָפטער גאַסט, ספּעציעל פאַר די יום־טובים. איך האָב חתונה געהאַט אין סאַמע מיטן פון בירגער־קריג, און קיין איין מיטגליד פון מיין משפּחה, אפילו מיין טאַטע־מאַמע, זיינען ניט בייגעווען אויף דער חתונה. וויפל מיינע מעג־לעכקייטן האָבן מיר דערלויבט פלעג איך זייער אָפט שיקן אהיים עטלעכע רובל. אָבער זינט איך האָב חתונה געהאַט איז אויפגעקומען אויף מיר אַן עול פון פּרנסה, אזוי אז איך האָב זיך ביסלעכוויז אָפּגעפרעמדט און דער־וויטערט פון מיין משפּחה. איייניקע מאָל זיינען מיר, איך מיט מיין ווייב, געקומען צו גאַסט אהיים קיין קלעצק, אָבער דאָס האָט געטראָפן זייער זעלטן.

מיין אייגענע משפּחה האָט גענומען וואַקסן: איין קינד, אַ צווייטע און אַ דריטע קינד. דריי קינדערלעך האָבן שוין מיט זיך פאַרגעשטעלט אַ גאַנ־צע משפּחה. דער עול פון חיונה האָט שטענדיק געמאַטערט. די צייט איז געוואָרן אַלץ שווערער און שווערער, אזוי אז די היים פון טאַטע־מאַטע, ברידער און שוועסטער זיינען אוועקגערוקט געוואָרן אָן אַ זייט.

פון צייט־צו־צייט פלעג איך באַקומען בריוו פון מיין מאַמען, (מיין מאַ־מע האָט אָנגעהאַלטן די קאָרעספּאָנדענץ מיט דער משפּחה), ווו זי פלעגט מיך מיטטיילן די נייעס פון דער היים. פון איינעם אזא בריוו האָב איך זיך דער־וווסט אז דער טאַטע אונדזערער האָט פאַרקויפט זיין הויז און די גאַנצע משפּחה אונדזערע קלייבט זיך אַריבער אין דעם שטעטל לעכוויטש, ניט

ווייט פון באַראַנאָוויטש. די סיבות פונעם אריבערקלייבן זיך זיינען געווען פאָלגענדע:

אונדזער ייִנגסטער ברודער שאַכנע, זייער אַ פּעאיקער, האָט חתונה גע־האַט אין לעכעוויטש מיט אַ גאַנץ פאַרמעגלעכער מיידל. נאָך דער חתונה איז ער אוועקגעפאָרן קיין ווילנע, אָנגעקומען אין אוניווערסיטעט און אין משך פון צוויי יאָר האָט ער געענדיקט פּראָוויזאָר (קעמיסט) מיט אַ גאָלדע־נעם מעדאַל. געקומען אהיים, אין לעכעוויטש, האָט ער צייטווייליק זיך איינ־געאָרדנט אין אַן אַפּטייק.

מיין עלטערער ברודער בערל, דער געוועזענער גימנאַזיע־לערער, איז פאַר די פּאָליאַקן געבליבן אָן אַ „קנעלונג". די פּאָליאַקן האָבן דעם רוסישן אַטעסטאַט ניט אָנערקענט. לויט דער עצה פון מיין ייִנגערן ברודער שאַכנע, דעם פּראָוויזאָר, איז געבליבן אַז אויך בערל זאָל זיך איבערקלייבן קיין לע־כעוויטש און ער, שאַכנע, וועט אויף זיין נאָמען עפענען פאַר אים אַן אַפּטייק און מיט דער צייט וועט ער אים אויסלערנען אָנצופירן מיט דעם. ער וועט אים אויך צוגרייטן צו נעמען אַן עקזאַמען פאַר אַן אַפּטייקער־געהילף, לויט די געזעצן פון דער רעגירונג.

דאָ האָט שוין מיין מיטעלער ברודער לייזער אויך דערזען אַ מעגלעכ־קייט פּטור צו ווערן פון זיין פּראָפעסיע, וואָס האָט אים פאַרמיאוסט דאָס לעבן און האָט אים געגעבן אַ מינדערוועטיקן קאָמפּלעקס. טאַקע צוליב זיין פּראָפעסיע איז זיין לעבן געוואָרן אַ טראַגעדיע...

אַפּנים מיין טאַטן איז עס געגאַנגען אין לעבן אַפּצוראַטעווען — ווי ער פלעגט זיך אויסדריקן — „פון שמד" כאָטש איינעם פון זיינע זין. זיין על־טערער זון איז אוועק „לתרבות־רעה". פון מיר, ווי אויך פון מיין ייִנגערן ברודער שאַכנען האָט ער אויך קיין צו גרויסן נחת ניט געהאַט — אפילו פון דער ווייטנס. ער האָט געוווסט אַז איך „דער־מיר" בין איך אַן אַפּיקורס־גמור. האָט ער זיך אָנגעזעצט אויף אונדזער ברודער לייזער, וואָס פון נאַטור איז ער געווען דער געהאָרכזאַמסטער פון אונדז אַלעמען און איז שטענדיק גוטה געווען צו „פאָלגן דעם טאַטן": ער מז אים מאַכן פאַר אַ שוסטער, גע־מען אים צו זיין וואַרשטאַט. מיט דעם וועט ער זיכער זיין, אַז ער וועט אים פאַרהיטן ער זאָל ניט גיין אין זיינע ברידערס דרכים. ער וועט בלייבן אַ פרומער ייִד... טיילווייז איז עס אים געלונגען.

ווי איך האָב זיך שפּעטער דערוווּסט אין לעכעוויטש, איז ער געוואָרן איינער פון די שענסטע בעלי־תפילות. ווען לייזער פלעגט דאַוונען פאַרן עמוד איז געווען אַ גאַנצער יום־טוב ביי די יידן. אָבער ניט נאָר צום עמוד האָט זיך אונדזער ברודער לייזער אויסגעטויגט, ער איז געווען זייער באַגאַבט אין אַ סך היננזיכטן. ער איז געווען פאַררעכנט פאַר איינעם פון די בעסטע ליבהאָבער־שוישפּילער אין קלעצקער דראַמאַטישן קרייז. ער איז געווען אַ וווּנדערבאַרער מוזיקער און געקענט זייער פיין זינגען. און ווי דער העברעאישער לערער, ה׳ סאַגינאַף, וואָס האָט מיט יאָרן שפּעטער פאַרבראַכט מיט מיר אַן אָוונט אין מיין האָטעל אין בוענאָס־איירעס, האָט מיט באַגייסטערונג מיר דערציילט וועגן זיין חבר און פריינד, מיין ברודער לייזער, וועגן זיינע פעאיקייטן, וועגן זיין נאַטירלעכער אינטעליגענץ וואָס ער האָט פאַרמאָגט, און ווי די אינטעליגענטע קרייזן האָבן אים גערן געהאַט און זיך געחברט מיט אים, ניט געקוקט וואָס ער איז געווען אַ באַלמעלאָכע און זיך פאַרנומען מיט דעם נידעריקסטן פאַך ביי יידן, מיט שוסטעריי, — איז באמת, צוליב זיין קאָמפּלעקס, פאַרלאָרן געגאַנגען אַ טאַלענטירטער יונגערמאַן פאַר דער יידישער קולטור.

מיטן אריבערקלייבן זיך פון קלעצק קיין לעכעוויטש האָט ער דערזען און דערפילט, אז דאָ קען ער איינמאָל פאַר אַלע מאָל פטור ווערן פון זייך פאַך, וואָס ער האָט פון שטענדיק געהאַסט. אזוי איז טאַקע געווען. אין לעכעוויטש האָט ער איפּגעגעבן זיין וואַרשטאַט און, ווי אַ סך אנדערע יידישע יונגעלייט, האָט ער זיך גענומען צום האַנדל און האָט פאַרדינט בעסער ווי פון זיין פאַרהאַסטן פאַך.

ווען די דריי ברידער האָבן זיך אריבערגעקליבן פון קלעצק קיין לעכעוויטש, האָבן שוין במילא אונדזערע טאַטע־מאַמע קיין ברירה ניט געהאַט און אויך געמוזט זיך אריבערקלייבן. זיי האָבן פאַרקויפט דאָס הויז אין קלעצק און געקויפט אַ הויז אין לעכעוויטש און אזוי האָט מיין גאַנצע משפחה זיך אריבערגעצויגן קיין לעכעוויטש.

* * *

מיין שוועסטער עטל האָט געמוזט פאַרלאָזן קלעצק ווי נאָר די רויטע ארמיי האָט גענומען אָפּטרעטן פון יענע ערטער אין ווייס־רוסלאַנד. זי איז גלייך מיט דעם אויסברוך פון דער רעוואָלוציע געוואָרן אַן איבערצייגטע קאָ־

מוניסטקע און איז ניט אָפּגעטראָטן פון אירע פּרינציפּן אויף „אַ קוצו של יוד". זי איז אוועק קיין קיעוו, ווו זי האָט קוואַליפיצירט אַלס לערערין פון אַ קינדער־גאָרטן. אָבער מיט איר האָט פּאַסירט אַן אויסערגעוויינטלעכער עפּיזאָד, וואָס עס איז ווערט פאַרצייכנט צו ווערן:

אין קלעצק האָט זי געהאַט אַ חברטע, מרים, דעם קלעצקער רבס אַ טאָכטער. מרים איז באַווירקט געוואָרן פון מיין שוועסטער און איז אויך אָנגעשטעקט געוואָרן מיט סאָציאַליסטישע אידייען. פאַרן רב איז דאָס קיין צו גרויסער כבוד ניט געווען, האָט ער איר באַצייטנס אוועקגעשיקט קיין אמעריקע. דאָרט האָט מרים געטראָפן דעם קלעצקער דיינס זון, זלמן דאַ־ווידסאָן, אַ זייער אינטעליגענטער בחור און מרים האָט פאַרטראַכט, אז אָט דער בחור זלמן וואָלט געווען אַ פּאַסיקער שידוך פאַר איר חברטע, עטל טאָבאַטשניק. זי איז געווען זיכער, אז ווען זי וועט אויסשרייבן אלע מעלות טובות וואָס זלמן פאַרמאָגט, וועט עטל זיך אָנכאַפּן אָן דעם שידוך. זלמן, אָנקוקנדיק די פאָטאָגראַפיע פון עטלען ווי זי שטייט צוזאַמען מיט מרימען, איז זי אים זייער געפעלן געוואָרן און ער האָט איינגעשטימט צו שיקן איר געלט אויף הוצאות, זי זאָל אריבערקומען קיין קאַנאַדע, ווו מיין מאַמעס צוויי שוועסטערס און שוואָגערס האָבן געלעבט, אַלס דינסט (אַנדערש האָט מען קיין קאַנאַדע ניט געקענט איינוואַנדערן צוליב דער עמיגראַציע־קוואָטע). זלמן וועט דאַן קומען קיין קאַנאַדע זיך טרעפן מיט איר, מען וועט אָפּשטעלן אַ חופּה און ער וועט איר ברענגען קיין אמעריקע, ווי זיין פרוי.

מרים האָט לאַנג ניט געטראַכט און האָט אָנגעשריבן אַ בריוו צו עטלען. דער נוסח, אויף וויפל איך געדענק, איז געווען: „מזל־טוב דיר, עטעלע. דו ביסט אַ כלה געוואָרן!" זי האָט איר אויסגעשריבן באַריכות אַלץ וועגן איר פאַרשטייענדיקן חתן... מרים האָט אָבער ניט געוווּסט, אז פאַר דער צייט וואָס זי איז אוועק פון קלעצק האָט זיך מיט דער רעוואָלוציע אַלץ געביטן. די מענטשן האָבן זייערע אידייען און זייער קוק אויפן לעבן געביטן. און ווען מיין שוועסטער עטל, די פאַרקאָכטע און איבערצייגטע קאָמוניסטקע, אין רעכטן ברען פון דער רעוואָלוציע, אין רעכטן אָנהייב פון איבערבויען די וועלט אויף נייע פאַנטאַסטישע יסודות, האָט דערהאַלטן דאָס בריוו און האָט זיך באַקענט מיטן אינהאַלט, האָט זי זיך אויסגעלאַכט... זי, אזא רעוואָ־לוציאָנערקע, וועט איבערלאָזן די רעוואָלוציע, זיך אוועקלאָזן צו דער קאַ־פּיטאַליסטישער אמעריקע און חתונה האָבן דאָרט מיט... כ'וויס ווען, מיט

אַ דיינס אַ זון, מסתמא נאָך אַ רעאַקציאָנער? ס׳איז ניט קיין שידוך פאַר איר. „ס׳איז ניט איר ציג און ניט איר חנוכה־ליכט!״...

מיין מאַמע איז געווען אויסער זיך... סטייטש, אזא גליק ארויסלאָזן פון האַנט? און עטל, אַן עלטערע מיידל שוין — אויב ניט איצט וועט זי זיכער פאַרזעסן ווערן... זי האָט זיך געווענדעט צו מיר, אז איך זאָל איר אָנשרייבן אַ בריוו, אויפקלערן איר, אַפּעלירן צו איר אין נאָמען פון דער גאַנצער משפּחה. פון די בריוו וואָס זי פלעגט פון מיר באַקומען, האָט מיין מאַמע גע־טראַכט, אז איך בין אַן אמתער שרייבער. אגב, האָט מען שוין ביי אונדז אין דער היים געוווסט, אז איך זינדיק אונטער מיט דער פען... צו יענער צייט האָב איך זיך שוין געדרוקט אין קינדער־זשורנאַל די „גרינינקע ביימעלעך״ און האָב שוין געהאַט אויף מיין חשבון איניקע פּעדאַגאָגישע ארטיקלען אין זשורנאַל „שול און היים״ פון דער צ.י.ש.א., וואָס איז ארויס פאַר עלטערן.

צי מיין בריוו האָט געווירקט אויף איר, צי אפשר זיינען געווען אנדערע סיבות — אין אַ קורצער צייט ארום האָב איך באַקומען אַ בריוו טאַקע פון מיין שוועסטער עטלען אליין, אז זי פאַרלאָזט רוסלאַנד און פאָרט קיין קאַנאַ־דע. זי וועט דעם און דעם טאָג זיין אין דאַנציג אויפן וועג קיין אַמעריקע. אפשר קען איך קומען קיין דאַנציג זיך טרעפן מיט איר?... פאַר מיר איז געווען אוממעגלעך איבערצולאָזן מיין היים, די שול און מאַכן אזא לאַנגע רייזע. פאַר אַ לאַנגער צייט האָב איך פון איר ניט געהערט. שפּע־טער, שוין זייענדיק אין אפריקע, האָב איך באַקומען פון איר אַ בריוו פון ניו־יאָרק, אין וועלכן זי האָט מיר אויסגעשריבן באריכות וואָס עס האָט מיט איר געטראָפן.

זי איז געקומען קיין קאַנאַדע אלס אַ „דינסט״ צו מיינעם אַ פעטער. איר חתן, זלמן דאַווידסאָן, איז געקומען פון ניו־יאָרק, מען האָט געשטעלט אַ חופּה כדת משה וישראל און זיי לעבןביידע גליקלעך אין אמעריקע. זי איז פאַרבליבן די זעלבע איבערצייגטע קאָמוניסטקע, און איר מאַן זלמן לעבט זיך מיט זיינע יושרדיקע פּרינציפּן. צו זייער גליקלעכן צוזאַמענלעבן האָט עס גאָרניט געשאַדט...

וועגן מיין שוועסטער עטל וועל איך זיך נאָך מוזן אומקערן אין מיין צווייטן טייל זיכרונות, ווו איך וועל שרייבן וועגן מיינע באַזוכן קיין אַמע־ריקע. באַקענענדיק מיין משפּחה, קער איך זיך אום קיין לעכעוויטש זיך געזעגענען מיט אַלעמען אידער איך פאָר קיין דרום־אפריקע.

# איך געפין מיין מאַמע אויפן טויטן־בעט

מיין משפחה האָט געוווסט אז איך דאַרף אָנקומען קיין לעכעוויטש פרייטיק פרי, זייך איבער שבת און גלייך זונטיק פאָרן צוריק אהיים. ווייל אין אַ וואָך ארום האָב איך שוין געדאַרפט פאַרלאָזן מיין היים אויף דער לאַנגער נסיעה קיין דרום אפריקע.

ווען דער באַן האָט זיך אָפּגעשטעלט אין באַראַנאָוויטש, האָב איך דער־הערט מען רופט מיין נאָמען. מען האָט מיך איבערגעגעבן אַ גרויסע פלאַש, אָנגעפילט מיט זויער־שטאָף.

„נעמט עס מיט, מען מוז עס גלייך האָבן אין אייער משפחה!"

איך בין געזעסן אין וואַגאָן אַ צעטומלטער מיטן זויער־שטאָף אין מיינע הענט און זיך ניט געקענט דערטראַכטן וואָס דאָ איז געשען און פאַר וועמען איז דאָס זויער־שטאָף ?...

מיט קלאַפּעניש אין האַרצן בין איך אריין אין הויף, ווו מיינע עלטערן האָבן געלעבט. מיין גאַנצע משפחה איז דאָרט געווען פאַרזאַמלט. אַ געוויין האָט מיך באַגעגנט פון הויז ארויס, וואָס האָט פאַריאָמערט דעם גאַנצן הויף. איך האָב דערוואוסט דאָס ערגסטע.

איך האָב דערזען מיינע ברידער, זייערע ווייבער, מיין טאַטן — אַלע באַגאָסענע מיט טרערן. אָן ווערטער בין איך האַסטיק אריינגעלאָפן אין צי־מער ווו מיין מאַמע איז געלעגן און געגוססט... זי האָט מיך דערקענט. זי האָט אויפגעעפנט ברייטער אירע האַלב־פאַרמאַכטע אויגן און — וווּנדער: אַ שמייכל האָט זיך באַוויזן אויף איר געל־פאַרמעטענעם פנים. זי האָט אויסגעשטרעקט איר האַנט צו מיר. איך בין צוגעפאַלן צו איר בעט מיט אַ שטילן געוויין. זי שטרענגט זיך אָן און גלעט מיר מיינע האָר... און אזוי ווי איך וואָלט איר אויף אַ קורצער צייט געזונט געבראַכט, האָט זי אָנגע־הייבן ריידן צו מיר, קוים פאַרשטענדלעך, ניט אָפּלאָזנדיק מיר: „דו ביסט געקומען זיך געזעגענען מיט דער מאַמען אידער זי פאַרלאָזט די וועלט? אמת, מיין זון? דאָס איז דאָך געווען מיין איינציקע בקשה צו גאָט, איך זאָל דיר נאָך זען אידער איך שטאַרב... גאָט האָט צוגעהערט מיין געבעט... איצט, אז איך זע דיר, קען איך שוין רואיק שטאַרבן"... זי האָט אָפּגעכאַפּט דעם אָטעם, געקוקט אויף מיר און טרערן האָבן זיך געגאָסן פון אירע אויגן.

זי האָט זיך מיט אירע לעצטע כחות און מיט אירע שוואַכע הענט איינגע־קלאַמערט אין מיר...

מיין ברודער שאַכנע איז פּאַרטיק געוואָרן מיטן זויער־שטאָף און האָט עס איינגעריכטעט צו איר פּנים. ס'האָט לאַנג ניט גענומען און זי האָט גע־נומען אָטעמען פרייער און לייכטער. אויך דאָס ריידן איר איר געוואָרן גרינגער.

„זיץ נעבן מיר, מיין קינד, רייד צו מיר. ביסט דאָך אזוי ווייט און אָפּ־געפרעמדט פון אונדז. דערצייל וואָס מאַכט פייגעלע און וואָס מאַכן דיינע קינדערלעך?... מחשבותן... דו פאָרסט קיין אפריקע? ווי קענסטו דאָס איבערלאָזן אזא שיינע, יונגע ווייב און אזוינע ברילאַנטענע קינדערלעך און זיך אוועקלאָזן אין אזא ווייטן וועג אריין — צו קיינעם ניט. דו האָסט דאָך קיינעם ניט דאָרט. ניט קיין קרוב און ניט קיין גואל!...""

„מאַמע"... האָב איך געוואָלט עפּעס זאָגן און ניט געקענט.

„איך פאַרשטיי מיין קינד, מסתמא דארף דאָך זיין אזוי. מסתמא האָט איר דאָך דעם ענין גוט דורכגעטראַכט. טאָ זאָל דיר גאָט מצליח זיין. ער זאָל זיין מיט דיר ווו דו וועסט זיך קערן און ווענדן... נו, און דיין פייגעלע איז מסכים? און אז זי איז מסכים, ווייס זי דאָך וואָס זי טוט... זי איז דאָך אזא חכמה!.."

מיין טאַטע, מיינע ברידער און די שוועגערינס זיינען געשטאַנען אין צימער, געקוקט אויף איר, אויף מיר און געווישט די טרערן. אָבער דאָס זיינען שוין געווען טרערן מער פון פרייד. זיי האָבן שוין דער מאַמען לאַנג ניט געהערט אזוי פריי און ביים פולן זינען ריידן.

צי דאָס זויער־שטאָף האָט איר געבראַכט די פאַרבעסערונג, צי מיין קו־מען, אָבער די שטימונג ביי אַלעמען אין שטוב האָט אַ ביסל דערוויטערט דעם טויט וואָס האָט געהערשט ביז מיין קומען. אַ שטראַל פון האָפענונג האָט זיך דערפילט אין הויז און דאָס האָט אזוי אָנגעהאַלטן ביז נאָענט צו ליכט־בענטשן. איך האָב דעם גאַנצן טאָג ניט אָפּגעטראָטן פון איר בעט און פון מיינע הענט האָט זי זיך באַמיט צו נעמען די ביטערע רפואות, וואָס דער דאָקטאָר האָט איר פאַרשריבן.

פּלוצלונג האָט זי צוגערופן מיינע דריי ברידער — אַלעמען מיט די נעמען — און מיט די לעצטע כחות האָט זי יעדערן באַזונדער געבעטן, זיי זאָלן זאָגן קדיש נאָך איר. מיך האָט זי אויסגעלאָזן...

„פאַרוואָס בעטסטו ניט מענדלען?" האָט דער טאַטע וויינענדיק איר געפּרעגט.

„מענדלען וויל איך ניט בעטן... ער וועט דאָך מיר ניט אָפּזאָגן, ווען איך וועל אים בעטן. אָבער... צי וועט ער קאָנען דערפילן מיין בקשה? ער פאָרט דאָך אין אזא וויטן וועג, אין אַ וויטן פרעמדן לאַנד — וועט ער קענען האַלטן זיין צוזאָג? ניין, מענדעלע, דיך באַפריי איך פון קדיש זאָגן!... זעט", איר שטימע איז שוואַכער געוואָרן, „גייט עסט אָפּ אידער עס ווערט שפּעט... ליכט־בענטשן וועל איך שוין ניט קענען!..." מיין טאַטע און מיינע ברידער האָבן וויינענדיק פאַרלאָזן דאָס צימער. זיי האָבן ניט געקענט צוזען ווי זייער נאָענטסטער מענטש פאַרלאָזט זיי און גייט אוועק אין דער אייביקייט מיטן פולן באַוווסטזיין.

איך בין פאַרבליבן ביי איר בעט ביז איר לעצטן אָטעם־צוג... ריידן האָט זי שוין מער ניט געקענט, נאָר מיט אָפענע אויגן געקוקט אויף מיר און זיך געזעגנט מיט מיר...

„עס איז שבת", זאָגט דער טאַטע, „געשטאָרבן ווי אַ צדיקת... אָבער דעם שבת טאָר מען ניט פאַרשטערן..."

די לוויה איז פאָרגעקומען זונטיק. די נושאי־המטה זיינען געווען אירע פיר זין. און דאָס ערשטע מאָל אין מיין לעבן איז מיר אויסגעקומען צו הערן אַ הספד נאָך אַ פרוי. ווען איך האָב שפּעטער געפרעגט מיין עלטערן ברו־דער בערלען: „ווי קומט עס אז מען זאָל מאַכן אַ הספד נאָך אַ פרוי, און דערצו נאָך אין לעכעוויטש, ווו זי האָט געלעבט פאַר אַ קורצער צייט?" האָט ער מיר געענטפערט, אז אין לעכעוויטש איז איר יחוס־אבות זייער באַוווסט. אין לעכעוויטש זיינען די צדיקים — די שמידן — איר זיידע, ר' שאַכנע איר פאָטער, ר' לייזער און איר ברודער ר' יואל־חנן געווען מער באַוווסט ווי אין קלעצק. און צוליב דעם כבוד פון אזעלכע צדיקים און צוליב אירע אייגענע מעשים־טובים, וואָס זי פלעגט שטענדיק איר אָרעמען ביסן זיך טיילן מיט הונגעריקע, האָט זי כשר פאַרדינט דעם הספד.

* * *

נאָך מיין געזעגענען זיך מיט מיין משפחה, מיט אונדזער שטעטל — אָנהייב 1927 — איז די יידישע פאָלק־שול אין „דער־מיר" געשלאָסן גע־וואָרן. אונדזערע קינדערלעך זיינען געבליבן זיצן אין זייערע אָרעמע היי־מען, בענקענדיק נאָך זייער צווייטער היים, זייער באַליבטער פאָלק־שול,

ווו זיי פלעגן אויסער לערנען זיך אויך אויסלעבן דעם גאַנצן טאָג מיט שפּיל, געזאַנג און אָפטע פאַרשטעלונגען.

די מירער יוגנט, אונדזערע אביטורענטן, וואָס זיינען געווען א פּראָדוקט פון אונדזער שול, דערצויגענע און אויפגעהאָדעוועטע אין דער יידישער פאָלק־שול, האָבן אָבער ניט געררוט. זיי האָבן ביי זיך ניט געקאָנט פועלן, אז זייערע ברידערלעך און שוועסטערלעך זאָלן וואַקסן אָן אַ וועלטלעכער דערציאונג. דעריבער איז צוריק עפענען די פאָלק־שול געוואָרן זייער שטאַרקסטער פאַרלאַנג.

אָבער ווו זיי האָבן זיך אַ קער געטאָן האָבן זיי זיך אָנגעשטויסן אויף גרויסע שוועריקייטן. דער געוועזענער שול־לאָקאַל איז שוין געווען אָקו־פּירט. די שול־מעבל האָבן זיך ארומגעוואַלגערט. דער איינציקער פאַסיקער לאָקאַל פאַר עפענען צוריק די שול איז געווען די געביידע פון דעם געוועזענעם שפּיטאָל. אָבער די געביידע האָט געהערט צו קהל און אונדזערע קהלשע מנהיגים האָבן זיך דווקא געפרייט ווען די שול איז פאַרמאַכט גע־וואָרן. זיי האָבן פאַר קיין פאַל ניט דערלאָזן, אז דער לאָקאַל זאָל פאַרנומען ווערן פאַר דער יידישער פאָלקס־שול.

עס איז אָנגעגאַנגען אַ לאַנגער און ביטערער קאַמף. ביידע צדדים האָבן זיך, צום באַדויערן, באַנוצט מיט די ערגסטע ניט פאַסיקע מיטלען. די גע־וועזענע שילער און אַביטורענטן פון דער יידישער פאָלק־שול האָבן געפירט דעם קאַמף מיט די פירער פון דער ישיבה און תלמוד־תורה, ביז אין איין פינצטערער נאַכט האָט אונדזער יוגנט באַזעצט דעם לאָקאַל מיט געוואַלד.

מען האָט אין מיטן דער נאַכט אויף פורן און אויף די פּלייצעס איבער־געפירט די שול־בענק און אַלע שול־מכשירים. די בענק האָבן געדינט פאַר בעטן צו שלאָפן ביינאַכט, און פאַר לערן־בענק — בייטאָג. די שול איז מיט כוח צוריק געעפנט געוואָרן און די ליכטיקע זון האָט ווידער אויפגעשיינט פאַר אונדזערע קינדערלעך. ביזן אויסברוך פון דער צווייטער וועלט־מלחמה איז די שול, אַ דאַנק דעם שרייבער פון די שורות, געווען אויפן ערשטן אָרט פון שטיצע ביי דער מינסקער סאָסייטי און ביי דעם מירער קאָמיטעט אין יאָהאַנעסבורג.

מיטן אונטערגאַנג פון אונדזער שטעטל זיינען אויך אונדזערע „יונגע בלימעלעך" מערדערלעך צעטראָטן געוואָרן...

ביכער פון מענדל טאַבאַטשניק:

„מענטש און זיין ארום״ — לידער און פּאָעמעס — 1963.

„איך לאַך מיט איך צו 70״ — הומאָריסטישע דערציילונגען — מאָנאָלאָגן — איינאַקטערס — 1965.

„אין שפּעטע שעהן״ — לידער און פּאָעמעס — 1965.

„די נייע הגדה״ — אָפּצוריכטן דעם דריטן סדר — 1967.

„קלמן בולאַן״ (ראָמאַן) — ערשטער בוך — 1969.

„קלמן בולאַן״ (ראָמאַן) — צווייטער בוך — 1970.

„קלמן בולאַן״ (ראָמאַן) — דריטער בוך — 1971.

